ה. לאַנג

# אויף אַמעריקאַנער וועגען

מעשה׳לאך — ערצעהלונגען — באגעגענישען



ארויסגעגעבען פון
פאַרלאַג „וועקער“ פון אידישען סאָציאַליסטישען פאַרבאַנד
175 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.

# אינהאַלטס־פאַרצייכניס

פאָרוואָרט ..................................

I

## מעשה'לאך

פּוידזש

1) ביי די ברעגען פון דעלאַווער ריווער......................10
2) אין די טיפעניש פון די אָרעגאָן־וועלדער...............17
3) אין דער שטילער שטעטעל קוויטענהיל ................26
4) די אָפּגעריסענע האַנד ................................34
5) צווישען די בערג פון „סאַן וואַקין וואַללי" ..............41
6) אין קעסעל־גרוב פון נויאָרק ...........................56
7) ביים צלם ............................................61
8) ביי די וואַסער־פאַלען פון „יאָסעמיטי וואַללי" ...........68
9) אין דער וויסטע פון „מאָהאַווי" ........................77

II

## ערצעהלונגען, סקיצען

10) „פאַדהער שעפּאַרד" ..................................91
11) די פאַמיליע ראַדזשערס ..............................103
12) „גוד אָלד פרענק" ..................................116
13) אונטער אַ בייכאַכטיגען הימעל .......................123
14) צוויי קברים .......................................137
15) מארחושי'ם בענקשאַפט ...............................146

16) קריסטשען בוירק מיט זיין טאָכטער ................. 150
17) „טשאַנטשעלאָ“ ................................. 157
18) גלאָקען־קלאַנג ................................. 163
19) „בייבי“ ..................................... 170
20) מיס אָ׳נעיל ................................. 181
21) ער האָט זיך אויפגעהאַנגען ...................... 186
22) „טשאַרלי“ ................................... 196
23) דאָס שטעטעל ................................. 201

## III

## באַגעגענישען, בילדער

24) מיט די קינדער פון אונטער דער ערד .................... 225
25) די קליינע פּעגגי ................................ 234
26) אויף די גאַניקעס פון „ספּראוג היל“ ................. 238
27) די נעכט אין בעקעליי ............................. 242
28) נעהנטער צו גאָט ................................. 244
29) קענטאָקי׳ר הינט ................................. 260
30) דער „פאַרברעכער“ ................................ 266
31) די „גרעגד אָלד ליידי“ ............................ 269
32) „טעררי דער לעקטשורער“ ........................... 272
33) געלע פייערלאַך .................................. 276
34) אַן אַרמיי ...................................... 279
35) „עדי“ .......................................... 289

# פאָרוואָרט

דאָס בוך „אויף אַמעריקאַנער וועגען“ איז אַ זאַמלונג פון געקליבענע שריפטען, וועלכע זיינען כמעט אַלע ערשינען אין די זונטאַג־אויסגאַבען פון „פאָרווערטס“ אין די יאָהרען 1919-1922. ניט אַלע האָבען געטראָגען דעם פאַרפאַסער'ס נאָמען;— איך האָב פאַר אַ טייל פון זיי באַנוצט דעם פסעוודאָנים „הענרי ל. סמיט“. ביים צוזאַמענשטעלען דאָס בוך האָב איך פּרובירט ארויסנעהמען דעם צייטונגס־כאַראַקטער, וואָס איז אין זיי געווען, און ספּעציעל די ערצעהלונגען האָב איך פיעל געענדערט. און אויב מאַנכע קלינגען נאָך ווי „סענזאַציאָנעלע באַשרייבונגען“, איז דאָס דערפאַר, ווייל אַזוי איז דער כאַראַקטער פונ'ם אַמעריקאַנישען יוניאָן־לעבען.

דער שרייבער האָט זיך גערעכענט מיט'ן פאַקט, וואָס דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דעם ארבייטער קאַמף אין אַמעריקא, אינ'ם קאַמף דורך די יוניאָנס, איז — וואָס ער איז מעהרער *אינדיווידועל*, ווי *סאָציאַל*; מעהרער *פערזענליך*, ווי אַן אומרוה פון אַ *גלייך־מאַרשירענדען קלאַס*; מעהרער דורכגעפלאָכטען מיט *לעבענס־דראַמען* פון מענשען, ווי מיט אַ *פאַנטאַסטישער בענקשאַפט* נאָך אַ ווייט־ווייטען ציעל. „קאַפּיטאַליזם אָדער ניט־קאַפּיטאַליזם, סאָציאַליזם אַנשטאַט קאַפּיטאַליזם, איז אַן ענין פון שטופּענווייזער ענטוויקלונג; דערווייל האָבען מיר צו טהאָן מיט'ן *קאַפּיטאַליסט*“ — דאָס איז דער שטומער געדאַנק, וואָס טראָגט זיך פאַרלויפיג איבער די אַמעריקאַנער ארבייטער פון דור צו דור. דאָס איז אויך, אין אַ פאַרקעהרטער פאָרם, דער טונקעלער באַוואוסטזיין, אונטער וועלכען עס געפינט זיך דער ארבייטס־געבער, דער פאַבריקאַנט, דער מאַגנאַט און פיהרער פון אינדוסטריען. „אינדוסטריעלע ענטוויקלונג, אינדוסטרי אַלס אַ געזעלשאַפטס־נוטצען, דער צוזאַ־

מענשטעל פון צדדים אין אן אינדוסטרי — דאס איז אן עניין פאר טרוימער און טעארעטיקער; איך בין פאראינטערעסירט אין מ י י ן פאבריק, און זארג וועגן מיין פ ר א פ י ט".

און ביי אזא צושטאנד איז, נאטירליך, דער צוזאמענשטויס א שארפער און די מלחמה א טיעף־ברוטאלע.

דער ארבייטער האט זיין פארענטפערונג פאר דעם מאהנער פון יושר: ער קען ניט אנטקעגען־שטעלען דעם ביקס — און דעם רעוואלווער־שאס — דאס געטליכע, דאס הייליג־מענשליכע; זיין פארלאמענטארישע פאדערונג איז שוואך געגען דער מאכט פון׳ם מאכט־האבער; און זיין קרעפץ וועט ניט אפווענדען די „אייזערנע הענטשקע" פון זיין באצווינגער; ע ר איז דער געפייניגטער.

רוהט נאך אויף דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג יענער גייסט פון די „פראנטירען", וועלכע האבען מיט די הענד געריסען אמעריקא׳ס בערג צו פארפלאנצען ציוויליזאציע, און מיט די עלענ־בויגענס זיך געשלאגען מיט ווילדע פריירי־ווינטען, ביז זיי האבען צו די בערג דערקלעטערט.

און ניט קיין אנדערער, ווי סעמועל גאמפערס, וועמענס לעבען עס האט פאר עטליכע דורות פארנומען דעם אומרוה פון דער אינ־דוסטריעלער מלחמה אין לאנד, האט פאר׳ן שרייבער געקלאגט:

„...און וואו דיין בליק וועט פאלען,
וועט עס זעהן בלוט...
אייזען און בלוט...
ס׳איז א ווילד לעבען, מיין פריינד..."

„...פון אלע וועגען טראגט זיך
א גרויל...
יעדער טראט לאזט איבער
א יאמער...
ס׳איז א ווילדער קאמפף פאר ברויט
און פריי זיין..."

(פון א בריעף, דאטירט דעצ 8, 1921. דיזע און אנדערע ציטאטען פון בריעף און פאר־צייכענטע געשפרעכען מיט אמעריקא׳ס גרוי־סען ארבייטער פיהרער געברויכט דער שריי־בער אלס פאר־ווערטער צו די מעשה׳לאך אין בוך.)

דער אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד אונטערנעהמט, לויט
דעם שרייבער'ס מיינונג, אַ גוטע פּראָפּאַגאַנדאַ־ארבייט מיט'ן צו־
נויפנעהמען די שריפטען און פּובליקירען זיי. דער אידישער לע־
זער, וואָס איז בכלל אַן ארבייטער און אַ יוניאָן־מאַן און אַ גע־
טרייער סאָלדאַט אין'ם אַל־וועלטליכען אַרבייטער קאַמף, דאַרף
און זאָל זעהן די ארבייטער באַוועגונג פון זיין נייעם לאַנד, ניט
נאָר אזוי ווי מען „טעאָרעטיזירט" איבער איהר, נאָר אויך דורך
די לעבענס־דראַמען אַרום איהר, דורך די פּאַסירונגען און פּלוצ־
לונגע אויסברוכען אויף איהרע זייט־וועגלאַך, וואָס זיינען געוועהנ־
ליך פאַרשטעלט פאַר גלייכגילטיגע פאַרבייגעהער. און אויף ווי־
פיעל עס איז פאַר'ן שרייבער אַ פּערזענליכער נחת צו זעהן די
שריפטען צונויפגעזאַמעלט, דאַנקט ער זיינע גענאָסען פון פאַרבאַנד.
דער אייגענאַרטיגער יוניאָן־לעבען אין אַמעריקא מיט זיין
פיהרערשאַפט, פרום־קריסטליכקייט און דאָך שאַרפען אנגריף,
איז אַ גאַנץ באַזונדערע וועלטעל. אריינקוקען אין דער נשמה פון
דיזער וועלטעל איז אַ דאַנקבאַרער פאַרנעם. און דער שרייבער
האָט צו פאַרדאַנקען ס ע מ ו ע ל  ג אָ מ פּ ע ר ס, און ביידענס
פריינדין ל ו ס י  ר אָ ב י נ ס, וועלכע האָבען איהם מעגליך
געמאַכט דאָס צו פּרובירען טהאָן. זיי האָבען פאַר איהם ארויפ־
געצויגען דעם פאָרהאַנג, ער זאָל קענען אריינבליקען אין די טיפ־
סטע ווינקעלאַך, וואו מען לעבט אונטער אבערגלויבענס און לע־
גענדען; ער זאָל קענען אריינגעהן אין פיהרער־שטיבלאַך, וואו מען
וויינט און מען לאַכט; און ער זאָל קענען זעהן סטרייק־דראַמען
אין ערטער, וואָס זיינען געוועהנליך פאַרשטעלט פאַר גאָט און
פאַר לייט. דער שרייבער פיהלט דערפאַר צו זיי אַ טיפע דאַנק־
באַרקייט, און ווידמעט זיי די שריפטען — ווי אַלע חברים ארביי־
טער פיהרער, וועמענס קעפ זיינען אונטער אַן אייביגען האַגעל
פון די שונאים פון דער ארבייטער באַוועגונג. ער איז געווען מיט
זיי אין אַ וועלט, וואו עס איז דאַכט זיך קיין גאָט ניטאָ, און דאָך
דינט מען דאָרטען גאָט אפילו דורך בלוט — — —
אויף וויפיעל עס איז איהם געלונגען אויך מיטצונעהמען אהין
דעם לעזער, בלייבט נאַטירליך צום אורטהייל פון לעזער אליין.

דער פאַרפאַסער.

# ביי די ברעגן פון דעלאווער ריווער

„...און וואו דיין בליק וועט פאלען,
וועט עס זעהן בלוט...
אייזען און בלוט...
ס'איז א ווילד לעבען, מיין פריינד..."

זיינען מיר טאקי וועגן דעם געזעסען און גערעדט.

דאס איז געווען א זונטאג־פארמיטאג אין א ניו יארקער האטעל. עטליכע יוניאן־חברים, וועלכע זיינען געקומען קיין ניו יארק מיט א באשטימטער שליחות פון זייערע ארגאניזאציעס האבען דעם טאג ניט געהאט וואס צו טהאן, האט מען זיך פארקליבען אין „פארלאר־רום" פון האטעל צו בלעטערען די זונטאג־צייטונגען. עס איז אבער געווארען א דיסקוסיע.

בוירד, פון די קאר־לייט, א קורצער, פרעהליכער בחור מיט א פולען ברוינליכען פנים און שווארצע, לאכעדיגע אויגען, האט ניט געקענט פארטראגען די שטילקייט און האט פארפיהרט א דיסקוסיע מיט אניעל'ן פון די פלאמבערס, א מאגערען איירישמאן מיט פלאקסענע האר און א פנים פול מיט זומער־שפרענקלאך. בוירד'ען איז געפעלען געווען א וויץ, וואס ער האט געפונען אין זיין צייטונג; אניעל'ן איז דער וויץ ניט געווען געפעלען; ער האט עס אנגענו־מען פאר א שטאך־ווארט אויף יוניאנס און סטרייקס. און אזוי איז געווארען אן אלגעמיינע דיסקוסיע איבער דעם אייביגען אומרוה אין אמעריקאנישען יוניאן־לעבען.

די דיסקוסיע האט זיך אבער פלוצלונג אפגעהאקט, און עס איז אריינגעטראטען א לאנגווייליגער שטיל־שווייגען. יעדער האט זיך פארטיפט אין זיין זונטאג־צייטונג און געפיהרט א שטילען גע־

שפּרעך מיט זיך אליין. ארום אלעמען האָבען זיך געדרעהט גרויע רויך־רינגעלאך פון רויכערענדע סיגארען.

— איך וואָלט פאָרגעשלאָגען, אז יעדער פון אונז זאָל דערצעה־לען פון זיין שטארקסטער איבערלעבונג אין פארבינדונג מיט אונ־זערע סטרייקס.

אזוי האָט זיך פּלוצלונג אפּגערופען דער הויכער בלאָנדער דזשיימס פון די שיפען־בויער, איבעררייסענדיג די שטילקייט.

בעת דער פריהערדיגער דיסקוסיע האָט דער בלאָנדער דזשיימס געשוויגען. עפּעס איז זיין אויג געפאַלען אויף א שטיקעל נייעס אין צייטונג, וואָס האָט איהם געמאכט אומעטיג. עס האָט אפילו אויסגעזעהן, אז ער איז פאראינטערעסירט אין דער דיסקוסיע איבער בוירד'ס געפונענעם וויץ, און ער האָט מיט אלעמען מיטגע־שמייכעלט, אָבער אין דער אמת'ן איז ער געווען פארזונקען אין דעם איינדרוק, וואָס די שטיקעל נייעס אין צייטונג האָט אויף איהם גע־מאכט.

דזשיימס איז אייגענטליך אלע מאָהל א שווייגער. זיין הויכע, שלאנקע פיגור, די בלאָנדע האָר, די בלויע אויגען, און זיין גאנצער פּנים שאַפט ארום איהם אן אטמאָספערע פון ליכטיגקייט און האַרציגקייט. ער איז אָבער א שווייגער, תמיד מעהר אריינגעטהאָן אין זיך. דערפאר אָבער ווען ער רעדט, הערט מען א וויכען מעלאַ־דישען אפּקלאַנג. ער צעהלט די ווערטער, און יעדער וואָרט קריגט באטאָנונג. ער ער טהוט עס ניט קינסטליך, ער שטרענגט זיך ניט אַן אזוי צו רעדען. אזוי קומט עס ארויס ביי איהם.

זיין פאָרשלאָג איז אלעמען געפעלען געוואָרען. דורך די הויכע האָטעל־פענסטער פון „פּארלאָר־רום" האָבען מיר באמערקט, אז אויפ'ן הימעל קלייבען זיך וואָלקענס. עס וועט, אלזאָ, רעגענען. און אין א זונטאָגדיגען ניו יאָרקער רעגען איז גוט צו פארברענגען אין א חבר'שער געזעלשאַפט. . . .

מיר זיינען אָבער באַשטאנען, אז טאַקי דזשיימס זאָל זיין דער ערשטער צו דערצעהלען. ערשטענס, האָט ער געמאכט דעם פאָר־שלאָג, און צווייטענס, האָט ער א סך דורכגעמאכט און איז

רייך אין ערפאהרונג. ער האָט אנטייל גענומען אין שטורמ־דיגע סטרייקס; פון מאנכע איז ער אליין געווען דער הויפט־פיהרער. מיר האָבען פארשטאנען, אז זיינע א דראמאטישע איבערלעבונג וועט זיין אינטערעסאנט.

דזשיימס האָט זיך ניט געשפארט. עס האָט איהם דאס מאָל געצויגען צו רעדען.

איך האָב זיך איצט דערמאָנט אָן א מערקווירדיגע פאסי־רונג אין א סטרייק, האָט דזשיימס אָנגעהויבען. — איך האָב באמערקט אין צייטונג א שטיקעל נייעס פון יענעם געגענד, וואו די פאסירונג איז פארגעקומען. די גאנצע געשיכטע איז אויפגע־שוואומען אין מיין געדאנק.

מיר האָבען זיך אלע צוגערוקט נעהענטער צו דזשיימס'ן. יעדער פון אונז איז געזעסען אין א וייכען שטוהל פון האָטעל. ווער עס האָט גערויכערט א סיגאר, ווער א פייפ, און דזשיימס האָט דער־צעהלט:

...איהר געדענקט דאָך אלע דעם סטרייק פון די טראנספּאָרט־ארבייטער ביי די ברעגען פון דעלאווער ריווער. איהר ווייסט אבער בלויז, אז ס'איז דאָן געווען א שווערער קאמף, און די ארבייטער האָבען פארלאָרען. אייך איז ווארשיינליך אויך באקאנט, אז אין יענעם סטרייק האָט אימיצער די ארבייטער פארראטען. איהר ווייסט אָבער ניט פון א טיפער טראגעדיע, וואס איז פארבונדען מיט'ן פארראט.

אין יענעם סטרייק איז מיט אונז געווען איינער א מעטהיו, א יונגער בחור'ל, אין גאנצען צוואנציג יאהר אלט. ער איז געווען פון די אקטיווסטע סטרייקער. שטענדיג באגייסטערט, תמיד צופלאמט, יונג, פלינק, אָהן מורא, און ווען די קאמפּאני האָט געבראָכט סטרייק ברעכער, איז ער אלע מאָל געווען דער ערשטער און דער געוואגסטער צו שטערען זיי, אז זיי זאָלען ניט קענען אָנגעהן מיט ארבייט. ער האָט געהאט קלוגע און פלינקע איינ־פאלען פאר דעם.

מעטהיו האָט געוואוינט צוזאמען מיט זיין אלטער מוטער, אן

אלמנה. ער איז געווען ביי איהר דער איינציגער. די איבעריגע קינדער, א טאכטער און צוויי זיהן, עלטערע פון מעטהיו'ן, און אויך דער מאן איהרער זיינען געשטארבען פון א קראנקהייט וואס האט זיך פלוצלונג אריינגעכאפט אין יענעם געגענד. זיי זיינען אלע געשטאר־בען אין איין יאהר צייט. איהר קענט זיך שוין פארשטעלען, וואס די אלטע האט דורכגעמאכט. מעטהיו איז איהר געבליבען דער איינ־ציגער טרייסט. זיי האבען געוואוינט אין א קליינער הייזקע, אין א געסעל, ניט ווייט פון „דאק", וואו דער סטרייק איז אנגעגאנגען.

מעטהיו'ס מאמע איז געווען גליקליך, וואס דער זוהן איהרער איז א בראווער העלד אין סטרייק. דער מאן איהרער און די צוויי עלטערע זיהן זיינען אויך געווען יוניאן־לייט. אין מעטהיו'ס צו־פלאמטקייט פאר'ן סטרייק האט די מאמע געזעהן א פארטזעצונג פון איהר מאנ'ס און איהרע פארשטארבענע קינדער'ס לעבענס. דאס וואס מעטהיו איז נאך געווען ביי אונז פיהרער אז „אייגענער", א פארטרויענסווערטער, האט דער מאמען גאר גליקליך געמאכט. יעדען מאהל, וואס מעטהיו פלעגט אוועק פון הויז, פלעגט זי איהם א קוש טהאן אין שטערען, בעטען איהם זיין א „גוד באי", און ווינשען איהם ערפאלג.

דאס, וואס זיי האבען געוואוינט ניט ווייט פון „דאק", איז אונז, די סטרייק־פיהרער, גוט צוניץ געקומען. אונזערע „פיקעטס" פלעגען זיך אפט פארזאמלען ביי זיי. די אלטע גוטע פרוי האט געשטראהלט פון נחת צוליעב דעם. זי איז אויך געווען אריינגע־טאן אין אונזער קאמף. זי פלעגט אונז אויפנעהמען ווי די בעס־טע און שעהנסטע געסט. זי איז געווען מיט אונז הארץ און נשמה. זי האט אויך געטהאן פאר אונז געוויסע סטרייק־ארבייט. זי פלעגט שטילערהייד מאכען א שפאציער ביי די דאקס שפעט ביינאכט צו שפירען, צי מען לאזט אפ שיפען שטילערהייד. אן אלטע פרוי, ווער וועט עס איהר אין עפעס חושד זיין? איז זי געווען מיט אונז נאָ־הענט אויפגעטראגען. געווען די מאמע פון די סטרייקער און ספע־ציעל פון אונז, די אנפיהרער.

איין מאהל האבען מיר אנגעהייבען מערקען, אז עפעס ווייסט

מען אין דער קאמפאני אלע אונזערע פלענער, נאר איידער מיר פיהרען זיי דורך. און זיי ווייסען עס מיט איינצעלהייטען. ערגעץ־וואו אין מח האט זיך פאר׳גנב׳עט א חשד, אז צווישען אונז מוז זיך ארומדרעהען א שפיאן, און מיר זיינען געווען אומרוהיג.

ווען צוויי פון אונזערע זיינען איין מאל אין מיטען נאכט דער־שאסען געווארען, דאן ווען זיי זיינען געגאנגען דורכפיהרען געוויסע סטרייק־שליחות, וואס קיינער, אויסער די עטליכע נאהענטע, האט ניט געוואוסט, האבען מיר באשלאסען צו זוכען דעם שפיאן.

און ווער האט געקענט טהאן דיזע ארבייט אם בעסטען? מעטהיו׳ס מאמע!

מיר האבען אויסגעארבייט עטליכע פלענער און איבערגעגעבען איהר זיי דורכצופיהרען.

מיך האט מען באשטימט אפצונעהמען די באריכטען פון איהר. און ווען א שטיקעל צייט איז אוועק, און איך האב פון איהר וועגען דעם ניט געהערט, האב איך איהר איינמאל שטיל א פרעג געטהאן:

— דא עפעס א שפור?...

— וועט מסתמא זיין... — האט זי געענטפערט מיט א צוקרימ־טען שמייכעל אויף איהרע פארעלטערטע ליפען, און געבליבען שטעהן אין מיטען שטוב, ווי א פארלארענע.

ס׳האט מיך וועהטאגדיג א ציה געטהאן אין הארצען.

איך האב איהר מעהר ניט געפרעגט, און ביי זיך אפגעמאכט בכלל וואס ווייניגער צו באלעסטיגען די אלטע פרוי מיט אונזער סטרייק. איך האב זיך געקליבען צו רעדען וועגען דעם מיט מעטהיו׳ן.

דערווייל איז די אלטע געווארען יעדען טאג בלאסער, איינגע־דארטער, צוזאמענגעפאלענער. איהרע פארעלטערטע אויגען זיינען געווארען אזוי ווי פארגליווערט און געגאסען פון זיך קאלטקייט, פראסטיגקייט. און יעדען מאל, ווען מיר פלעגען אריינקומען אין איהרע חדרים׳לאך, פלעגט זי זיך געבען א כאפ ביים קאפ, אזוי ווי

זי וואָלט עס וועלען צוזאַמענהאַלטען און ניט לאָזען פונאנדער־שפּרינגען.

מיר האָבען אנגענומען, אז דאס איז איהר עלטער, און מיר פלעגען זיך אַפּט איבערווינקען:

— די אַלטע וועט זיך באַלד אָפּטראָגען... וויפיעל איז דער שיער צו לעבען?...

וועגען דער שפּיאָנעריי האָבען מיר געהאַט כמעט פארגעסען.

איין מאָהל, שוין אויפ׳ן דריטען חודש פון סטרייק, ווען מעטהיו האָט מיר איבערגעלאָזען אליין מיט זיין מוטער, און איז אַוועק צו די סטרייקער, האָט זי א זאָג געטהאָן, אז איך זאָל בעסער ראַטען אַלעמען זיך אומצוקעהרען צוריק צו די „דזשאָבס".

פריהער האָב איך אָנגענומען, אז זי שפּאַסט. האָט זי עס אָבער ארויסגעזאָגט מיט אזא פיבער און אין אזא פארשטיקטען טאָן, אז איך האָב געזעהן, אז זי מיינט עס ערנסט.

— פארוואָס? — האָב איך געפרעגט און זיך אנגעשטרענגט צו האַלטען זיך גוטמוטיג.

זי האָט אָנגעהויבען שטיל פּרעפּלען, שטאַמלען, און מיט די מאָגערע אַלטע הענט זיך צלמ׳ן אויפ׳ן הארצען, און איז צוזאמענגע־בראָכען...

איך האָב אָנגעהויבען פארשטעהן...

— מעטהיו?! — האָב איך ווילד אויסגעשריען.

— איך וועל איהם אַליין באַשטראָפען — האָט זי זיך גענומען שלאָגען מיט די פויסטען אין קאָפּ — אליין... אליין... וועל איהם אליין באַשטראָפען... אליין... אליין...

אין אַ פּאָר טעג ארום האָבען מיר געהערט, אז מעטהיו האָט זיך דערטרונקען. ארייננעשפּרונגען אין דעלאַווער ריווער...

איך האָב די אַלטע באַזוכט, און זי האָט זיך פּאָר מיר מודה געווען, אז באַגינען, ווען מעטהיו, איהר איינציגער טרייסט אין לעבען, איז נאָך געשלאָפען, איז זי צו איהם צוגעקראָכען מיט א מעסער, איהם שנעל אויפגעוועקט, און געוואָלט איהם שטעכען... איבערשניידען דאס האַלז... זי האָט ניט געקענט... זי אַליין

מעטהיו׳ן שטעכען?... אליין איהר קינד׳ס האַרץ אויפשניידען?...
זי האָט ניט געקענט...

האָט זי איהם דערצעהלט, וואָס זי ווייסט, און אַרויסגעטריבען... אַרויסגעטריבען... און ער איז אַ דערשראָקענער, אַ צומישטער אַוועק...

— און ניט געקענט הפנים דאָס אַליין אַריבערטראָגען, האָט ער שפּעטער זיך אין טייך אַריינגעוואָרפען... — האָט די אַלטע געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

אַ לאַנגע צייט נאָכדעם, האָט די אַלטע יעדען מיטען־נאַכט זיך געשלעפּט צום „דאָק״ פון דעלאַווער ריווער, און געקוקט אין דער ווייטקייט אַריין. זי איז געוואָרען רוהיג, פאַרפאַרען־רוהיג, און אַלץ מעהר אין זיך, און כסדר געפּרעפּעלט מיט די אַלטע ליפּען, און תמיד האָט זי זיך געהאַלטען ביי די ברעגען פון ריווער. נאָר אין אַ לבנה־נאַכט, ווען דער דעלאַווער ריווער זילבערט זיך און די וואַסער־קנייטשען וואַרפען זיך שטיל, ווערט די אַלטע היסטעריש. זי דערמאָנט זיך מסתמא, אַז דאָס איז געווען אַ לבנה נאַכט, ווען זי האָט געטראָפען מעטהיו׳ן ביי זיין פאַררעטערישער אַרבייט, ווערט זי דאַן צומישט, און זי רופט מעטהיו׳ן פון ריווער...

—מעטהיו... מעטהיו...—רופט זי מיט אַן אַלט־יאָמערדיגען קול.

און בלויז די שטילקייט פון דער נאַכט כאַפּט אויף איהר צו־וועהטאָגטען געשריי...

אָט דאָס איז מיין געשיכטע — האָט דזשיימס פאַרענדיגט — די סטרייק־געשיכטע, וואָס איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

מיר זיינען אַלע געבליבען שטיל, פאַרגליווערט אויף אונזערע פּלעצער.

דרויסען האָט געגאָסען אַ רעגען. די זונטאָג׳דיגע שטילקייט אין דער „פּאַרלאָר־רום״ פון האָטעל איז געוואָרען דריקענדער. דזשיימס האָט אָפּגעשאַרט די אַש פון זיין סיגאַר, און זיך פאַרקוקט מיט אַ פּיינליכער נאָגעניש. אין בווירד׳ס לאָכעדיגע אויגען האָט זיך באַוויזען אַ טרעהר און עס איז ביי אונז געבליבען, אַז די נעקסטע געשיכטע מוז דערצעהלען בווירד...

# אין די טיפענישען פון די אָרעגאָן־וועלדער

„...פון אלע וועגען טראָגט זיך
א גרויל...
יעדער טראָט לאָזט איבער
א יאָמער...
ס'איז א ווילדער קאמף פאר ברויט
און פריי זיין...“

אין אונזער געזעלשאפט איז געווען דער אַלטער פּעטה פון די קופּערנע קעסלען־ארבייטער, וועמענס געלבליכער צוקנייטש־טער פּנים האָט שטענדיג א מינע: „אויב איהר ווילט הערען אינטע־רעסאַנטע מעשיות, פרעגט ביי מיר“.

זיינע אויגען האבען שוין טאקי א סך געזעהן.

די גאנצע צייט, וואָס דער הויכער בלאָנדער דזשיימס האָט דערצעהלט פון דעם סטרייק ביים דעלאַווער ריווער, איז פּעטה געזעסען אָן א זייט, די מידע אויגען האַלב־פאַרמאַכט, און לאַנג־זאַם געקייט זיין „טשו־טאַבעקאַ“. אבער, ווען בוירד פון די קאָר־לייט האָט זיך גענומען צו זיין געשיכטע, האָט זיך דער אַלטער פּעטה צונערוקט נעהענטער און אריינגענומען א פרישע שטיק טשו־טאַ־בעקאָ אין מויל. פּעטה האָט געוואוסט, וואָס בוירד וועט דערצעה־לען. ער האָט שוין דאָס איין מאָל פון איהם געהערט, און ער האָט אימער געגארט צו הערען עס נאָך אמאָל.

— אהא, עס קומט... — האָט ער שטיל א ברום געטהאָן, און זיינע אַלטע, שוין ביינערדיגע הענט אין שוים אריינגעטוליעט. זיין גאַנצער אַלטער קערפּעריל האָט זיך צוזאַמענגעדרעהט ווי א שאַרפער וועהטאָג וואָלט אלע זיינע חושים א בריה געטאָן.

די טרער, וואָס האָט זיך באוויזען אין בוירד׳ס לאַכעדיגע אויגען, ווען דזשיימס האָט פאַרענדיגט זיין געשיכטע, איז פּלוצ־לונג פאַרשוואונדען אין דעם אומעטיגען שמייכעל, וואָס האָט איבער זיין פּנים א שוועב געטהאָן. מיר האָבען געמיינט, אַז בוירד פאַנגט שוין אָן. ער האָט אָבער געשוויגען.

— נו, ברודער, שיס! — האָט אַניעל פון די פלאַמבערס מיט א געמאַכטער פרעהליכקייט זיך געווענדעט צו בוירד׳ען — דערלאַנג דיין סחורה...

בוירד איז אָבער געזעסען א פאַרטראַכטער און ווייל־עווייז געשיקט א בליק צום פענסטער פון האָטעל־צימער. די כמורנע, באַרעגענטע גאַס אין דרויסען האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז דער רעגען קלייבט זיך אָנצוהאַלטען פאַר פילע שטונדען.

פּלוצלונג האָט זיך בוירד אויפגעשטעלט פון זיין שטוהל, דורכגעשפּרייזט דעם צימער עטליכע מאָל, ווידער אָנגעצונדען זיין פאַרלאָשענעם סיגאַר, און א פּיהר געטהאָן מיט זיין האַנד איבער׳ן שטערן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט צוטרייבען עפּעס א שווערען דריקענדיגען געדאַנק. די שטילקייט אין צימער איז געוואָרען נאָך שווערער. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז א מאָדנער שאָ־טען קוקט ארויס פון די ווינקלען, שלייכט זיך איבער די ווענט, און וויקעלט זיך ארום דער פּיאַנאָ, וואָס איז געשטאַנען פאַרהילט אין א ווינקעל. קיינער האָט די שטילקייט ניט געוואָלט צושטערען, און ווען אַניעל האָט א ברום געטאָן אויף בוירד׳ען:

— נו, צו וואָס אזעלכע הכנות?...

האָבען אַלע איהם געענטפערט מיט בעס׳דיגע בליקען.

בוירד איז פאַר אונז דאָ איצט געווען אין א נייער ליכט. מיר האָבען איהם געקענט פאַר א פרעהליכען שטיפער; פאַר איינעם, וואָס קען גאָר ניט זיין פאַרטראַכט אפילו. ווער רעדט נאָך זעהן אַן אומעטיגען פּנים ביי איהם? ער רעדט וועגען די שווערסטע ענינים מיט א שמייכעל. זאָגט ער א מיינונג וועגען וואָס עס איז, קען מען קיינמאָל ניט וויסען, צי ער איז ערנסט. צו אַלץ באַציהט ער זיך מיט א וויץ, מיט א שטיפערישער פרעהליכקייט. אַזוי איז

אויך זיין אויסזעהן. תמיד פרעהליך, צאפּעלדיג. די אויגען ברע־נען ביי איהם שטענדיג. די צוויי שורות ווייסע צייהן זיינען אלעמאל פול מיט געלעכטער. דער גאנצער פּנים שטראהלט מיט יוגענד און געוואגטקייט. א לעבעדיגע נשמה.

אָבער איצט האָבען מיר איהם דערזעהן אין א נייער ליכט. א פּחד האָט געיאָגט פון איהם און אַ טיפער אומעט האָט זיך געגאָסען פון זיינע אויגען.

בוירד האָט פאַרשטאַנען, אַז מיר גריבלען זיך איצט אין זיין הארצען.

— אַ, צום טייוועל! — האָט ער אַ קריץ געטאָן מיט די צייהן — עס ברעכט מיך, ווען נאָר איך דערמאָהן זיך אָן דעם.

ער האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט און אונז אַלעמען באַטראַכט.

— איהר רעדט פון שווערע איבערלעבונגען? איהר דערצעהלט פון טראַגעדיעס אַרום אַן אַרבייטער קאַמף? — האָט ער גע־נומען רעדען האסטיג און מיט אַ צוקרימטען שמייכעל — הערט וואָס איך וועל אייך דערצעהלען!...

... דאָס איז געווען מיט אַ יאָהר פינף צוריק. מיין „טשיעף" האָט מיר באַפוילען צו פאָהרען אין אָרעגאָן סטייט, און זעהן, וואָס מען קען טהאָן פאַר אונזערע „באָיעס", די קאַר־לייט, אין די קלע־נערע שטעדטלאך אַרום פּאָרטלאַנד. איך בין דאָרט אָפּגעווען עט־ליכע חדשים, און אזוי ווי מיין אַרבייט איז דאָרטען צוגעגאַנגען לאַנגזאַם, פלעג איך זיך אַרויסכאַפּען פון צייט צו צייט ביי דעם אסטאָריא וואַלד, וואו מען האָט געשניטען בוימער און געבונדען פליטען אויף דעם דערבייאיגען קאָלאָמביא ריווער.

איך האָב ליעב די וואַלד־חברה. די וואַלד־העקער, וועלכע זע־גען די בוימער, שניידען אָפּ די צווייגען און וואַרפען די קלעצער אין טייכען, פון זיי צונויפבינדען פליטען, זיינען גאָר אַנדערע מענשען. וואָס עס טהוט זיך אין די שטעדט אַרט זיי ניט. פון שטאָדט־מענשען לאַכען זיי. און אַז מיר, שטאָדטישע, קומען אַמאָל אַרויס אין די „קעמפּס", וועלכע זיי האָבען פאַזע וואַלד, קוקען זיי אויף אונז מיט חשד. זיי אַרבייטען שווער. איהר קענט זיך פאַר־

שטעלען, וואָס עס מיינט שטעהן א גאַנצען טאָג אונטער די אויגען פון צעהנדליגער אויפפּאַסער און האַקען וואַלד?...

זיי זיינען אבער פרייע פויגלען...

פון אָרגאַניזירען זיי אין יוניאָנס זאָלט איהר ניט טראַכטען. ניט דער עלעמענט פאַר דעם. וואַנדערענדע ארבייטער קענען קיין ארגאַניזאַציאָנס־צאַהמען אויף זיך ניט האַלטען. און די וואַלד־האַקער און פליטען־מאַכער זיינען וואַנדערנדע ארבייטער. ווערען זיי פאַרטיג מיט איין וואַלד, פיהרט מען זיי צו א צווייטען. אזש ניט, וואַרפען זיי זיך גאָר ארויף אויף די פליטען, און לאָזען זיך אוועק מיט די וואַסער־שטראָמען אונטער גאָט'ס פרייען הימעל, צווישען גאָט'ס שטומע בערג און זינגענדיגע וועלדער. א צוטריט צו זיי האָבען נאָר פרייע אגיטאַטאָרס, וואָס וועקען אין זיי אויף לוסט און כעס. קענט איהר טאַקי הערען פון סטרייקס ביי זיי, אבער פון שטענדיגע יוניאָנס — זעלטען.

זייערע וואוינונגען זיינען אין צונויפגעשלאָגענע [illegible]. קומט זיי אמאָל אוים צו ארבייטען אין א וואַלד א לענגערע צייט, פוצען זיי ארום די ביידלעך זייערע מיט אלערליי צווייגען, און די ביידלאַך זעהען אוים ווי וואַלד־שטיבלאַך פון קינדערשע מעשה'לאַך.

איך פלעג ארויסקומען צו זיי זעהר אָפט. איין צייט האָב איך זיך אזוי שטאַרק איינגעג'חבר'ט מיט זיי, אז ביי מיר איז געבליבען אויפצוגעבען מיין יוניאָן־ארבייט און ווערען זייערער א מענש, א וואַלד־העקער...

ס'האָט מיך געצויגען ווערען א וואַלד־מענש. איהר זעהט פאַר זיך שטענדיג א גרויסען ברייטען הימעל און טיפע וועלדער, פול מיט צויבער. די ארומיגע טייכען זיינען אויסגעגאָסען מיט רוהיג־קייט און זיי שפּיגלען. מיך האָט צו דעם געצויגען. דעם קאָלאָמביא ריווער האָט איהר שוין מן־הסתם געזעהן, פאַרבייפאָהרענדיג מיט דער באַהן; אָבער די טייכלאַך, וועלכע גיסען זיך פון איהם אריין אין אַסטאַריא וואַלד — דאָס איז ערשט אמת'ער כשוף...

מיין גרעסטער פאַרגעניגען איז געווען צו שטעהן פריהמאָרגען פאַזע וואַלד, און קוקען ווי איין בוים פאַלט נאָכ'ן צווייטען, ווען

מענשליכע הענט שניידען זיי מיט זעגען און העק. דער קרעכץ פון די פאַלענדע ביימער האָט מיך גערייצט. און אין האַרצען פלעג איך דאַן צו די ביימער רעדען:

„איהר'ט אודאי געמיינט, אז איהר באזיצט א געטליכע קראַפט; קיינער קען אייך ניט בייקומען; אייביג וועט איהר אזוי שטעהן און רעדען צו די הימלען אויף אייער ווילדער וואַלד־שפּראַך; אָט קומען מענשען, קלענער פאר אייך אין וואוקס, אינגער אין יאָהרען, און מיט דעם כח פון זייער שכל באזיגען זיי אייך".

אזוי פלעג איך זיך רייצען מיט די ביימער מיט עפּעס א ווילדער הנאה...

נו, האָט אין אסטאָריא וואַלד אויסגעבראָכען א סטרייק. ביי א טויזענד אַרבייטער זיינען דאַן געווען באַשעפטיגט ביים וואַלד. איבער מיילען ווייט זיינען געוועזען צושפּרייט וואַלד־שניידער, מיט העק און זעגען אין די הענט און טאָג איין, טאָג אויס געשניטען ביימער. פּלוצלונג האָט זיך פארשפּרייט אַן אונצופרידענהייט. אַהן פארזאַמלונגען, אָהן רעדעס האָבען די וואַלד־מענשען זיך צו־זאַמענגערעדט, אז מען זאָל ווארפען די אַרבייט.

פון אלע זייטען וואַלד האָבען זיך גענומען ארויסלאָזען אלערליי פיגורען, מיט פּנים'ער און העלזער אַזוי ווי די קאָרע און מאָך אויף די ביימער. פון די טיעפסטע טיעפעניששען פון אונטער צושויבערטע ביימער זיינען זיי ארויסגעקומען, מיט א קוויטשע־ריי און א געשריי, אז די לופט האָט זיך געשפּאָלטען.

ווער מיט העק אויף די פּלייצעס, און ווער מיט זעגען. ווער פאָכענדיג אין דער לופט מיט א שטריק, און ווער מיט אן אָפּגע־בראָכענעם צווייג. און אָהן רעק—אָרעמס און ברוסטען אָפען פאר'ן הימעל. הויך אין הימעל האָט געברענט די זון, און געצונדען די לופט. ארום די טיעפענישען פון וואַלד האָט זיך פון די נאַקעטע פארשוויצטע און האריגע ברוסטען געריסען א געשריי:

— סטרייק!... הו־הו... ס־ט־ר־י־י־ק! ...

די אויפפּאַסער איבער'ן וואַלד זיינען זיך צולאָפען אין די דער־בייאיגע שטעדטלאַך. אין די שטעדטלאַך ארום האָט מען צוטראָ־

גען קלאנגגען, אז די סטרייקער וועלען די וועלדער אונטערצינדען. אויך די שטעדט וועט מען אונטערצינדען. און מען האט זיך גע־ריכט, אז עס וועלען ארויסקומען מיליטער.

איך בין געקרוינט געוואָרען אלס דער הויפּט־פיהרער, און מען האט מיר צוגעגעבען אן ארויסהעלפער, איינעם א „דזשאָו“.

דזשאָו איז געווען איינער פון די וואלד־העקער, אָבער גאַנץ אַנדערש ווי אלע. ער איז דאָרטען געווען מיט זיין פרוי. און דאָס אליין האט מיר שוין געוויזען, אז ער איז אַנדערש. וואלדהעקער זיינען ניט קיין באווייבטע. מיט די פילע הונדערטער ארביי־טער ביי דעם אסטאַריא וואלד זיינען אפשר געווען א האלב־צעהנדליג ווייבער. און דערפאר זיינען זיי פון אלעמען געשעצט געוואָ־רען. א פרוי, וואס קומט מיט א בוים־שניידער וואוינען אין וואלד אריין, ווערט פון אלע וואלד־מענשען געעהרט. דזשאו'ס פרוי, סעלמא, איז געווען א שעהנינקע ווייבעלע, מיט גרויסע, ברייט־פאנאנדערגעעפּענטע ברוינע אויגען. פאר יעדען האט זי געהאט א ליעבען שמייכעל, און כאָטש זי האט אויסגעקוקט צו זיין א געצערטעלטע, האט זי מיט'ן וואלד־לעבען זיך קיינמאל ניט געוואָלט שיידען. האט זי געלאכט, האט עס אריינגעקלונגען אין וואלד אריין, ווי די לוסטיגע געזאנגען פון א ווילד־פרעהליכען פוי־געל, וואס צוהוליעט זיך אמאהל אויפ'ן קאפּ פון א הויכען צושוי־בערטען בוים.

דזשאו'ס הארץ האט זיך שטענדיג גע'טובל'ט אין גליק דורך סעלמא'ס ווייבליכען רייץ....

זיי זיינען ביידע עפּעס ניט געווען פון אונזערע. עפּעס דאכט מיר גאר, אז זיי זיינען געווען רוסען.

דזשאָו איז געווען א הויכער, א שלאנקער, אזוי ווי א צוואוואק־סענער בוים. און קרעפטיג איז ער געווען. נאר שטענדיג איז ער גע־ווען פאר'חלום'ט. און וואס ער האט ניט געטהאן פלעגט ער בעת מעשה זינגען—עפּעס אזוי פארביינקט. סעלמא, ווידער, איז געווען פון מיטעלען וואוקס, און חנ'עוודיג־טאנצענדיג. ער איז געווען פיעל עלטער פון איהר. זי האט אָבער געליעבט די מענליכע קראפט אין

איהם און אין דערזעלבער צייט די פאר׳חלומ׳טקייט זיינע. זיי זיינען זיך געווען געטריי ווי טויבען. אין די פארנאכטען, איידער א דיקע פינסטערניש פלעגט ארומנעהמען דעם וואלד און די ביידלאך ביים צו־פוסענס פון וואלד, פלעגט מען ביי זייער „קעמפ“ אפט זעהן סעל־מא׳ן אין די ארימס פון דזשאו׳ן. זיי פלעגען זיצען אונטער די אויסגעפלאכטענע צווייגען ארום דער ביידעל. ער פלעגט זינגען פארבענקטע סלאווישע לידער, אזעלכע רופענדע און הארץ־צור־פענדע, און זי פלעגט זיך טוליענען אין איהם, ביז גאר שפעט, ווען שטערען פלעגען ארונטערווינקען פון הימעל.

אין סטרייק האט זיך סעלמא באטהייליגט מיט אלע וואלד־העקער צו־גלייך. מיר פלעגען איהר שיקען אין שטאדט אריין אויס־געפינען זאכען. מען האט פאר דעם געדארפט האבען קוראזש און זיין פלינק. עס איז געווען א געפאהר צו געהן. די קאמפאניס האבען געהאלטען א באוואפענטע וואך אויף די וועגען. אבער סעל־מא האט שוין געוואוסט ווי פון זיי זיך אוועקצודרעהען. זי איז אזוי געווארען א פיהרערקע אין סטרייק, און פלעגט זיין ביי די בעראטונגען פון די עטליכע, וואס האבען געהאט צו באשלי־סען די גאנצע סטראטעגיע פון סטרייק. די בעראטונגען פלע־גען טאקי פארקומען אין דזשאו׳ס „קעמפ“. און עס איז געווען שעהן צו זעהן אט די יונגע, שפילעודיגע ווייבעלע צווישען א גרו־פע פארביסענע, פארהארטעוועטע מענער. ווען זי פלעגט נאך בעת די בעראטהונגען אננעהמען אן ערנסטע מינע, איז זי גאר געווען פארפיהרעריש. ארום דזשאו׳ען פלעגט דאן שיינען די שכינה. מיר האבען איהר אלע ליעב געהאט. אין שפאס פלעגען מיר זי רופען:

„אונזער קעניגין“.

אבער אונזער קעניגין האט אונז אפגענארט. אונזער גאנצען קאמף, און איהר דזשאו׳ען, איהר „קרעפטיגען פאר׳חלומ׳טען העלד“, ווי זי פלעגט איהם מיט שטאלץ באטיטלען אין אונזער אנוועזענ־הייט.

איהם געגארט מיט איהר ליעבע...

דזשאָו אַליין האָט עס טאַקע אויסגעפונען. ער'ט אָנגעהויבען מערקען אַז זי ווערט פאַרפאַלען אין שטאָדט, און קומט אַ היים אַ צוריסענע און אַ צושראָקען, און מיט אַן איבערגעטריבענער שפּילעוודיגקייט, און אין דערזעלבער צייט מיט אַן איינגעהאַלטענקייט אין די אויגען. ער איז איהר איין מאָל נאָכגעגאַנגען זוכען. ס'האָט איהם געריסען דאָס האַרץ „וואו האָט זי געקענט אהינקומען". דאָס איז געווען באַלד נאָכדעם, ווי עס זיינען אָנגעקומען מיליטער און אונז אַלעמען צוטריבען פון וואַלד. די מיליטער איז אָנגעקומען פּלוצלונג, ווען מיר האָבען געהאַט אַ פאַרזאַמלונג אונטער'ן פרייען הימעל. זיי האָבען געמוזט וויסען אַקוראַט די גענויע צייט, ווען מיר האָבען אַזאַ פאַרזאַמלונג כדי צו זיין זיכער, אַז מיר ליגען ניט באַהאַלטען ערגעץ אויף וועגען זיי צו באַגעגענען מיט געוועהר, און סעלמאַ האָט עס זיי געגעבען דעם צייכען, ווען אָנצוקומען. זי האָט עס געזאָלט מאַכען „קלוג". ווען מיר האָבען געהאַלטען די פאַרזאַמלונג, איז זי אַוועק אין שטאָדט אויסצוגעפינען וואָס מ'רעדט וועגען סטרייק... און דאָן איז דאָס דזשאָו אַוועק איהר זוכען. ס'האָט איהם געוויינט אין האַרצען... ער האָט געגישטערט מיט די אויגען יעדען ווינקעל אויפ'ן וועג צום שטאָדט. און אַזוי האָט ער דערהערט פון אַ „קעמפ" פון איינעם פון די אויפפּאַסער איבער'ן וואַלד סעלמאַ'ס געלעכטער, אַ הייסען פלאַפּעלדיגען געלעכטער, וועלכען נאָר ער אַליין האָט געקענט...

ער האָט זיך צוגעשאַרט צום קעמפּ, האַלב פאַרגליווערט, און זיינע אויגען האָבען געזעהן סעלמאַן אַ רייצענדיגע אין די אָרימס פון אַ פרעמדען, גאָר אַן אומבאַקאַנטען מאַן. און זיינע אויערען האָבען געהערט ווי סעלמאַ לאַכט אַפּ אין דער הויך פון אונז אַלעמען...

וואָס ער האָט מיט איהר געטאָן? ער האָט זי פריהער שטיל גענומען צו זיך. גאָרנישט געפרעגט, שטיל, ניט רעדענדיג, האָט ער מיט איהר אַוועקגעבלאָנדזשעט ווייט אין די אָרעגאָן וועלדער, אַזוי געגאַנגען טאָג־איין, טאָג־אויס, און גאָר ניט גערעדט. ביידע זיינען זיי געגאַנגען מיט אַראָפּהענגענדע קעפּ. נאָר איין מאָהל, ווען עס איז געווען גאָר אַ פינסטערע נאַכט, האָט ער זי אין דער

טיפעניש פון וואלד פארשלעפט, און איהר דערשטיקט... דער־שטיקט...

מיט חדשים שפעטער האב איך דזשאו'ן באגעגענט אין א האלב ווילדען צושטאנד אין א געסעל ערגעץ אין סיאטעל, און ער האט דאס מיר אלץ דערצעהלט. און ווען ער האט עס דערצעהלט האט ער פון דעם א ווילדע הנאה געהאט. ער האט דערביי געלאכט מיט א געשמאקען גילעכטער און הוסטענדיג געברומט, ווי א פארוואונ־דעטע חיה.

„סעלמא... כא, כא, כא... סעלמא... אר־הו, סעלמא!...“

— זי האט זיך ניט געוועהרט, ווען איך האב זי געוואָרגען; געקוקט נאר מיט איהרע גרויסע ברוינע אויגען און — גארנישט... מעהר גארנישט...

און אזוי רעדענדיג, האט דזשאו מיך געלאזען שטעהן און איז אנטלאפען ווייטער אין געסעל, יעדע ווייליע ארויסהוסטענדיג מיט א קוויטש:

„סעלמא... כא, כא, כא... סעלמא... אר־הו, סעלמא!...“

---

בוירד האט אזוי פארענדיגענדיג זיין געשיכטע זיך שנעל אויפ־געהויבען און האסטיג גענומען שפרייזען איבער'ן צימער הין און צוריק, הין און צוריק. מיר אלע זיינען געבליבען ווי צוגע־שמידט צו אונזערע פלעצער, און עס האט זיך געדאכט, אז דער רע־גען, וואס האט דאן שטארקער געשמיסען איבער דעם פענסטער פון דער „פארלאר־רום“ פון אונזער האטעל שרייט אויך צו אונז אריין:

„סעלמא... סעלמא...“

— גרויסע ברוינע אויגען זיינען דאס געווען, הא? — האט דער אלטער פעטה ארויסגעמורמעלט צו זיך אליין א פראגע, און זיך א צאפעל געטהאן, און פון שוידער זיך נאך מעהר צוזאמענגעדרעהט.

מיר האבען אלע געשוויגען.

# אין דער שטילער שטעטעל קוויטענהיל

„...ערגעץ־וואו וויינען אלמנות;
און ווינטען קלאָגען אויף קברים...
די וועלט קלאָגט נאָך
אן ערלייזער...“

פון אונזערע בליקען אויף איהם האָט דער אלטע פעטה פאַר־שטאַנען, אַז מיר וואַרטען איצט אויף זיין געשיכטע, און ער האָט שוין געוואָלט אָנפאַנגען דערצעהלען. האָט אָבער דער הויכער בלאָנ־דער דזשיימס געוואָלט וויסען מעהר איינצעלהייטען פון בוירד'ס געשיכטע. ס'האָט איהם אינטערעסירט בוירד'ס שילדערונג פונ'ם אסטאַריא וואַלד. דזשיימס האָט זיך געקליבען פאָהרען אין יענעם געגענד. דזשיימס גלויבט, אַז כאָטש די וואַלד־מענשען זיי־נען וואַנדערענדע אַרבייטער און עס איז שווער זיי איינצוהאַלטען אין אַן אָרגאַניזאַציע, דאָך קען מען זיי אָרגאַניזירען. מען דאַרף יעדענפאַלס מאַכען אַ פּראָבע.

דורך די פראַגען, וועלכע דזשיימס האָט געשטעלט, און די ענט־פערס, וועלכע בוירד האָט איהם געגעבען, איז די שטילקייט אין אונזער צימער געוואָרען איבערגעריסען. אַניעל, פון די פּלאַמ־בערס, האָט דערווייל געפונען אַ געלעגענהייט זיך אַ רייץ צו טהאָן מיט בוירד'ן, און אונזער געדריקטקייט האָט אָנגעפאַנגען פאַרשווינ־דען. דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסען מאַרגאַרעט ל. פאַקס, פון די וועבערייען־אַרבייטער, די איינציגע דאַמע אין אונזער געזעלשאַפט. עס האָט איהר פאַרדראָסען וואָס אונזער מרה שחורה שטימונג פאַלט אוועק, און זי האָט באַפוילען, אַז עס זאָל ווערען שטיל...

פאר מארגארעט ל. פאקס האבען מיר אלע רעספעקט. זי איז א ליעבענסווירדיגע דאמעלע. האט א סך פארדינסטען פאר'ן ארבייטער קאמף. און כאטש זי איז נאך גאר יונג, נאך ניט אלט קיין דרייסיג יאהר, פונדעסטוועגען האט זי שוין באוויזען צו ווערען אן אנגעזעהענע פיגור אין אונזערע קרייזען. די וועבערייען־ארבייטער האבען וועגען איהר גאנצע וואונדער צו דערצעהלען.

ווען זי האט אונז באפוילען צו זיין שטיל, כדי פעטה זאל קענען דערצעהלען זיין געשיכטע, האבען איהרע אויגען א בליץ געטהאן און דער חנ'עוודיגער שמייכעל, וואס רוהט שטענדיג אויף איהרע ליפען איז געווארען שטעכעדיג. מיר האבען פארשטאנען, אז מארגארעט'ס כעס, וואס די שטילקייט איז געווארען איבערגעריסען, איז ניט קיין געמאכטער, און מיר זיינען אלע ווידער שטיל געווארען. דזשיימס האט זיך ענטשולדיגט פאר וואס ער איז איצט ארויסגעקומען מיט זיינע פראגען, אניעל האט פארשפראכען, אז ער וועט זיין א „גוד באי". אבער דאס האט ווייניג געהאלפען. די שטימונג איז שוין געווען צושטערט.

— נו, „פאפ", דערצעהל — האט מארגארעט ל. פאקס, צוריק באקומענדיג איהר שמייכעל, זיך געווענדעט צו דעם אלטען פעטה, און דערביי א פיהר געטאן איהר זומער־שירם איבער דעם פלושענעם קארפעט פון דעם האלב טונקעלען האטעל צימער. — דערצעהל, די חברה וועלען אנטשוויגען ווערען...

פעטה איז נאך אלץ געזעסען צוזאמענגעדרעהט און עס איז געווען קענטיג, אז ער מאכט ביי זיך אין געדאנק א פארגלייך וועמענס געשיכטע עס איז שווידערליכער: די, וועלכע דזשיימס האט דערצעהלט; די, וועלכע בוירד האט ערשט פארענדיגט; אדער אפשר גאר די, וועלכע ער אליין קלייבט זיך צו דערצעהלען.

— ס'איז מערקווירדיג! — האט ער דאן אויסגערופען און זיך אויסגעגליכען אויפ'ן שטוהל, וואו ער איז געזעסען און דערביי איבערגעקייקעלט די „טשו־טאבעקא" פון איין זייט מויל אין צווייטען זייט. — מיר רעדען אפט פון „קאמף", און „סטרייק", און

„ארבייטער“, און „באוועגונג“, און זעלטען ווען מיר פארטראכטען זיך וועגען דעם תוך פון דעם...

— אהא, פעטה פאנגט שוין אן צו פילאזאפירען!... — האט אניעל ארייגעווארפען א באמערקונג.

— ניין, ניט פילאזאפירען — האט פעטה שנעל געענטפערט און האסטיג גענומען זויגען זיין „טשור־טאבעקא“, — איך פילאזאפיר ניט. מיך פארדריסט בלויז, וואס רעדענדיג כסדר וועגען דער גרויסקייט פון א קאמף, פארגעסען מיר אן די קעמפער גופא, אן דאס, וואס עס טהוט זיך אין זייערע הערצער.

פעטה האט אויסגעזויגען זיין „טשור־טאבעקא“ און גענומען ווייטער רעדען:

— מיר באוואונדערען אפט א גרויסען סטרייק. אפט צינדט זיך אין אונז אן א פייערעל פון פארעהרונג פאר די קרבנות פון א סטרייק. אבער מיר פארגעסען זיי באלד. אין הארצען גיט טאקי א בריה, אבער באלד פארשווינדען זיי פון אונזער גדרעכניש. הפנים, אז דאס לעבען ברויזט ארום אונז צו שטארק, לאזען מיר איבער די געפאלענע און מיר געהען ווייטער... עך, איין פאסירונג האט איבערגעלאזען א וואונד אט דא... אט דא...

פעטה האט זיך לאנגזאם געקלאפט אין הארצען, אנווייזענדיג וואו זיין וואונד איז. מיר האבען אויך באמערקט א מאדנעם פיבער אין זיינע אלטע אויגען. אין צימער איז שוין איצט געווארען ווידער שטיל, אזוי שטיל, אז מיר האבען געהערט דאס פאלען פון דעם רעגען.

פעטה איז אנטשוויגען געווארען. ווידער די מאגערע הענד ביי זיך אין שוים איינגעגראבען, און ווידער זיך צוזאמענגע־דרעהט.

מיר האבען אלע געקוקט אויפ'ן אלטען צוזאמענגעדרעהטען קערפעריל און געווארט. ערשט, ווען עס איז ארויסגעפאלען פון מארגארעט'ס הענד דער שירעמעל, וואס זי האט געהאלטען, און ס'האט א ווייכען קלאפ געגעבען אויפ'ן פלושענעם קארפעט, האט זיך פעטה אויפגעכאפט, און ווידער אנגעפאנגען:

— דאָס האָט פּאַסירט לאַנג צוריק. איך בין נאָך דאַן געווען א יונגערמאַן. ערשט אין דער באַוועגונג אריין. זייט דאַן זיינען שוין א סך וואַסערן איבערגעלאָפן. פון א סך טראַגעדיעס געהערט. נאָר איין געשיכטע אין קווייטענהיל קען איך ניט פאַר־געסן.

די לעצטע ווערטער האָט פעטה ארויסגעזאָגט ווי ער וואָלט גע־רעדט צו זיך אליין. די אַלטע שוין געלע אויגען־דעקלאָך זיינען ביי איהם געווען אראָבגעלאָזן, און א נערוועזער ציטער האָט זיך געקייקעלט צווישען זיינע ברעמען.

---

קווייטענהיל איז א שטעטעלע אויף א באַרג איבער אייזען־פאַבריקען און שטאָהל־גיסערייען. א שטיינערנער באַרג, וואָס ווען איהר שטעהט אין א דערבייאיגען טהאָל, דוכט זיך אייך, אז ניט קיין באַרג איז דאָס, נאָר עפּעס א שווערע, משונה'דיגע חיה, וואָס וועט באַלד אָנפאַנגען צו פויזען און מיט איהר שווערקייט צודריקען דעם גאַנצען געגענד ארום. דערפאַר אָבער, ווען איהר זייט אויבען אויפ'ן באַרג, זעהט איהר אַ מאָדנע ליכטיגקייט, וואָס קען אפילו ניט פאַרטונקעלט ווערען פון דעם דיקען רויך, וואָס טראָגט זיך ווי כמורנע וואָלקענס פון די ארומיגע פאַבריקען. און שטיל איז דאָר־טען אויפ'ן באַרג. פון צייט צו צייט ווערט די שטילקייט איבער־געריסען פון א ווייטען פייף, וואָס קומט פון די פאַבריקען. עפּעס גיט עס דאַן א שנייד אין דער לופט און עס דאַכט זיך, אז אונטען אין טהאָל האָט עפּעס שוידערליכעס פּאַסירט, וואָס האָט ארויס־גערופען א צעוועהטאָגטען ברומען, א יאָמער, וואָס גרוילט. אָבער באַלד ווי דער שנייד אין דער לופט פאַרשווינדט, טרעט אריין נאָך אַ גרעסערע שטילקייט און עס דאַכט זיך דאַן, אַז אויך די ליכטיג־קייט ווערט שאַרפער. און אָט אויף דעם באַרג געפינט זיך די שטעטעלע קווייטענהיל.

די איינוואוינער פון דער שטעדטעלע זיינען מייסטענס אונזע־

רע מענשען, ארבייטער ביי מעטאל־זאכען. אייזען־גיסער און שטאל צעמענטערס.

פריהמארגען לאזען זיך אראפ די מענשען אין טהאל אריין אין די פארשיעדענע ארומיגע פאבריקען. זיי געהען אהין רוהיג, געהארכזאם, אזוי ווי גאט וואלט זיי דעם וועג אנגעצייכענט און זיי פארזאגט, אז אויף קיין אנדער וועג זאלען זיי זיך ניט פאר־נעהמען... פארנאכט ווידער, קומען זיי צוריק ארויף אויפ'ן בארג. די פנים'ער ביי זיי קוקען דאן אויס, ווי געל־ברוינער מעטאל. זיי קומען ארויף מיעדע, אבער מיט דעם זאנפטען געפיהל, אז עס ווארט־טען אויף זיי טרייע ווייבער און קליינע שמייכלענדיגע קינדער.

אמאל אין מיינע יונגע יאהרען, פלעג איך זיין אן אפטער גאסט אין קווייטענהיל. איך פלעג קומען אהין אנטאפען דעם דופק, צי אונזערע מענשען זיינען מיט עפעס אונצופרידען — און וועלען דאן אויפנעהמען אונזער תורה...

און איך זאג אייך, אז קומענדיג אהין, פלעג איך באצויבערט ווערען פון דער שעהנער שטילקייט אין שטעטעל און דעם שטילען פאמיליען־פארקעהר צווישען די איינוואוינער. עפעס איז א מאדנע רוהיגקייט געווען אויסגעגאסען אויף אלעם און אלעמען, און איהר ווייסט דאך, אז ווען אונזערער א מענש, וואס לעבט שטענדיג אין טומעל, פאלט אריין אין א שטילען נעסט, איז ער מקנא די רוהיגקייט, און עס ווילט זיך איהם אויך ווערען א שטילער בירגער...

אבער אט איז געווארען אן אויפרודערונג אין שטעטעל. אן ארבייטער איז צוריסען געווארען אין א פאבריק און די קאמפאני האט זיך אנטזאגט עפעס צו טהאן פאר דער אלמנה און די יתומים. א קעסעל צושמאלצענע שטאהל האט זיך צוגאסען אויף זיינע פיס, און אין עטליכע מינוטען איז ער אינגאנצען פארכאפט געווארען. קווייטענהיל איז געווארען אונצופרידען. מ'האט אנגעהויבען מורמלען אויף דער שווערער ארבייט, אויף די קליינע פארדינסטען, אויפ'ן לעבען בכלל. זיך דערוויסענדיג פון דעם, האט די קאמפאני

די מורמלער אפגעזאגט פון דער ארבייט. עס איז געקומען צו א סטרייק, און איך בין געפאהרען אהין ווערען דער פיהרער.

דער סטרייק איז פארלארען געגאנגען. נאך וואכען און וואכען ליידען האבען מיר עס געמוזט אויפגעבען.

אין סטרייק האבען מיר געהאט איינעם, דיעד, א יונגערמאן, א יאהר נאך דער חתונה. ביז דעם סטרייק האט ער זיך געלעבט רוהיג און גליקליך. זיין קעטהרין האט איהם געבוירען א זוהן און מעהר האט ער שוין אין לעבען ניט געזוכט. יעדען פריהמארגען — פון בארג אין טהאל, אין פאבריק אריין; און פארנאכט גלייך צו זיין קעטהרין און זייער זוהנעלע. קעטהרין פלעגט איהם איז דער פריה באגלייטען צום ברעג בארג, וואו ער האט זיך געדארפט אראפלאזען מיט א קאר אין טהאל אריין, און פארנאכט פלעגט זי קומען אהין איהם באגעגענען. ווען דער סטרייק איז ארויסגעשפרונגען, איז דיעד געווארען פון די אקטיווסטע העלפער. ער איז געווען יונג, געהאט א שטאלצען גאנג, און די געוואגטקייט האט געשטראהלט פון זיין יעדען קעהר. די ארבייטער האבען צו איהם געהאט גרויס צוטרויען און ער האט עס פארדינט. זייט דער סטרייק האט אויסגעבראכען, האט ער אלעם איבערגעלאזען און כמעט אן אלץ, וואס איז איהם פריהער אייגען געווען, פארגעסען. קעטהרין, זיין פרוי, איז עס ניט געפעהלען געווען. עפעס האט איהר די הארץ געזאגט, אז אן אונגליק קומט אויף זיי. זי האט אבער געשוויגען.

— אז דיעד וויל אזוי, זאל זיין אזוי — פלעגט זי אונטערטעניג אמאל א זאג טהאן.

דאס איז געווען ווינטער. קווייטענהיל איז געווען באדעקט מיט שניי. די קליינע הייזקעלאך האבען אויסגעזעהן ווי ווייסע בערגלאך, וועלכע דער ווינט האט צוזאמענגעוועהט. מיט וואס צו באהייצען די עטליכע צימערלאך, וואו דיעד און זיין פאמיליע האבען געוואוינט, איז ניט געווען. אלעמען האט עס אויסגעפעהלט. אין קעלט האט זיך דיעד'ס זוהנעלע צוגעקיהלט, קראנק געווארען און געשטארבען. די מאמע האט זיך געריסען די האר פון קאפ.

דיעד האָט זיך אויסגעוויינט און איז ווידער געוואָרען פאַרנומען מיט'ן סטרייק.

און ווען דער סטרייק איז ערקלעהרט געוואָרען פאַרלאָרען, און די אַרבייטער האָבען אונז, די פיהרער, אָנגעפאַנגען שילטען, און דיעד האָט געמאַכט אַ חשבון פון זיין לעבען און געזעהן דעם סך הכל, האָט ער פאַרלאָרען זיין מוטה און טרעפענדיג זיין קעטהרין שטענדיג אַ פאַרוויינטע, אַ פאַרקלאָגטע, איז איהם דאָס לעבען אינ־גאַנצען מיאוס געוואָרען.

צו דעם נאָך האָט שוין דיעד מעהר ניט געקענט קריגען קיין פּלאַץ צו אַרבייטען. אין אַלע פאַבריקען ארום האָט מען גע־וואוסט, אַז ער איז געווען פון די אָנפיהרער פון סטרייק און מען האָט איהם ניט געוואָלט אין ערגעץ צולאָזען. דיעד האָט אָנגע־פאַנגען שכור'ן. און אין אַן אָנפאַל פון ווילדער פאַרצווייפלונג האָט ער זיך איינגאַנצען דער'הרג'עט.

קעטהרין איז אַרומגעגאַנגען מיט איהר וועהטאָג, ביז זי איז אַראָפּ פון זינען...

איך בין נאָך דאָן געווען אין שטעדטעל. און ווען איך בין גע־גאַנגען זעהן קעטהרין, איהר צו טרייסטען, האָט זי מיר אָנגעכאַפּט פאַר'ן אָרעם און אַ געשריי געטהאָן:

— קום!

איך בין איהר נאָכגעגאַנגען.

און ווייסט איהר, וואו זי האָט מיך געפיהרט?

אויפ'ן בית עולם!... צו דעם קבר פון איהר מאַן!...

די אויגען איהרע זיינען געווען אויסגעגלאָצט און האָבען גע־קוקט ווי פאַרקרימט... עס איז געווען פאַרנאַכט, שוין האַלב פינ־סטערלאַך... דער בית עולם איז געווען ווייס באַדעקט מיט שניי, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז פון אַלע קברים קוקען ארויס ווילדע אויסגעגלאָצטע אויגען...

קעטהרין האָט זיך דאָרטען פּלוצלונג צולאַכט אויף אַ הויכען משונה'דיגען קול... און דאָן זיך צויאָמערט... געפאַלען אויף די קברים מיט אַ יאָמערדיגען געלעכטער...

איך האָב זיך דערשראָקען, און איהר איבערלאָזענדיג דאָרטען אליין בין איך אוועק... איך בין געגאַנגען שנעל... דער שניי האָט אונטער מיינע פיס געסקריפּעט און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אויך דער שניי לאַכט און וויינט...

אויפ'ן וועג פון בית עולם צום שטעדטעל האָט א ווינט געטריבען דעם שניי אויף ווייסע פוסטע פעלדער.

קעטהרין איז שוין פון בית עולם ניט צוריקגעקומען...

---

— נו, — האָט דער אַלטינקער פּעטה אויסגערופען מיט א פּאָר־שטיקטען קול — זעהט די וועלט, וואָס אַרום אונז קומט פאָר, ווען מיר פיהרען סטרייקס?...

דער רעגען האָט נאָך אָנגעהאַלטען. און דער אומעט אין האָטעל־צימער האָט אונז פעסטער איינגעקלאַמערט און געדריקט נאָך שווערער...

# די אָפּגעריסענע האַנד

„...ניטאָ קיין קדושה אפילו
אין גאָט'ס הויז.—.
די הימלען זיינען אומריין...
פארברודיגטער האַס שפּאַצירט
איבער דער וועלט...“

— ווי איך זעה, וועל איך דאָך אויך עפּעס דאַרפען דערצעהלען, טאַ הערט זשע איצט מיך. — האָט זיך אַניעל פון די פלאַמבערס אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און אָנגעפאַנגען ארומשפּאַצירען איבער'ן צימער.

מיר האָבען איהם אַלע נאָכגעפאָלגט מיט אונזערע בליקען. און מאַרגאַרעט ל. פאקס האָט זיך פלוצלונג, הויך אויפ'ן קול פאַנאַנדערגעלאַכט.

— ווי קומט עס צו דיר, אַניעל? — האָט איהר געלעכטער פאַרקלונגען דעם צימער — דיין פּנים ווייזט גיבער, אז דו ביזט מעהר אין כעס אויפ'ן „פּראָהיבישאָן“־געזעץ, ווי, אז עפּעס זאָל וועה טהאָן דיין נשמה...

מיר האָבען זיך אַלע פאַנאַנדערגעלאַכט, וואָס מאַרגאַרעט האָט אַניעל'ן אריינגעזאָגט. מיר האָבען געוואוסט, אז ווען, ווען — אַניעל'ן טרעפט דער „פּראָהיבישאָן“ געזעץ זעהר שטאַרק... אַניעל האָט זיך אָבער געפונען באַליידיגט פון מאַרגאַרעט'ס שטעכווערטעל און נאָך שטאַרקער האָט איהם פאַרדראָסען אונזער געלעכטער.

— זעה נאָר, ווי פרום זיי זיינען אַלע געוואָרען — האָט ער זיך אָפּשטעלענדיג, געוואָרפען אויף אונז סאַרקאַסטישע בליקען. —

איהר'ט גאר קיינמאל ניט גענומען צו ביסלאך?...—האט ער וואויל־יונגיש געוואונקען צו אונז. — און דו, צנועה, שוויג בעסער... — האט ער געווארפען א כעס'דיגען בליק אויף מארגארעט פאקס. — דאכט זיך, אז דו ביזט אויך געגען „פראהיבישאן"...

— נאר וואס טויג די אלע רייד אייערע? — האט ער זיך גלייך געכאפט — הערט בעסער, וואס איך וועל אייך דערציילען. — איהר שמועסט דא אלע פון סטרייקס, פון שווערע איבערלעבונגען און פון דאס, וואס פארפאלגט אייך. הערט מיין געשיכטע.

אניעל האט זיך צוריק אוועקגעזעצט און אנגעפאנגען:

---

דאס איז געווען אין בוירמינגטאן, אלאבאמא. ביז ניט לאנג צוריק איז בוירמינגטאן געווען פאררעכענט פאר אן עלטערער שטאט. די הייזער, די גאסען, אלעס האט דארטען אויסגעקוקט אלט־מאדיש. די לעצטע יאהרען אבער האט מען אנגעפאנגען בוירמינגטאן איי־בערצובויען. פלוצלונג זיינען דארטען אויסגעוואקסען גרויסע גע־שעפטען. די שטאדט האט זיך געשפרייט אלץ מעהר אין דער ברייט און זיך געווינדעוועט מיט הויכע מויערען אלץ העכער צו די הימ־לען. און איהר פארשטעהט דאך, אז ווען א שטאדט בויט זיך איי־בער, האבען אונזערע מענשען וואס צו טהאן. האט מען זיך טאקי דארטען גענויטיגט אין סארטען געביידען־ארבייטער, און פון אלע טיילען פון לאנד זיינען זיך אהין צוזאמענגעפאהרען פאד־לייט. מיט דער ארבייט זיינען אויך געוואקסען אונזערע יוניאנס. און נאטירליך זיינען מיט די יוניאנס געקומען סטרייקס, און בויר־מינגטאן איז איין צייט געווארען דער צענטער פון אלע אונזערע „באיעס".

ווען איך בין געקומען אהין, האב איך געטראפען א סטרייק ביי דער ארבייט פון א קירך. מען האט שוין געהאט געסטרייקט עטליכע חדשים. און עס איז געווען אן אפענער סוד, אז דער סטרייק איז א פארלארענער. די „קאנגרעגיישאן", וואס האט גע־בויט די קירך איז באשטאנען פון רייכע פלאנטאטארס פון די

ארומיגע קאַטען־פעלדער. אזעלכע הערען ווילען פון ארבייטער יוניאָנס ניט וויסען. אויסער דעם דאַרף מען דאָך מיט דער ארבייט ביי א קירך זיך ניט איילען, האָט עס דער קאָנגרעג־גיישאָן" ניט געאַרט, אז דער סטרייק זאָל זיך ציהען און ציהען... די אַרבייטער, די סטרייקערס זיינען שוין אָבער געווען אויסגע־מאַטערט פון אָט דעם קאַמף. זיי וואָלטען דעם סטרייק שוין אויפ־געגעבען; האָבען זיי אָבער געוואוסט, אז קוים ציהען זיי זיך צוריק באַזיעגטע, דאַן שעדיגען זיי אויך די אַרבייטער פון אַלע אַנ־דערע געביידען, וואָס מ'האָט דאַן געבויט אין שטאָדט. די אַרביי־טער פון די אַנדערע געביידען האָבען זיך דאַן געקליבען צו שטעלען פאָדערונגען צו זייערע בעלי־בתים. און וואָלט עס געהייסען, אַז די אַרבייטער ביי דער קירך האָבען פאַרלאָרען, דאַן וואָלט מען אויך אויף די אַנדערע אַרבייטער אַרויפגעצוואונגען א סטרייק, וואָס וואָלט ניט געווען קיין גוטער סוף.

איהר מוזט וויסען, אז דיזעלבע פלאַנטאַטאָרס פון די ארומיגע קאַטען־פעלדער, וועלכע האָבען געבויט די קירך, זיינען אויך געווען אין די „ריעל־עסטייט" קאָמפּאַניס, וואָס האָבען איבערגע־בויט בוירמינגהאַם. זיי וואָלטען אַלזאָ ארויסגעוויזען זייער עקשנות געגען די אַרבייטער ביי די אַנדערע געביידען, פּונקט אַזוי ווי ביי דער קירך. אין די יוניאָנס האָט דאַן געהערשט גרויס פאַרצווייפ־לונג. מ'האָט פּשוט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן....

---

אַניעל האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך פאַרטראַכט א ווײַלע און דער פּנים זיינער, וואָס האָט קיינמאָל קיין באַשטימטען אויסדרוק ניט געהאַט, האָט דאָס מאָל א ציטער געטאָן. ס'איז געווען קענ־טיג, אַז אַפּפרישענדיג זיין זכרון וועגען דער פּאַסירונג, וואָס ער קלייבט זיך דערצעהלען, האָט ער נאָך אַמאָל דערזעהן פאַר זיך דאָס וואָס דריקט איהם אָפּט אַזוי אויפ'ן האַרצען.

— איך גלויב, אַז דער אַלטער פּעטה איז גערעכט — האָט ער א זאָג געטהאָן איבעררייסענדיג זיין געשיכטע. — די וועלט ווייס

ניט, וואָס אַרום אונז קומט פאָר. און מיר אליין גיבען זיך אָפּ וועניג חשבון. מיר רעדען פון „סטרייק" און „קאַמף" און „באַוועגונג" און זעלטען, אַז מיר פאַרטראַכטען זיך געהעריג, וואָס דאָס איז... יאָ, דאָס לעבען אַרום אונז ברויזט צו שטאַרק... טאָג־איין, טאָג־אויס פאַלען אַרום אונז נאָהענטע מענשען, אַזוי ווי די זאַנגען אונטער דעם שנייד־מעסער פון אַ פעלד־אַרבייטער... און מיר לאָזען זיי איבער און געהען ווייטער...

ווען אַניעל האָט אַזוי גערעדט און פילאָזאָפירט, האָט גאָרניט אויסגעזעהן, אַז דאָס רעדט דער, וועמען מיר האָבען פריהער פאַרגעוואָרפען אַז די איינציגע זאַך, וואָס באַאונרוהיגט איהם איז דאָס ניט קענען ווי געהעריג טהאָן אַ טרונק... מיר האָבען געזעהן פאַר זיך אַ גאַנץ אַנדער מענשען. אפילו מאַרגאַרעט, וועמען אַניעל האָט פריהער באַליידיגט, אָנרופענדיג זי סאַרקאַסטיש „צנועה", און וועמענס פּנים האָט זיך צוליעב דעם נאָך אַלץ גערויטעלט, האָט אויך גענומען קוקען אויף איהם גוטמוטהיג, ווי אויף אַ ברודער, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט עפּעס געהיימניספולעס...

אַ'ניעל האָט פאָרטגעזעצט:

---

מיר זיינען געווען פאַרצווייפעלט און ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן, אָבער מיר האָבען געפיהלט, אַז עפּעס מוז געטהאָן ווערען, וואָס זאָל די פּלאַנטאַטאָרס אַריינוואַרפען אין אַ שרעק. יעדער פון די יוניאָן־פיהרער איז זיך אַרומגעגאַנגען מיט אַ באַזונדערען פּלאַן, כאָטש קיינער האָט ניט געקענט זאָגען באַשטימט, אין וואָס זיין פּלאַן באַשטעהט... ווען דער סטרייק איז ביי דער קירך ערקלערט געוואָרען, איז שוין די קירך געווען באַלד פאַרטיג. פון דרויסען איז עס שוין געווען אינגאַנצען פאַרטיג. און וואָלט מען פון דאָרטען צוגענומען די „סקעפאָלדס" און די לייטערס און די אַרומגעשלאָגענע ברעטער, וואָלט קיינעם ניט איינגעפאַלען, אַז די קירך איז נאָך ניט פאַרטיג. פאַרבייגעהער וואָלטען דאַן געוויס זיך אָפּגע־

שטעלט באוואונדערען די ארטיסטישע ארבייט אויף די דונקעל־גראהע און מאטע מארמארנע סטאטועז וועלכע האבען די טירען און פענסטער איינגעפאסט; און אויך די מלאכים׳לאך מיט די ברייט־פאנאנדערגעשפרייטע פליגלען אויף די סטאטועז. די קירך איז געבויט געווארען אין אן אלטען רעליגיעזען סטיל. א קוק אויף די דרויסענדיגע ווענט, האט שוין געשאפען א רעליגיעזע שטימונג. און אלץ אויף די דרויסענדיגע ווענט איז שוין געווען פארטיג. נאר אינווענינ איז נאך געווען א סך ארבייט צו טהאן. די יוניאנס פון די פארשיידענע פאכען זיינען ווידער געקומען אין א צוזאמענשטויס מיט די קאנטראקטארען, און עס איז געקומען צום סטרייק.

וואס אבער טהוט מען? זיך צוריקציהען פון שלאכטפעלד? און וואס וועט זיין מיט די הונדערטער ארבייטער, וועלכע דארפען זיך אט־אט שטעלען ארבייטען ביי די אנדערע געביידען? און דא טראגען זיך קלאנגען, אז מ׳ברייגנט אין שטאדט סטרייקברעכער, וואס וועלען ענדיגען די קירך, און וועלען שפעטער זיך אויך אוועקלאזען ארבייטען ביי די אנדערע געביידען... איז אלזא טאקי אלץ פארלארען?... מיר זיינען געווען פארצווייפעלט...

קומט צו מיר איינמאל איינער פון די סטרייקער, דזשין מעק, און גיט מיר א זאג, אז ער וועט אויפרייסען די גאנצע קירך מיט דינאמיט...

— ביזט משוגע! — האב איך געענטפערט און געמיינט, אז ער שפאסט.

מעק איז געווען א שטיין־שניידער, אן ארטיסט ביי זיין ארבייט. ער האט דאס געהאלפען באפוצען די קירך און געגעבען דער געביידע דעם חן פון א פארצייטיגען רעליגיעזען טעמפעל. און איצט וועט ער עס אלץ צושטערען?... מעק אליין איז געווען א רעליגיעזער, א פרומער קאטהאליק. די קירך וואס מען האט געבויט איז געווען א קאטהאלישע. ווען ער האט געארבייט איז געווען דער איינדרוק, אז ניט נאר ארבייט ער ביי דעם, ווייל ער „מאכט דערפון א לעבען", ווייל ער קריגט באצאהלט, נאר ער

דינט מיט דעם זיין גאָט. וועט ער איצט געהן צושטערען זיין גאָט'ס טעמפעל?... איך האָב ניט געגלויבט, אז ער וועט עס טהאָן.

— יא, איך וועל עס טהאָן... אליין, אליין וועל איך עס טהאָן... — האָט ער צו מיר שטיל געשעפטשעט. — די חברה בלוט־זויגערס, די פלאַנטאַטאָרס, זיינען ניט ווערט צו האָבען דעם טעמפעל... זיי מיינען דאָך ניט צו דיענען גאָט... זיי ווילען דאָך נאָר האָבען א פוץ, א ציערונג....

און ער איז אוועק.

עס איז אוועק א שטיקעל צייט, און איך האָב פון מעק'ן ניט געהערט. נאָר איינמאָל, אין אַ מיטען־נאַכט, האָט גאַנץ בוירמינגטאָן זיך אַ שאָקעל געטהאָן, אזוי ווי אַן ערד־ציטערניש וואָלט פלוצלונג געקומען... עס האָט זיך געהערט א קלאַפּ אזוי ווי פון א דונער—און אַלץ אין שטאָדט האָט אַ ציטער געטהאָן. א ווײַלע שפּעטער האָט מען געהערט לויפען פייער־לייט... ערגעץ ברענט... און נאָך אַ ווײַלע שפּעטער זיינען שוין געווען עקסטרא צייטונגען אויף די גאַסען, אז די נייע קירך פון דער און דער „קאָנגרעגיישאָן", וואָס האָט אָפּגעקאָסט אזוי פיעל הונדערטער טויזענדער דאָלאַרס, איז צו־שאָסען געוואָרען פון דינאַמיט... און ווער דאָס האָט געטהאָן, ווייסט מען ניט... עפּעס זאָגט מען, אז דאָס האָט צו טהאָן מיט'ן סטרייק, וואָס איז אָנגעגאַנגען ביי דער בויאונג פון דער קירך. מ'האָט אָבער קיינעם ניט געכאַפּט...

עס האָט מיר א ברען געטהאָן אין מח...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זאָל ער עס טאַקי האָבען געטהאָן?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב פּרובירט זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט מעק'ן — ניטאָ איהם!... ניטאָ. און ניטאָ... אינדערפריה בין איך אוועק צום פּלאַץ וואו פייערלייט האָבען זיך געגראָבען אין די חורבות. עס האָט

זיך מיר געוואָלט דאָרטען זיין. איך בין דאָרט אָפּגעשטאַנען עטליכע שעה ביז איך האָב געזעהן ווי פון אונטער צושאָטענע שטיי־נער האָט מען אַרויסגעשלעפּט אַ האַנט, אַן אָפּגעריסענע האַנט פון אַ מענשען...

---

אַניעל האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן, איז בלייך געוואָרען, און אונהיימליך אַ לאַך געטהאָן:

— כע, כע, דאָס איז געווען מעק'ס האַנט... און עפּעס אזעלכע שטיקער פאַרגליווערטע בלוט האָבען געהאַלטען די פינגער צוזאַ־מענגעקלעפּט... כע, כע...

— גענוג... גענוג... — האָט מאַרגאַרעט אַ פאַרשטיקטען קוויטש געטהאָן, ניט מיט איהר קול.

דער הויכער בלאָנדער דזשיימס האָט זיינע אויגען מאָדנע אויס־געגלאָצט.

— יאָ — האָט אַניעל באַמערקט — איך זעה דאָס, ווי עס וואָלט אָט איצט דאָ אין צימער פּאַסירט... און זייט דאַן, ווען איך געה פאַרביי אַ קירך, דוכט זיך מיר, אַז אַן אָפּגעריסענע האַנט קוקט אַרויס פון די קליינע קירכען־פענסטערלאַך...

אַניעל איז אַנשוויגען געוואָרען, און עפּעס האָט זיך געדוכט, אַז אין ווינקעל צימער, לעבען אַ פּיאַנאָ, ליגט אַ האַנט, מיט מאָדנע רויט־און־שוואַרץ־קלעפּיגע פינגער...

---

— עס הערט היינט גאָר ניט אויף רעגענען... — האָט מאַר־גאַרעט נערוועז אַ זאָג געטהאָן.

קיינער האָט איהר ניט געענטפערט.

— אפשר וואָלט איך עפּעס דערצעהלט? — האָט זי ווייטער אַ זאָג געטהאָן.

מיר האָבען אַלע געשוויגען.

דער רעגען איז נאָך שטאַרקער געוואָרען...

# צווישען די בערג פֿון „סאַן וואַקין וואַלי"

„...אין יעדען געלעכטער א טרעהר...
אין יעדער פרייד א קללה...
שוועסטער יובלען, ווען
ברידער קעהן צו דער
תליה..."

— יאָ איצט וויל איך דערצעהלען — איז מאַרגאַרעט ל. פּאַקס באַשטאַנען אויף דאָס איהריגע. און די פּאָר ווערטער זיינען אריינגעפאַלען אין דער האַלב־דונקעלהייט פֿון צימער, אזוי ווי עס פאַלט אריין א שוואַכער בליץ אין א גראָהער לופֿט.

מיר האָבען איהר אָנגעקוקט:

— וועט זי טאַקי דערצעהלען?...

מיר האָבען געוואוסט, אַז מאַרגאַרעט טראָגט זיך אַרום איהר גאַנצען לעבען מיט אַ גרויסען סוד. אָבער וואָס עס האָט פּאַסירט האָבען מיר ניט געוואוסט. מאַנכע פֿון אונז האָבען עפּעס יאָ געהערט. אָבער זיי היטען נאָך מעהר דעם סוד, ווי מאַרגאַרעט אַליין. יעדענפאַלס, זיינען מיר געווען זיכער, אַז דאָס וועט אונז מאַרגאַרעט ניט דערצעהלען. דערפֿאַר, ווען זי האָט אָנגעזאָגט, אַז איצט קומט איהר נעקסט, האָבען מיר זי אָנגעקוקט מיט פארוואונדערונג.

מאַרגאַרעט האָט קענטיג פֿאַרשטאַנען וועגען וואָס מיר טראַכטען, און אַראָפּלאָזענדיג די אויגען, האָט זי אַ זאָג געטהאָן שטיל, אָבער מיט זיכערקייט אין טאָן:

— יאָ, איך וועל דערצעהלען...

זי האָט א ווײַלע געשוויגען און דאַן צוגעלעגט:

— אָבער איך מאַך אָפּ מיט אייך, אַז איהר זאָלט נאָכהער קיין פראַגען ניט שטעלען. איך וועל אייך דאָ דערצעהלען אַ גאַנצען קאַפּיטעל פון מיין לעבען.

מאַרגאַרעט'ס ברוינליכע אויגען האָבען אַ פינקעל געטהאָן. אין די ווינקלען פון איהרע ליפּען האָט זיך גענומען שפּיעלען אַ שמייכעל. דער שמייכעל איז אָבער גלייך פאַרשוואונדען. זי איז געבליבען זיצען אין אַ האַלב־פאַרטראַכטער און אַ האַלב־אויפגערעגטער פּאָזע.

זי האָט אַרונטערגענומען איהר הוט פון קאָפּ און עפּעס אַ מאָדנע פאַרטראַכטקייט, אַ פאַרביסענע, אַ להכעיס'דיגע, האָט זיך צושפּרייט איבער איהר פּנים. דאָס האָט איהר צוגעגעבען אַ סך חן.

בווירד האָט איהר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט.

מיר האָבען געוואַרט מיט שפּאַנונג.

מאַרגאַרעט האָט אָנגעהויבען:

---

אויב איהר זייט קיינמאָל ניט געווען אין „סאַן וואַקין וואַלי", ווייסט איהר ניט, וואָס עס הייסט נאַטור־רייכקייט. „סאַן וואַקין וואַלי" איז אַ באַוויז, ווי אַזוי גאָט האָט אויסגעפּוצט די וועלט זיינע. „סאַן וואַקין וואַלי" און „סאַן וואַקין ריווער", דער מיילען־לאַנגער טייך, וואָס הויבט זיך אָן ביי די אויביג־פאַרשנייטע „סיערא"־בערג. פון דער הויך פון די בערג אין קאַליפאָרניע גיסט ער זיך אַרונטער אין אַ טהאָל אַריין, און אַזוי ציהט ער זיך דורך בערג און דורך טהאָלען ביז נעוואַדא.

און דאָרטען איז עס פאָרגעקומען.

איהר האָט געמעגט זעהן דעם געגענד דאָרטען. און איהר האָט געמעגט אָנקוקען די שטעדטלאַך, וועלכע זיינען דאָרטען צושפּרייט אין די טהאָלען. צוויי ריעזיגע בערג, און צווישען די בערג ליעגען שטעטלאַך, און דאָרטען איז אויך „סאַן וואַקין וואַלי". די בערג זיינען אַזוי הויך און זיי טורעמען זיך צום בלאָהען הימעל אַזוי מאַיעסטעטיש, אַז דאָס האַרץ הערט אויף צו קלאַפּען, ווען מען

קוקט אויף זיי. אייביג גרין זיינען די בערג. א גאנץ יאָהר זיינען זיי גרין. באוואלדעטע בערג. הויכע, שטאָלצע ביימער וואקסען אויף זיי. גלייך, פאזע בארג, פאנגען זיך אָן די וואָרצלען זייערע, און אזוי ציהען זיי זיך ארויף העכער, העכער, און פארדעקען אזוי דעם גאנצען באָרג. די ביימער זיינען אריינגעפלאָכטען איינער אין צווייטען און צווייג מיט צווייג האַלטען זיך אייביג אין די אָרימס...

קוקט איהר אַרויף אויף די בערג פון די טהאָלען ארויס, דאכט זיך אייך, אז דאָס איז גאָר ניט קיין באָרג, נאָר עפּעס א בוים. בלויז איין בוים, א גרויסער, א ריזיגער, האָט זיך אזוי פאר־נאנדערגעוואקסען און פאנאנדערגעצווייגט אויף מיילען ווייט, און שפּאַרט זיך אין דערזעלבער צייט אין הימעל אריין. דאָס זיינען אייביג־גרינע סאָסנעס. עס וואַרפען זיך דורך אויך אַנדערע ביי־מער, אָבער אַנדערע זיינען דאָ ווייניג. און באזונדערס שטיל איז דאָרטען. די ביימער שטעהען שטיל. קיין שאָרך פון א צווייג. קיין ריהר פון א בלעטעל. גאָט האָט זיי אנגעזאָגט, אז זיי מוזען וואקסען שטיל.

א גרינע, אַן אייביג־בליהענדע, און א שטיל פארטראכטע וועלט.

און וואָלטען דאָרטען פון צייט צו צייט זיך ניט פארבייגעטראָ־גען די בלאָהע פויגלען מיט די רויטע און גאָלדיגע פעדערען אויף די העלזלאך, וועמענס געזאַנג איז אזא ליב־רופענדיגער, וואָלט מען דעם געגענד דאָרטען זיכער געדאַרפט אָנרופען „די איי־ביג־שטילע וועלט“. נאָר מיר דאכט, אז דער געזאַנג פון די בלאָהע פויגלען מאַכט נאָך די שטילקייט פון געגענד שאַרפער. ארום און ארום איז שטיל. נאָר אויף א בוים ערגעץ, אָדער אויף א פארקען וואו, אָדער גאָר אויף א טעלעגראַף דראָט, וואָס ציהט זיך איבער די וועגען, שטעהט א פויגעל און רופט. און דער רופען איז א באצויבערענדער. ער פאַר'כשופ'ט. איך וויים נאָר, אז ווען איך פלעג עס הערען, פלעג איך ווי פארלאָרען ווערען...

אָבער אינגאנצען האָלטען זיין וועלט א פארפּוצטע האָט גאָט, ווייזט אויס, ניט געוואָלט. צופיעל שעהנקייט דערעסט אפשר. ווי זאָגט איהר? און גאָט האָט אין סאן וואקין וואללי אריינגעוואָר־

פען די האָפּען־פעלדער, וואו מענשען דאַרפען שטעהן פון פאַרטאָג, נאָך איידער די זון געהט אויף, ביז פאַרנאַכט, ווען די זון פאַר־שווינדט, און שניידען די האָפּען־זאַנגען, קלייבען זיי, צונויפשאַרען און צונויפבינדען זיי, און פּאַקען זיי אין גרויסע וועגען, אָפּצופיה־רען אין „פלענטס", וואו מען מאַכט פון זיי ביער...

זייענדיג אין סאַן וואַקין וואַלי, פלעג איך אָפט ארויספאָה־רען צו די האָפּען־פעלדער. איך פלעג פאָהרען מיט דעם ווייסען וועג, וואָס שלענגעלט זיך אין די ארומיגע טהאָלען. אבער, ווען איך פלעג נאָר פאָהרען אהין, פלעג איך קומען צוריק א צובראָ־כענע. קוקט איהר אויף דעם אָפּשלאָג, וואָס דער ווייסער וועג קריגט דאָרטען פון די גרינע באַוואַלדטע בערג, אָדער פון דעם טיף־בלאָהען הימעל, מיט זיינע אומצעהליגע זילבער־ווייסע וואָל־קענדלאַך, וואָס הענגען איבער די בערג פאַר׳חלום׳ט און שטיל, מוזט איהר פיהלען ווי מלאכים וואָלטען אייך געטראָגען ערגעץ אין די שעהנסטע פון אלע שעהנע וועלטען. קומט איהר אָבער צו די האָפּען־פעלדער, און קוקט צו ווי שווער די מענשען ארבייטען, און וואָס פאַר א באַהאַנדלונג זיי קריגען, מוזט איהר קריצען מיט די צייהן און שעלטען גאָט...

פאַראַן מאָנאַטען, ווען אין צענטראַל־קאַליפאָרניע איז אויסער־געוויינליך הייס, און נאָך אומערטרעגליכער איז די היץ אויף די האָפּען־פעלדער. און ווי אויף להכעיס, איז דוקא דאַן די בעסטע צייט ארונטערצונעהמען די האָפּען. ציהען זיך גרויסע ברייטע פעלדער מיט האָפּען; אויפ׳ן הימעל שפּאַצירט ארום א הייסע, שאַרף ברענענדיגע זון, וואָס קען, דאַכט זיך, צושמעלצען אייזען מיט איהרע אָנגעברענטע שפּיזען־שטראַהלען; און זיי שרפה׳נען די הונדערטער מענשען, מענער, פרויען און קינדער, וואָס שניידען די האָפּען און שאַרען זיי צונויף אין בינטלאַך.

אָרגאַניזירען די מענשען קענט איהר ניט. אזוי ווי די וואַלד־העקער, זיינען אויך די ארבייטער ביי די האָפּען־פעלדער ארומ־וואַנדערענדיגע ארבייטער. און ווי יענע, האָבען אויך די צוליב דעם קיין געפיהל ניט פאַר א באַשטענדיגען אָרגאַניזאַציאָנס־לעבען. חוץ

דעם, ווערען ביי דער ארבייט דא באשעפטיגט פרויען און קינדער, וואס זיינען שטענדיג פאר'צרה'ט, און איהר קענט צו זיי וועגען יו־ניאנס ניט ריידען. דארטען שטעלען זיך אויך אפ ארבייטען פאר־בייגייענדיגע „טרעמפס“, „האבאס“, וואס נוצען אויס די געלע־גענהייט צו מאכען ווי עס איז א פאר סענט. און זיי זיינען גע־ווים ווייט פון ארגאניזאציע. איך פלעג קומען אהין אויפצורייצען די ארבייטער פון די האפען־פעלדער צו סטרייקס. די פלאנ־טאטארס פון די האפען־פעלדער זיינען שקלאפען־טרייבער, ווי די פלאנטאטארס פון די קאטען־הענדלער. זיי זיינען נאך ערגער פון יענע. איצט איז שוין דארטען צו דערליידען. צוליעב די סטרייקס, וואס מיר האבען דארטען גערופען, זיינען די קאמפאניס געצוואונ־גען געווארען מעהר צו זארגען פאר די ארבייטער. ווען איך בין אהין געקומען, האב איך געפונען, אז זייער לאגע איז שרעקליכער ווי איך האב זיך פריהער פארגעשטעלט. קינדער זיינען אויסגעגאנגען אויף די פעלדער פון דורשט, ווייל די קאמפא־ניעס האבען ניט צוגעשטעלט קיין וואסער פאר זיי. שטונדען און שטונדען לאנג האבען די קינדער זיך געבראטען אין היץ, ביז זיי זיי־נען אויסגעטריקענט און פארברענט געווארען. אפילו קיין „טענטס“, וואו די שקלאפען זייערע זאלען וואוינען, האבען די פלאנטאטארס אויך ניט אויפגעשטעלט. מ'איז געשלאפען אויף די פעלדער, גע־געסען אויף די פעלדער; אלעס האט מען געטהאן אויפ'ן פעלד. ביינאכט פלעגט איהר קענען זעהן, ווי א מוטער זיצט אויף דער ערד מיט איהרע קינדער, קליינע שקלאפעלאך ביי דער זייט, און גרייט עפעס צו צום עסען פאר זיי ביי א צולייגטען פייערל. שפע־טער האט איהר געזעהן, ווי דיזעלבע מוטער ליעגט מיט די קינדער צוגויפגעדרעהט ווי א קנויל, און שלאפענדיג באשיצט זי זיי... פלעג איך דערפאר זיך אפט ארויסלאזען אהין, און ריידען צו זיי און ראטהען זיי צו ווארפען די ארבייט און ערקלעהרען א סטרייק.

אין סאן וואקין וואללי האב איך זיך אויך באגעגענט מיט א מיטעליעהריגער פרוי, אגנעס פאסטער, וועלכע איז געווען באקאנט אין א געוויסען קרייז ראדיקאלען. א „פילאזאפקע“, האט נאר גע־

רעדט פון דער „צוקונפטיגער געזעלשאפט“. איך בין מיט איהר געוואָרען אויפגעטראָגען, און מיר זיינען שטענדיג געווען צוזאמען. אגנעס האָט מיר דערצעהלט איהר גאַנצע פארגאַנגענהייט. פיהרען א פאַמיליען לעבען און זיין פארבונדען מיט א מאַן האָט זי פיינט געהאַט. זי פלעגט זיך שנעל פארליעבען אין א מאַן און שנעל זיך אָפּקעהרען פון איהם... פון איין געליעבטען איהרען איז איהר געבליבען א קינד, א זוהן. ענדי האָט מען איהם גערופען. ענדי איז שוין געווען א גרויסער בחור, ווען איך האָב זיך מיט אגנעס׳ן באַקענט. ער איז געווען אינגער פאר מיר מיט עטליכע יאָהר...

---

אויף מארגארעט׳ס פאר׳עקשנ׳טען פנים האָט זיך באַוויזען א שעהמעוודיגער שמייכעל. און זי האָט פלוצלונג אָפּגעהאַקט איהר געשיכטע. זי האָט אָבער גלייך ווידער אָנגעפאַנגען.

נו, יאָ, פאַרליעבט... דאָס איז געווען אונזער ביידענס ערשטע ליעבע... ענדי׳ס און מיינע... ענדי איז געווען א הויך־געוואַקסי־גער, מיט ברייטע פלייצעס. און בלאָנדע האָר האָט ער געהאַט. און גרויסע קינדישע אויגען. איך האָב איהם ווירקליך געליעבט. אגנעס, די מאמע זיינע, האָט געקוואָלען פון אונזער ליעבע.

איך האָב געוואוינט ביי זיי אין הויז, און יעדער ווינקעלע אין הויז האָט געלויכטען צוליעב דער ליעבע צווישען מיר און ענדי׳ן.

אונזער הויז אין סאַן וואַקין וואַללי איז געוואָרען דער צענ־טער אין דעם געגענד פאר די וואָס האָבען געהאַט אן אינטערעס אין דער אַרבייטער באַוועגונג. איך בין געווען אַנטשלאָסען ארויס־צורופען א סטרייק פון די אַרבייטער אויף די האָפּען־פעלדער, און איך האָב אריינגעצויגען אין דעם יעדען איינציגען, אויף וועמען איך האָב נאָר געגלויבט אז ער קען מיט עטוואָס באַהילפיג זיין. ענדי פלעגט זאָגען אויף מיר, אז איך בין א „העלדישע מיידעל“, און איך בין עס טאַקי געווען. איך האָב דאַן געקויפט אויף אָפּצאָהלען א ניט קיין טהייערען אויטאָמאָביל, וואָס איך פלעג אליין טרייבען, און מיר פלעגען זיך אָפט אוועקלאָזען

צו די אַרבייטער אין די האָפּען־פעלדער מיט צירקולאַרען, זיי אָנווייזענדיג, ווי שווער זיי אַרבייטען, און וואָס פאַר א פינסטער לעבען זיי האָבען אויף די ליכטיגע פעלדער.

אונזער אַרבייט האָט געווירקט. די האָפּען־אַרבייטער זיינען אַרויס אין א סטרייק, וואָס האָט אָבער אָנגעהאַלטען א קורצע צייט. זיי האָבען קיין פיהרער ניט געהאַט, איז עס גלייך געקומען צו א צוזאַמענבּרוך. נאָר אין די פּאָר וואָכען פון סטרייק איז אין לאַנד געוואָרען אַזא טומעל, אז די רעגירונג האָט געשיקט אַהין אונטערזוכער. די פּלאַנטאַטאָרס זיינען דאַן געווען געצוואונגען עפּעס נאָכצוגעבען. מ׳האָט אויפגעשטעלט „טענטס״ פאַר די אַר־בייטער, און מ׳האָט שוין אויך געהאַלטען לאַגלען וואַסער אויף די פעלדער, כדי די אַרבייטער זאָלען קענען שטילען זייער דאָרשט.

אין טומעל פון די ערשטע טעג פון סטרייק האָט אימיצער אונטער־געצונדען א שייער ביי א בּרעג פעלד, וואו די אויפפּאַסער האָבען געהאַט זייערע וואוינונגען. דאָס איז געווען אין מיטען־נאַכט. די אויפפּאַסער האָבען באַשולדיגט אין דעם די סטרייקער. ס׳איז געווען אַן אויפרודערונג און ס׳איז געקומען צו געשלעגען. ס׳זיינען אָנגע־קומען שעריפס, וועלכע האָבען געסטראַשעט צו שיסען. איינער האָט טאַקע געשאָסען, און דער׳הרג׳עט דערביי איינעם פון די „גאַרדס״ פון די בעלי־בתים.

פאַרשטעהט איהר דאָך שוין, אז מען האָט גענומען זוכען אַר־בייטער פיהרער, אויף וועמען צו וואַרפען די שולד. איך האָב זיך דאַן געריכט צו ווערען אַריינגעצויגען אין דעם. נאָר מ׳איז מיך פאַרבייגעגאַנגען. מ׳האָט אָבער אַרעסטירט צוויי אַרבייטער־פיה־רער, אויף וועמען מ׳איז געווען כלומר׳שט איבערצייגט, אז זיי האָבען זיך באַטייליגט אין אונטערצינדען דעם שייער, און שפּעטער זאָלען זיי אויך האָבען דערשאָסען דעם גאַרד; און נאָך צוויי אַר־בייטער־פיהרער האָט מען געזוכט. וואָס אין אונזער קרייז האָט זיך אָפּגעטהאָן, קענט איהר זיך פאַרשטעלען. מיר האָבען די באַ־שולדיגטע גוט געקענט. זיי האָבען מיט דער גאַנצער אָנגעלעגענ־

הייט גאָר ניט געהאַט צו טהאָן. זיי זיינען נאָר דאָן אין יענעם געגענד ניט געווען. איך האָב גלייך אָנגעפאַנגען א פאַרטהיידי־גונגס־באַוועגונג פאַר זיי. ענדי האָט מיר געהאָלפען. מיר האָבען זיך געווענדעט צו יוניאָנס; אויפגערודערט אַלע אונזערע קרייזען; געקראָגען לאָיערס, — עס האָט אבער ניט געהאָלפען. די צוויי ארעסטירטע זיינען געפונען געווארען שולדיג אין טויט־שלאָג און פאַראורטהיילט געווארען צו לעבענסלענגליכע געפענגניס. אונזער גאָר נאָהענטער קרייז האָט דאָן באַשלאָסען, אז די צוויי, וועלכע מ'האָט נאָך דאָן אַלץ געזוכט, זאָלען פארשווינדען. סאַי־ווי־סאַי קענען זיי קיין גערעכטיגקייט ניט ערווארטען. פארוואָס זאָלען זיי געהן פינסטערען אין טורמע?

איז דאָן ווירקליך געווען פאַר אונז אַן אויפגערעגטע צייט.

איין מאָל קומט ענדי פון זיין טעגליכער באַשעפטיגונג און זאָגט מיר, אַז ער פאָהרט אַוועק אין די „איסטערן סטייטס". קאַ־ליפאָרניע איז איהם מיאוס געווארען. ער וועט פאָהרען נאָך ניו יאָרק, און דאָרטען, דענקט ער, וועט ער זיך ארויפארבייטען, און דאָן וועלען מיר זיך איינאָרדענען צו פיהרען א באַלעבאַטישען לעבען. ס'האָט מיך גענומען קלאַפּען אין הארצען. עפּעס איז מיר ניט געפעהלען געווארען, ווי אזוי ער האָט צו מיר גערעדט. ער האָט מיר ניט געקוקט גלייך אין פּנים אריין, ווען ער האָט גערעדט. איך האָב געפיהלט, אז עפּעס באַהאַלט ער פון מיר. איך האָב איהם אָנגענומען פאַר די אַקסלען, איהם אריינגעקוקט אין די אויגען, און בלויז איין וואָרט האָט זיך פון מיר ארויסגעריסען:

— ענדי?!...

אָבער ענדי איז באַשטאַנען אויף דאָס זייניגע. ער פאָהרט. איך האָב איהם ניט געוואָלט שטערען. איך האָב געוואוסט, אז לאַנג וועט ער ניט זיין ווייט פון מיר. ער וועט בענקען נאָך מיינע לאַסקעס. ער האָט געהאַט א קינדיש הארץ. „זאָל ער זיך דורכ־פאָהרען", האָב איך געטראַכט.

פאַר זיין פאָהרען האָבען מיר געמאַכט א רייזע איבער גאַנץ סאַן וואַקין וואַלי. מיר זיינען געפאָהרען מיט אונזער אויטאָמאָביל.

מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביי אלע שעהנע פּלעצער, און שטונדען לאַנג האָבען מיר פאַרבראַכט ביי די טייכלאַך, וועלכע גיסען זיך ארויס פון דעם סאן וואקין ריווער און ציהען זיך אין די בערג אַריין. ענדיּ פלעגט אָנקוועלען פון די פיש, וועלכע דרעהען זיך אַרום אין די טייכלאַך. אזעלכע פיש זיינען אפשר אויף דער גאַנצער וועלט ניטאָ. מאַנכע פיש דאָרטען האָבען א רעגענבויגען קאָליר. אַנדערע זיינען אזעלכע געפּינטעלטע. וויים־זילבערנע און פּורפּור־רויטע פינטעלאך האָבען זיי אויף דעם הויט זייערען. און ווען זיי גיבען זיך א פּלוסק און קעהרען זיך איבער, גיט עס אזא בליאסק פאַר די אויגען, אַז עס דאַכט זיך, אז קליינע ליבטעלאך האָבען זיך אין וואַסער אָנגעצונדען... די טייכלאַך זיינען ניט קיין טיפע. דאָרטען זיינען דאָ שטיינדלאַך פון אלערליי קאָלירען, אָן וועלכע דער לויפענדער וואַסער שלאָגט זיך אָן, און צוליעב דעם קומט פאָר אין מאַנכע ערטער פון די טייכלאַך א שטענדיגער שפּיעל פון פאַרבען... מיר האָבען זיך מיט אונזער אויטאָמאָביל געיאָגט איבער'ן ווייסען וועג. אָט זיינען מיר אריין אין הארץ פון א באַרג, און אָט זיינען מיר געווען פאַר א קייט פון שמעקעדיגע בלומען־פעלדער, וואָס שפּרייטען זיך ארום די וואַסערען. פאַראַן דאָרטען פעלדער, אויף וועלכע עס וואַקסט נאָר איין סאָרט בלום, די „פּאָפּיע“. זיי וואַקסען אזוי ווי מאָהן. און ווען זיי בליהען זיך פאַנאַנדער, שפּראָצען ארויס פון זייערע קעפּלאַך גאָלדען־פאַרביגע פעדימלאַך. ווען איהר קוקט אויף אזא צובליהטען פעלד, דאַכט זיך אייך, אז פאַר אייערע אויגען שפּרייט זיך א טעפּיך פון גאָלד. קוקט איהר אויפ'ן פעלד, ווען עס איז א זון אונטערגאַנג, און דער הימעל איז בלוט־רויט, מיינט איהר, אז פאַר אייערע אויגען וויקעלט זיך א דופּטיגער רויטער פלאַם. די רויטקייט פון הימעל שפּיגעלט זיך אויף די בלומען. ווען עס ווערט פינסטער, ווערען די גאָלדען־פאַרביגע בלימלאַך נאָך ליכטיגער. און דאַן דאַכט זיך אייך, אז איהר זעהט א פעלד, וואו עס וואַקסען אָנגעצונדענע ליכטלאַך...

מיר זיינען דאָס אלץ פאַרבייגעפאָהרען שווייגענדיג, און אזוי

שווייגענדיג זיינען מיר געקומען צוריק אהיים. שווייגענדיג האָב איך ענדי'ן אויך באַגלייט צו דער באַהן, מיט וועלכער ער איז אוועק אין דער „איסט".

די ערשטע טעג האָט זיך אויך ענדי'ס מוטער געשראָקען. נאָכ־דעם האָבען מיר געהערט, אַז ער איז אין ניו יאָרק און האַלט זיך אויף צווישען באַקענטע, האָט עס אונז בארואיגט. אַגנעס און איך האָבען א פּאָר מאָל זיך צואווערטעלט אין דער צייט. מיר איז ניט געווען געפעלען, וואָס זי „קריטיקירט די גאַנצע וועלט". אַלץ קוקט איהר אויס צו זיין „פינסטער". יוניאָנס געפעלען איהר ניט: צו קאָנסערוואַטיוו און צו עגאָאיסטיש... מ'טראַכט גאָר ניט וועגען דער צוקונפט... אזוי פלעגט זי רעדען, און מיך האָט עס פאַרדראָסען. כ'האָב זיך אבער געהאַט מיין באַ־שעפטיגונג און די פרייע צייט פלעג איך פאַרברייַנגען צווי־שען פריינד. אונטער דער צייט האָט איך א פּאָר מאָל גע־הערט פון די צוויי פאַרשוואונדענע פריינד, וועלכע מען האָט גע־זוכט, כדי זיי צו פאַראורטיילען אין פאַרבינדונג מיט'ן פייער און מאָרד אין סטרייק אויף די האָפּען־פעלדער. זיי זיינען געווען אין באַזונדערע געגענדען פון לאַנד. איינער האָט זיך פאַר מיר געקלאָגט אין א פאַרשטעלטען בריף, אַז עפּעס פילט ער, אַז מ'געהט איהם נאָך, מ'שפּיאָנירט איהם. איך האָב איהם געענטפערט און געטרייסט, אַז עס דאַכט זיך איהם בלויז...

איין פריהמאָרגען האָבען מיר אין די צייטונגען געזעהן, אַז מ'האָט ביידען „געכאַפּט". אין איין און דעמזעלבען טאָג האָט מען זיי ארעסטירט, און מען וועט זיי אין גיכען ברענגען אין קאַליפאָרניע צום געריכט. מיר האָט דאַן א גאַנצען טאָג געשווינ־דעלט אין קאָפּ. טיף אין האַרצען האָט זיך אריינגעכאַפּט א ווערימעל, וואָס האָט געזויגען מיין בלוט און פיינליך געגריזשעט מיין נשמה. וואָס דאָס איז, האָב איך ניט געוואוסט. אויף מאָר־גען האָב איך ערהאַלטען א טעלעגראַמע פון מיין ענדי, אַז ער קומט אהיים, אַז ער איז געזונד און מונטער, און אַז ער וויל, איך זאָל איהם אַפּוואַרטען ביים באַהן און קומען א פרעהליכע.

דאָס האָט אביסעל געשטילט מיין געמיט.

ענדי איז געקומען. ער איזווירקליך געווען מונטער. אָבער עפּעס איז ער ניט געווען אזוי ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. ער איז געווען צו־פרעהליך, און האָט ער גערעדט צו מיר, איז ער געווען אומרוהיג. ער האָט זיך אויך אויסגעהיט מיר צו קוקען אין די אויגען, און ווען איך האָב איהם געפרעגט, צי ער ווייסט פון דעם, וואָס מען האָט די צוויי פריינד אונזערע „געכאַפּט", האָט ער זיך ארויסגעדרעהט פון רעדען וועגען דעם. איך האָב דערפון פאַרשטאַנען, אז ער וויל שוין מעהר ניט האָבען צו טאָן מיט דער געזעלשאַפט פון ארבייטער פיהרער, אין וועלכער מיר האָבען זיך תמיד געפיהלט גוט און אינטים. און דאָס האָט מיר פארדראָסען. איך בין א גאַנצען טאָג געווען ווי א צוטומעלטע. מיר זיינען פון דער באהן געקומען צום הויז, וואָס איך האָב עקסטרא צוגעגרייט און אויסגעפוצט, אלס א ווילקאָמען פאר ענדי'ן. ער האָט זיך אָבער צו אַלץ פאַרהאַלטען פרעמד. ווען ער איז ארוים פון הויז, האָב איך גענומען אויפּפּאַקען זיינע זאַכען און מיין גערדיקטער געפיהל איז געוואָרען נאָך פיינליכער. עפּעס האָב איך באמערקט סודות ארום ענדי'ן. איך האָב געפונען אין זיינע זאַכען צעטעלעך, וואָס זיינען געווען אומפארשטענדליך. איך האָב געפונען א גרויסען האָטעל־ביל, און איך האָב זיך געוואונדערט, ווי עס קומט צו איהם, און פאַרוואָס ער האָלט דאָס. ער האָט מיר פאר'ן אוועקגעהן פון הויז אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל זיין פאָרזיכטיג מיט דעם לעדערנעם באַנד, וואָס ער האָט אויפגעהאַנגען אויפ'ן וואַנד, ווייל דאָרטען זיינען דאָ צוויי אָנגעלאָדענע רעוואָלווערען. צו וואָס דאַרף ער זיי? איך האָב עס איהם געפרעגט, נאָר איידער איך האָב ביי איהם געקענט ארויסקריגען א קלאָהרען ענטפער, איז ער שוין געווען ארוים פון הויז. ווען איך האָב איבערגעטאַפּט זיינע זאַכען, האָט מיר דאָס האַרץ געקלאַפּט אזוי ווי איך וואָלט זיך געראַיעט אין עפּעס, וואָס קען ברענגען אַן אומגליק.

און דער אומגליק איז ארויסגעשפּרונגען.

איך האָב געפונען עפּעס אין זיינע זאַכען, וואָס האָט מיך אָנ־געשטויסען, אז ענדי האָט געהאט צו טאָן מיט׳ן ארעסט...

ענדי א שפּיאָן!... דאָס בלוט אין מיר האָט אויפגעקאָכט און אין א ווײַלע שפּעטער אינגאַנצען, דאַכט זיך, פאַרגליווערט געוואָרען. מיין קאָפּ, האָב איך געמיינט, וועט צושפּרונגען.

ענדי דער שפּיאָן?...

א ש־פּ־י־אָ־ן ? ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב ענדי׳ן גאָר ניט געזאָגט וועגען מיין אויסגעפינען. איך האָב ביי איהם אויך ניט געפאָרשט. א פּאָר טעג בין איך געווען קראַנק, אזוי ווי פאַראַליזירט. איך האָב אָנגעגעבען פאַרשיעדענע תירוצים פאַר מיין פּלוצלונגע קראַנקהייט. און ווען איך בין אויפגע־שטאַנען איז מיין פּלאַן געווען פאַרטיג.

איך וועל עס איבערגעבען צו די עטליכע מענשען, וואָס זיינען מיינע אינטימסטע פריינד אין אונזער קרייז. זאָלען זיי באַזוכען. זאָלען זיי פאָרשען. מיינע דאַמאָלסדיגע געפיהלען צו ענדי׳ן קען איך ניט באַשטימען. פון ליעבע האָט דאָך שוין קיין רייד ניט געקענט זיין. אָבער האַס אויך ניט... איך וויים איבערהויפּט ניט, וואָס מיט מיר איז דאַן געווען...

די עטליכע פריינד מיינע האָבען ניט געדאַרפט לאַנג זוכען. זיי האָבען באַלד געהאט א געלעגענהייט זיך צו ערקונדיגען. עס איז געוואָרען קלאָהר, אז ניט נאָר האָט ער געאַרבייט פאַר א שפּי־אָנען־געזעלשאַפט אויסצוגעפינען און אַרויסצוגעבען די צוויי גע־זוכטע, נאָר אז ער וועט אויך אויפטרעטען געגען זיי אלס הויפּט־עדות, ווען מען וועט זיי שטעלען צום געריכט.

אין האַרצען איז שוין ענדי דאַן געווען פאַר מיר א ווילד־פרעמ־דער. איך בין מיט איהם געגאַנגען, פאַרבראַכט, אָפט זיך א שפּיל געטהאָן, ווי פאַרליעבטע, אָבער אין האַרצען איז ביי מיר געלעגען עפּעס, אזוי ווי א טויטע זאַך. און ווען מען איז געקומען מיר זאָ־גען, אז מ׳האָט באַשלאָסען אָפּצוראַמען ענדי׳ן פון וועג, כדי ער

זאָל ניט קענען אויפטרעטען אַלס אַן עדות, האָב איך עס אויפגע־נומען גלייכגילטיג.

איך ווייס ניט, צי איך בין געווען ביים זינען, אָדער ניט. איך געדענק, אַז איין פריהמאָרגען, ווען ענדי האָט נאָך געשלאָפען, בין איך צוגעגאַנגען צו זיין בעט. איך האָב באַטראַכט זיין פּנים. ער איז געווען פריש און איבער זיינע ברעמען האָט געשוועבט אַ חלום. איך האָב איהם געוואָלט אַי קושען, אַי שטיקען, ווערגען... איך האָב אָבער גאָרנישט געטהאָן. איך בין אַזוי געשטאַנען אַ לאַנגע צייט. דאַן בין איך צוגעגאַנגען צו זיין מוטער'ס בעט. זי האָט אַקאָרשט געהאַט געעפענט די אויגען. אויף די ליפּען מיינע איז געלעגען אַ פאָרוואורף:

— וועמען האָסטו אויסגעהאָדעוועט?...

איך האָב אָבער גאָרנישט געזאָגט. איך בין אַרויס פון הויז און צוריק אַריין און צוזאַמענגעבראָכען. ווידער בין איך עטליכע טעג געלעגען קראַנק. אין דער צייט האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אגנעס ווייסט שוין אויך, וואָס מ'רעדט אויף איהר זוהן. אָבער עפּעס אַרט עס איהר גאָר ניט. מ'האָט זיך צו איהר געווענדעט מיט אַ פאַרלאַנג צו געהן אין געריכט, ווען ענדי וועט אויפטרעטען אַלס אַן עדות, און דאָרטען זאָגען אַז דער זוהן איהרער איז אַ שוואַכזיניגער, פון קינדווייז אָן אַזוי געווען, און מ'קען זיינע עדות ניט אָננעהמען, האָט זי זיך אַנטזאָגט. וואָס הייסט, זי וועט געהן פאַר'מיאוס'ן איהר מוטערשאַפט?... דאָס האָט מיך אויפגעשווי־דערט, און געמאַכט מיך אַנטשלאָסען.

און ווען איך בין פון דער קראַנקהייט אויפגעשטאַנען, בין איך אַוועק צו מיינע פריינד און געזאָגט זיי, אַז איך וועל זיי העלפען דורכפיהרען דעם פּלאַן זייערען. איך וועל זיי צושטעלען ענדי'ן אין אַ באַשטימטען פּלאַץ, און זאָלען זיי טאָן מיט איהם, וואָס זיי ווילען...

מיר האָבען אָפּגעמאַכט, אַז מיר טרעפען זיך ביינאַכט ביים באָרג ניט ווייט פון סאַן וואַקין ריווער, זיי זאָלען זיין צווישען

די בוימער. איך וועל צוקומען אהין מיט מיין אויטאָמאָביל, ענדי וועט זיצען לעבען מיר...

א גאַנצען טאָג בין איך ארומגעגאַנגען ווי אין א פיבער. ווען איך בין געקומען אין הויז, נאָכדעם ווי דער גאַנצער פּלאַן איז שוין געווען פארטיג, האָב איך געטראָפען ענדי׳ן לעבען זיין מוטער. זי האָט איהם געצערטעלט ווי א „בייבי“. ענדי האָט פארשטאַנען, אַז עפּעס וויים איך. ער האָט אָבער אויסגעמידען צו רעדען וועגען דעם. איך האָב ביים אריינקומען ענדי׳ן ארומגענומען און איהם געזאָגט, אַז מיר פאָהרען ביינאַכט פאַר א שפּאַציער. ער איז געווען צופרידען. וויסענדיג, אַז היינט־מאָרגען וועט אַלעס ארויס אין דער עפענטליכקייט, און ניט וויסענדיג, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס וועט מאַכען אויף מיר, איז ער געווען נאָכגעביג ווי א קראַנק קינד...

---

ביינאַכט זיינען מיר ארויסגעפאָהרען... די לעצטע רייזע אונזערע...

איך האָב געטריבען דעם אויטאָמאָביל, און ענדי איז געזעסען לעבען מיר. איך האָב געיאָגט דעם אויטאָמאָביל איבער דעם ווייסען וועג פון סאן וואקין וואַללי. מיר האָבען ניט גערעדט. ענדי האָט פּרובירט מיך ארומנעהמען און אריינקוקען אין די אויגען... דער אויטאָמאָביל האָט זיך געיאָגט אַלץ טיעפער צווישען די בערג. פאַר אונז האָבען געשוועבט פעלדער מיט די גאָלדענע „קאַליפאָרניע“־בלומען, די „פּאָפּיעס“. דער הימעל איז געווען מיט מיליאָנען שטערען באַדעקט. און די שטערען אויבען, און די „פּאָפּיעס“ אונטען, האָבען געמאַכט אַן איינדרוק, ווי סאַי אויף דער ערד און סאַי אויפ׳ן הימעל ברענען ליכטלאַך. איך האָב זיך דערמאָנט אַז אונזער רייזע, איידער ענדי איז אַפּגעפאָהרען אין דער „איסט“. מיין גאַנצער לעבען איז פאַר מיר פארבייגעשוואומען. עס האָבען זיך געביטען בילדער, מענשען, סצענעס. פּלוצלונג האָב איך גאָר דערזעהן מיין מוטער׳ס געשטאַלט... איך האָב זיך געזעהן א קליין קינד, אין מיין מוטער׳ס שויס, דאַן ווען מיין פאָטער איז

געשטארבען... איך האָב זיך געזעהן צום ערשטען מאָהל אין ענדי׳ס אָרעמס... ארום אונז איז געווען שטיל. נאָר פון וואלד ארויס, פון הויכען באַרג אַראָפּ, האָט זיך געהערט דאָס געשריי פון „סאָ־וועס“, נאַכט־פויגלען, וואָס א גאַנצען טאָג זיצען זיי אויף די צווייגען און ריהרען זיך ניט פון אָרט, און ווען עס קומט די נאַכט צושרייען זיי זיך מיט א יאָמער. א מאָדנער געפיהל האָט מיך דאַן באַהערשט... זיין אזוי ווי א סאָווע, האָט זיך מיר געוואָלט... ביי־טאָג גאָר ניט זעהן, און ביינאַכט שרייען... אונזער אויטאָמאָ־ביל האָט זיך געיאָגט און געיאָגט...

— מיר׳ן פאָהרען צוריק, — האָט ענדי א זאָג געטהאָן, ווען מיר זיינען שוין געווען ביי די זומפּען ניט ווייט פון סאַן וואַקין רי־ווער. ס׳האָט זיך דערביי געהערט דאָס קוואַקען פון זשאַבעס.

— אָט באַלד — האָב איך געענטפערט — אָט באַלד...

מיר זיינען געקומען נעהענטער צום פּלאַץ... יאָ... זיי זיינען געווען... זיי זיינען ארויס פון צווישען די בוימער — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און צוריק פארשוואונדען מיט ענדי׳ן. — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

גענוי, וואָס עס איז פאָרגעקומען, געדענק איך ניט... איך גע־דענק אפילו ניט, צי ענדי האָט געשריען... איך געדענק בלויז, אז איך האָב זיך געיאָגט צוריק מיט׳ן אויטאָמאָביל אליין... און פון וואלד ארויס, פון באַרג אראָפּ, האָבען „סאָוועס“ געיאָמערט מיט א מאָדנעם גרויל...

---

מאַרגאַרעט איז אַנטשוואונען געוואָרען. מיר האָבען אַלע דאַן זיך ארומגעזעהן, אז זי האַלט די אויגען צוגעמאַכט...

דער אַלטער פּעט האָט א קוש געטאָן מאַרגאַרעט׳ס האַנט.

# אין קעסעל גרוב פון ניו יאָרק

„...און אלע פעלקער וויינען
פון אומעט...“

— ס'וועט אונז זיין אינטערעסאַנט עפּעס צו הערען פון אייך — האָט דער הויכער בלאָנדער דזשיימס פון די שיפּען־בויער זיך גע־ווענדעט צו מיר. מען זאָגט, אז די באַוועגונג ביי אייך איז גאָר אַן אנדערע. דערצעהלט אונז, וואָס עס האָט זיך אַמשטאַרקסטען איינגעקריצט אין א י י ע ר האַרצען...

איך האָב געפּיהלט אַלעמענס בליקען אויף זיך און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, ווי איך וואָלט פּלוצלונג געשטעלט געוואָרען צו אַן עקזאַמען. ס'האָט זיך מיר געוואָלט א רייץ טהאָן מיט די אמע־ריקאַנער חברים, און ווייזען זיי, אז אונזערע טראַגעדיעס זיינען טי־פערע... איך האָב אָבער באַמערקט:

— די באַוועגונג ביי אונז... וואָס איז דער אונטערשיעד... אונזער גאַנצער ארבייטער קאַמף איז געהייליגט פון שטילע טראַ־געדיעס, וואָס בלויז יחידי סגולה ווייסען פון דעם... נאָר איך וועל אייך דערצעהלען פון א סטרייק־טראַגעדיע אין א אידישער שניי־דער־פאַמיליע.

דעם קריזיס אין יאָהר 1907 געדענקט איהר. געווען א פּאַר־ניכטונגס־שטורם פון הונגער איבער'ן לאַנד. און אין יענעם יאָהר איז א שניידער־פאַבריק געווען אין סטרייק. א געוועהנליכער סטרייק, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרען צוליעב דער געוועהנלי־כער בלינדער עקשנות פון דעם באַלעבאָס פון פאַבריק. דער סטרייק האָט זיך אָנגעפאַנגען איידער דער קריזיס איז אריינגעטראָ־טען. ער האָט זיך אַזוי געצויגען וואָכען און וואָכען. דאָן איז גע־

קומען דער קריזיס און די האפענונג צו געווינען דעם סטרייק איז אינגאנצען פארלארען געגאנגען.

צווישען די סטרייקער איז געווען א פאמיליען־מאן, א פאטער פון צווי טעכטער און איין זוהן — קיינער נאך ניט קיין דערוואקסענער. ער איז געווען דער ארימסטער פון די ארימע. די פרוי און די קינדער האבען געהונגערט, טעג נאך טעג געהונגערט. זיי האבען ניט געקאנט צאהלען קיין דירה־געלט, האט דער לענדלארד פון הויז זיי ארויסגעווארפען אויפ'ן גאס. האבען פאטער, מוטער און קינדער ווי הונגעריגע חיות זיך געטריבען איבער די ניו יארקער גאסען און אין רינשטאק ביים טראטואר, לעבען הויז, זיינען געלעגען די ארויסגעווארפענע זאכען, אזוי ווי שטומע עדות פון א חרוב־געווארענעם לעבען.

עס איז געווען ווינטער. ניו יארק איז געווען איינגעטונקט אין א בלאטיגען שניי. די גאס איז געווען אומעטיג און גרוי. און ווינט און רעגען האבען פון צייט צו צייט געגרוילט מיט זייער יאמער־געזאנג.

די נויט האט דעם סטרייקענדען פאמיליען־פאטער אזוי צוגע־דריקט, אז ער האט ניט געזעהן קיין אויסוועג. צו בעטלען ביי פאר־בייגעהער איז ער געווען צו שטאלץ. קריגען ארבייט אנדערש־וואו איז געווען אונמעגליך. פון פארראטען דעם קאמף האט קיינער ניט געוואגט אפילו צו קלערען. איז דער סטרייקער, דער פאטער, באגאנגען זעלבסטמארד.

א געוועהנליכע געשיכטע.

גוטע מענשען האבען ווי עס איז די פאמיליע געהאלפען און זיי האבען ווייטער געשפונען זייער ארימען לעבען. אין זכרון פון דער אלמנה און די יתומים האט זיך אבער איינגעקריצט, אז א סטרייק האט ביי זיי צוגענומען זייער באשיצער, און אויף אייביג געמאכט זיי עלענד...

די קינדער זיינען אונטערגעוואקסען. דער זוהן האט פארנו־מען דעם פאטער'ס פלאץ. ער איז אריין ארבייטען אין א שניי־

דער־פאַבריק. און די עלטערע טאָכטער איז געוואָרען א בלוזען־מאַ־
כערין. דאָס לעבען איז ניט אלע מאָל צרה׳דיג. עס זיינען אויך
דאָ שעהנע טעג, — געלעכטער, פרייד. די מוטער, די אלמנה, האט
געהאָפט, אז גאָט וועט איהר נאָך באַצאָהלען פאר איהרע אמאָליגע
יסורים. זי וועט האָבען נחת פון איהרע קינדער.

איז אָנגעקומען א שטורעם־יאָהר פון סטרייקס אין נאָדעל־פאַב־
ריקען. דער אימיגראַנטען קווארטאל האט געראַוישט. עס האָט אויס־
געקוקט, אזוי ווי א גאַנצער דור שקלאַפען האָט פלוצלונג אויפגע־
וואכט און רעוואָלטירט.

די שניידער־יתומים זיינען געווען בראַווע סטרייקער, האָבען
קיין מינוט ניט געדוהט. זיינען שטענדיג געווען פון די ערשטע אין
די „פיקעט"־דעמאָנסטראַציעס. און אין די אָוועגטען, ווען זיי פלע־
גען קומען אהיים, פלעגען זיי מיט באַגייסטערונג דערצעהלען דער
מאַמען, וואָס זיי האָבען דורכ׳ן טאָג איבערגעלעבט. די מאַמע
פלעגט זיי אויסהערען, קוקען זיי אין די אויגען אריין, און שוויי־
גען. עפּעס האָט אן אינערליכער פחד געדריקט איהר הארץ. דאָס
וואָרט „סטרייק" האָט איהר געשראָקען. עפּעס איז געלעגען אין
דעם, דאָס, וואָס האָט א שייכות מיט די אמאָהליגע יסורים, און
מיט דעם טויט פון איהר לעבענס־באַגלייטער, דעם פאָטער פון
איהרע קינדער... נאָר זי האָט געשוויגען: די קינדער ווילען דאָס,
דאַרף זי זיי ניט שטערען...

אָבער גאָט׳ס קללה האָט געדוהט אויף דער אָרימער שניידער־
פאמיליע. אויף די „פיקעט" - דעמאָנסטראַציעס האט די
טאָכטער געקראָגען א שטאַרקען קלאַפּ אין אן אויג. דאָס אויג
האָט אויסגערונען, און זי איז בלינד געוואָרען. דערצו האָט זי נאָך
פון שרעק, בעת דעם געשלעג צווישען די סטרייקער, סטרייק־ברעכער
און פּאָליציי, געקראָגען א כראָנישע ספּאַזמען־קראַנקהייט, די „פּאַ־
ליגע"...

אין דער זעלבער וואָך האָט עפּעס אויך פּאַסירט מיט׳ן זוהן.
ער איז אויך שטאַרק צושלאָגען געוואָרען ביי א „פּיקעט־דעמאָנ־

סטראַציע. מען האָט איהם נאָך דערצו אַרעסטירט, און עטליכע מאָ־נאַטען איז ער געווען פאַרשפּאַרט אין געפענגניס. דאָס האָט איהם געריהרט פון זינען. ער איז ניט געווען ווילד... זיין מוח האָט ניט געברענט... פאַרקעהרט, עפּעס איז אין איהם פאַרקיהלט געוואָרען... זיין קראַנקהייט איז געווען שווייגען, גאָרנישט רעדען... און א מאָדנער פאַרפראָרענער בליק האָט שטענדיג אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגען...

מ'האָט ביידע קינדער צוגענומען אין פאַרשיעדענע אַנשטאַל־טען פאַר אומהיילבאַרע. די מוטער איז געבליבען אַליין מיט איהר אינגסטער טאָכטער.

און שטאַרק געהיט האָט די מוטער איהר אינגסט קינד. טאַקע צוליב אָט דעם קינד לעבט זי. וואָס פאַרמאָגט זי דען נאָך? אפילו די טרערען האָט זי שוין אַלע אויסגעוויינט.

און פּונקט אזוי ווי די מאַמע, אזוי איז אויך דאָס קינד אַרומ־געגאַנגען מיט א שרעק פאַר דעם וואָרט „סטרייק". איצט זיינען שוין אין אָט דעם וואָרט געלעגען אַלע אומגליקען פון דער וועלט, אַלע שרעקען פון גיהנום, דער גאַנצער שוידער, וואָס א פאַנטאַזיע קען נאָר אויסטראַכטען...

דאָס קינד איז עלטער געוואָרען, און נאַטירליך געמוזט געהן אַרבייטען. און עס האָט פּאַסירט אזוי, אז דער שאָפּ, וואו דאָס צו־שראָקענע קינד איז אַריין אַרבייטען, איז פון מיר געשטעלט גע־וואָרען אין סטרייק.

דאָס איז געווען אין א פאַרנאַכט. גלייך נאָך דער אַרבייט זיי־נען די אַרבייטער געקומען צו א פאַרזאַמלונג, וואו איך האָב צו זיי גערעדט. און זיי זיינען אַוועק אַהיים מיט א באַשלוס ניט צו געהן אַרבייטען. צווישען די פאַרזאַמעלטע איז אויך געווען די יתומה, וואָס האָט זיך אויפגעהאָרעוועט זעהענדיג די טרערען פון איר עלענדער מוטער און מיט א פיינליכען שרעק פאַר דעם וואָרט „סטרייק"... זי איז געזעסען ביי דער פאַרזאַמלונג שטיל, אזוי ווי א קראַנקע צושראָקענע טויב...

אויף מאָרגען איז צו מיר געקומען אַן אַלטע, איינגעבויגענע פרוי, מיט אויסגעוויינטע אויגען, מיך אָנגענומען פאַר'ן האַנד, און מיט אַ געבראָכענער שטים און אויסגעפּרעפּעלטע ליפּען אַ פרעג געטהאָן:

— וואָס ווילט איהר פון מיינע קינדער?... האָבען זיי אייך עפּעס שלעכטס געטהאָן?...

לאַנג נאָך דעם, פלעגט אין מיין זכרון אָפּט אַרויסשווימען די געשטאַלט פון דער עלענדער מאַמען. איך פלעג זעהן די געלע ביי־נערדיגע האַנד, וואָס האָט יעדע ווייַלע מיין אָרעם אָנגענומען, ווען זי האָט איהר קלאָג־ליעד אויסגעקלאָגט. און די אויסגעוויינטע אויגען איהרע האָבען מיך אַ לאַנגע צייט פאַרפאָלגט...

---

ווען איך בין אַנטשוויגען געוואָרען, האָט דער אַלטער פּעטה ווי פאַר זיך געזאָגט:

— אַ שטילע טראַגעדיע אין דעם קאָכיגען קעסעל־גרוב פון ניו יאָרק.

עס איז שוין געווען שפּעט. מיר זיינען זיך אַלע פונאַנדערגע־גאַנגען. אָהן ווערטער איז ביי אונז געבליבען אַן אָפּמאַך, ביי אַ געלעגענהייט ווידער זיך צוזאַמענקומען, און ווידער זיך דערצעה־לען מעשה'לאַך פון אונזער יוניאָן־לעבען...

# ביים צלם

„...אויף ים און יבשה  
הערשט באטרוג — וואו  
איז גאָט'ס אָרט?...  
תפילות ווערען פארשטומט  
אין מיטען וועג —  
און דער הימעל איז ווי  
בליי...  
און פויגלען ווערען  
אויסגעשטיקט אין  
מיטען־פליהען...“

טאם היל, אן אָרגאַניזער פון בריקען־בויער, האָט מיך געלאָדען צו זיך אין געסט. אויפ'ן וועג צו איהם אהיים, פון א פאַרזאמלונג אין יאָנקערס, האָט ער פארפיהרט מיט מיר א דיסקוסיע, פאַרוואָס די גרויסע ארבייטער־מאסע ווייסט ניט ווי אָפּצושעצען די ארבייט פון פריהער.

— אין דער אמת'ן איז דאָך אונזער אַרבייט אמאָל פארבונדען מיט געפאהר — האָט ער גע'טענה'ט. — נאָר צוריקגעשמועסט, וואָס ווייסט די גרויסע מאַסע, וואָס אונז קומט אמאָל אוים צו טאָן? קענען מער דען אלעמען דערצעהלען אלץ, וואָס קומט פאָר ארום אונז? פאראן דאָך מאָמענטען אין אונזער ארבייט, ווען מיר מוזען אינגאַנצען זיך האַלטען קאָנספּיראַטיוו... מיר זיינען דאָך געזעץ־ליבענדע מענשען — ניט אמת?... אונזער טעטיגקייט איז דאָך אַן אָפענע — א יאָ?... מיר אָרגאַניזירען... מיר סטרייקען... און דאָס מעג מען דאָך — וואָס זאָגט איהר?

טאם היל האָט זיך אזוי סארקאסטיש גע'חכמה'ט, מעהר מיט זיך אליין, ווי מיט מיר.

טאם הילל האט געוואוינט אין א דערפעל ניט ווייט פון יאנ־קערס. ווען מיר זיינען ארויס פון דער פארזאמלונג, איז שוין גע־ווען שפעט. קיין קארס צום דערפעל זיינען שוין ניט געלאפען. און כאטש פון יאנקערס ביז טאם הילל'ס וואוינונג איז עטליכע מייל, זיינען מיר געגאנגען צו־פוס.

געווען איז דאס אין א טרוקענער אבער קיהלער סעפ־טעמבער נאכט. א לייכטער ווינטעל האט געמורמעלט צווי־שען די בוימער פון ביידע זייטען וועג, און פאר כעס, וואס דער זומער איז שוין אוועק, האט ער מורמלענ־דיג געצופט די געלע בלעטער פון די שוין פאר'חלש'טע צווייגען און זיי געווארפען אויפ'ן וועג ארויף.

ביי דער פארזאמלונג איז טאם הילל שטארק קריטיקירט גע־ווארען פון זיינע מיטגלידער. עפעס האט מען צו איהם געהאט טענות. ער האט זיך אפילו פארענטפערט, און דער עולם האט איהם צום סוף געגעבען א צוטרויאונגס־אוואציע, אבער דאס האט איהם קענטיג ניט צופרידענגעשטעלט. און ביז מיר זיינען ארויף אויפ'ן מיטען וועג, און ער האט אויפגעהויבען די דיסקוסיע מיט מיר, איז ער געגאנגען פארטראכט.

דער אויסגעשטערענטער הימעל און דאס מורמלען פון ווינטעל צווישען די בוימער מיט די פאלענדע בלעטער האט מיך אויך גע־מאכט שטיל. א בענקשאפט האט זיך ארייגנע'גנב'עט אין הארצען, און עס האט זיך געוואלט בעסער רעדען מיט דער אייגענער נשמה. דער שארף פון די בלעטער אונטער אונזערע פיס האט די שטילקייט נאך מעהר פארשארפט, און ווען טאם הילל האט פלוצלונג אנגעפאנגען זיך צו באקלאגען וועגען דער ארבייט פון יוניאן־ארגאנייזערס, און ווי די גרויסע מאסע איז זיי שטענדיג חושד, און טראכט זיך קיינמאהל ניט אריין אין זייער לעבען, האט עס געקלונגען ווי צווישען די בוימער וואלט אימיצער געוויינט.

— אט וועל איך אייך דערצעהלען, וואס איך האב אמאל איבערגע־לעבט — האט טאם הילל א ווײלע שפעטער זיך אפגערופען —

דאָס איז געווען ערגעץ אויפ'ן „קאָוסט“, ניט ווייט פון מעקסיקאני־
שען גרענעץ, ביים באריהמטען צלם לעבען סאן דיעגאָ.

---

ניט ווייט פון סאן דיעגאָ געפינט זיך אַ הייליגער באַרג. אויפ'ן באַרג שטעהט אַ צלם. דער צלם איז אַן אָנדיינק פון די רעליגיעזע שלאַכטען אויפ'ן „פּאַסיפיק קאָוסט“ צווישען די ווייסע אמעריקאַנער און די קופּער־פאַרביגע אינדיאַנער.

מענשען ווילען כסדר באַצווינגען אַנדערע. אונזערע ווייסע אַמעריקאַנער האָט זיך פאַרוואַלט, אַז די אינדיאַנער שבטים, וועל־כע געפינען זיך נאָך אויפ'ן „פּאַסיפיק קאָוסט“, זאָלען זיך אָפּזאָגען פון זייער גלויבען, און אָננעהמען דעם „ווייסען“, דעם קריסטליכען גאָט. דערפאַר טרעפט מען נאָך אויפ'ן „קאָוסט“, אפילו איצט, יעדע עטליכע מייל אַ מיסיאָנס־הויז מיט אַ גלאָק, וואָס אַמאָליגע יאָהרען האָט עס געדינט פאַר אַ קירך, אויף אָפּצו'שמד'ן די מונקעל־רויט־הויטיגע אינדיאַנער. די אינדיאַנער האָבען געקוקט אויף דעם מיט שנאה. דער גאָט פון די אינדיאַנער איז יעדע ערשיינונג אין דער נאַטור, וואָס איז אויסערגעוועהנליך. צוברומט זיך דער ים, איז דאָס אַ געשריי פון גאָט, און זיי פאַלען דאַן אויף די קני און פּרעפּ־לען אַ תפילה. קומען די גרויסע רעגענס אויפ'ן „קאָוסט“, און פון די הימלען גיסען זיך טייכען וואַסער, איז דער שלאַקס־רעגען אַ גאָט. ווערט דאַרטען אַ פאַרפלייצונג און גאַנצע פעלדער און שטעדטלאָך ווערען פאַרטרונקען, איז די פאַרפלייצונג אַ גאָט. באַווייזט זיך עפּעס אַן אונגעוועהנליכע ערשיינונג אויפ'ן הימעל, עס קלייבען זיך צונויף אונצעהליגע ווייסע וואָלקענדלאַך, וועלכע קוקען אַראָפּ אור־מעטיג־פאַרטראַכט — זיינען די הימעל־קנייטשען געטער. אַ גאָט איז אויך די לבנה, וועלכע שיפּט זיך געלאַסען צווישען די שטערען, און אַ גאָט איז אויך די הייסע זון, וועלכע וואַרפט פון זיך ברען־שטראַהלען, און טריקענט אויס דאָס זאַפט פון גראָז און פון בלום. יעדע אויסערגעוועהנליכע נאַטור־ערשיינונג איז ביי זיי אַ

גאָט. און זיי דינען די געטער זייערע מיט אַ שטילער, אָבער עקשנות'דיגער איבערגעבענהייט. דערפאַר, ווען די ערשטע מיסיאָ־נערען זיינען דאָרטען אָנגעקומען, האָבען די אינדיאַנער געקוקט אויף זיי, ווי אויף שלוחים פון טייוועל, וואָס ווילען אוועקרויבען דאָס הייליגסטע פון זיי. קיין גרויסע ליבע פאַר די ווייסע האָבען זיי אָהן דעם אויך ניט געהאַט. האָט מען דאָך ביי זיי זייער האָב און גוטס צוגענומען... זייערע גריבער און היילען, זייערע „פּריירים" און בערג, זייערע טייכען און וועלדער — און אויף דעם אַלץ אַ „ווילדע וועלט" אויפגעשטעלט.... האָבען די קופּער־פאַרביגע קיינמאָל ניט ליב די ווייסע... אָבער די מיסיאָנערען האָבען זיי געהאַסט. עס איז געווען האַס, פאַראַכטונג און עקעל צוזאַמען.

— זיי ווילען אונזערע נשמות צוטרעטען — האָבען די קופּער־פאַרביגע ביי זיך אין זיך געברומט.

די מיסיאָנערען, ווידער, האָט עס ניט געאַרט. קומען זיי דאָך אויך אין שליחות פון אַ גאָט... האָבען זיי גע'פּועל'ט ביי די אינדי־אַנער מיט גוטען און מיט תפילות, איז געווען שטיל. טאָמער אָבער ניט, פלעגען זיי צווינגען די אינדיאַנער אָנצונעהמען דעם „ווייסען" קריסטליכען גאָט דורך ברוטאַלער מאַכט און דורך אַלערליי נגישות און גרויזאַמקייטען. און אַזוי פלעגען פאָרקומען גאַנצע שלאַכטען, מיט אַ נצחון כסדר פאַר די ווייסע. די קופּערפאַרביגע האָט עס וועה געטאָן ביז גאָר.

אָבער ווען די ווייסע האָבען אויפגעשטעלט אַ מיסיאָנס־הויז אויפ'ן באַרג לעבען סאַן דיעגאָ, האָבען די באַצוואַאונגענע טונקעל־רויט־הויטיגע שבט־לייט שוין מעהר ניט געקענט אַריבערטראַגען. דער באַרג איז ביי זיי געווען אַ גאָט, פון דורות אַ גאָט, און דאָ וויל מען דעם גאָט זייערען מיט אַן עקעלדיג הויז פאַר'מיאוס'ן... זיי האָבען דערפאַר זיך שטילערהייט אין אַ מחנה פאַרזאַמעלט, אויפ'ן באַרג אַרויפגעקלעטערט, און אין אַ פינסטערער נאַכט דאָס מיסי־אָנס־הויז אונטערגעצונדען, און דאָס הויז צוזאַמען מיט'ן מיסיאָ־נער פון „ווייסען" גאָט איינגאַנצען פאַרברענט.

האָבען דאַן די ווייס־קריסטליכע אַמעריקאַנער געצאַרענט.

זייערם א הייליג הויז האָט מען צושטערט. א הײליגען מענשען האָט מען פארברענט. דאָס טאָר ניט פארשוויגען ווערען. און ווען די שלאַכטען צווישען די ווייסע אַמעריקאנער און רויטע אינדיאנער זיינען געווען פארביי, האָבען די ווייסע אויפ׳ן שפּיץ בארג, אויפ׳ן פּלאַץ, וואו דאָס מיסיאָנס־הויז איז געשטאַנען, א צלם אויפגע־שטעלט — א הויכען צלם פון איינפאַכע ציגעל — און דער באַרג איז נאָך מעהר געהייליגט געוואָרען: צוויי געטער האָבען אויף איהם געשטריטען, צוויי פאר׳עקשנ׳טע גלויבענס.

די איצט שוין לעצטע קינדער פון די אַלטע אינדיאַנער שבטים האָבען זיך ניט אָפּגעקעהרט פון זייער גאָט און זייער באַרג. און טאַטעס דערצעהלען די זיהן, און מאַמעס דערצעהלען די טעכטער, אז דער טרוקענער הויכער פעסטער בארג, וואָס טורעמט זיך איבער די שאָטענס פון ווייטע וועלדער, איז זייערע א הייליגקייט, און אז דער הויכער ציגעלנער צלם אויפ׳ן שפּיץ פארשוועכט די הייליגקייט. דאַרף מען דערפאַר אויף דעם קוקען מיט עקעל, ווי אויף אַן אומ־ווירדיגער זאַך. און נאָך עפּעס דערצעהלען טאַטעס די זיהן, און מאַמעס דערצעהלען די טעכטער ערטערווייז אין פוסטען טרוקענעם באַרג זיינען דאָ גריבלאַך, פון די גריבלאַך וואַקסען ארוים בינטלאַך גראָז און הויפענס בלויע בלימעלאַך. זיינען עס שפּורען פון געהיימע טריט פון אינדיאַנער הייליגע, וואָס האָבען איבערגעלאָזען בלוט אין די אַמאַליגע מלחמות נעגען צלם...

בין איך אַלזא דאָרטען געווען און א סטרייק דאָרטען אָנגע־פיהרט... — האָט טאָם היל געשפּונען זיין געשיכטע.

---

מיר בויען בריקען ניט דוקא איבער טייכען. מיר וואַרפען ארי־בער בריקען אויך פון באַרג צו באַרג. אמעריקא בויט זיך. באַנען און שטעדט אין יעדער ווינקעלע. זיינען אָבער די ארבייטער, וואָס זיינען געווען באַשעפטיגט ביים אריבערוואַרפען א בריק איבער א טיפען טאָל צווישען צוויי הויכע בערג ניט ווייט פון סאַן דיעגאָ שטאַרק געמאַטערט געוואָרען פון קאָנטראַקטאָרען און ס׳איז ארויסגעשפּרונגען א סטרייק. אין סטרייק האָבען די

קאָנטראַקטאָרען זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר פּראָוואָקאַציעס. זיי האָבען אַליין צושאָסען טהיילען פון דעם שוין באַלד פאַרענדיגטע בריק, כדי צו קענען מאַכען אַ בלבול אויף אונז, די פיהרער פון סטרייק. מ'האָט אין דעם הויז, וואו איך האָב געוואוינט, איבערגעלאָזען אַ פאַרזיגעלטען קעסטעל דינאַמיט און געמעלדעט דער פּאָליציי, אַז איך האָב דינאַמיט אין הויז, מיט וואָס איך קלייב זיך צוצושטערען אַלע בריקען אין געגענד.

אָנגעזאָגט וועגען דער פּראָוואָקאַציע האָט מיר מיין אינדיאַנער שכן, אַמיקאַ, אַ טונקעל־רויט־הויטיגער, מיט גלאַנציגע שוואַרצע האָר, און אויגען ווי שוואַרצע קוילען־שטיינדלאַך. אַ גוטער חבר געוועזען דער אַמיקאַ. האָט פאַר מיר גרויס דרך ארץ געהאַט. ס'קען זיין דערפאַר, וואָס ער האָט וועגען מיר געטראַכט אַז איך בין געקומען פאַרשאַפען צרות די ווייסע אַמעריקאַנער...

ביי טאָג פלעגט ער מיר נאָכגעהן, ווי אַ טרייער דינער, און נאַך טרייער פלעגט ער מיר זיין אין די נעכט. ער פלעגט אָפּזיצען די נעכט דרויסען ביי מיין פענסטער און זיך צוהערען צו יעדען שאָרך ארום מיין טיר... אַ וואונק און אַ שמייכעל איז געווען זיין שפּראַך, און אַלע מיינע רייד פלעגט ער פאַרנעהמען ווי אַ קינד...

דער גוטער אָמיקאַ האָט נאָכגעשפּיאָנירט מיינע שונאים, אגענטען פון די בריק־קאָנטראַקטאָרען, און אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז מען האָט אָפּגעשטעלט אַ פאַרמאַכטען קעסטעל אין מיין הויז, האָט ער מיך אויפגעזוכט, מיר איבערגעגעבען דאָס קעסטעל, און ווינקענדיג דערשראָקען, האָט ער מיר דערצעהלט שנעל, וואָס מען פּלאַנט און האָט מיר דערביי געראַטען צו באַהאַלטען דאָס קעסטעל ביים צלם... קיינער וועט דאָן גאָרניט וויסען...

און אפשר האָט ער געהאַט אַן אַנדער מיין מיט'ן שיקען מיך מיט'ן קעסטעל דינאַמיט צום צלם...

איך האָב געוואוסט, אַז די פּאָליציי, די „שעריפס" פון געגענד, האָבען מיך פיינט און וואַרטען נאָר צו קריגען עפּעס אויף מיר. לאָזען דאָס קעסטעל אויף אַן אַנדער פּלאַץ וואָלט טאַקע אפשר

ניט געטויגט. מ'וואָלט דערגאַנגען פון וואַנען עס קומט, און די סטרייקער וואָלטען פאַרפאָלגט געוואָרען. איך האָב דערפאַר גע־פאָלגט אַמיקאָ'ן, און בין אַוועק צום באַרג, אויף אַן אופן, אַז עס זאָלען קיין שפּורען ניט בלייבען. איך האָב זיך געמוזט היטען פון נאָכגעהער, האָב איך שטונדען לאַנג געבלאָנדזשעט מיט'ן קעסטעל דינאַמיט איבער טייכען און פעלדער, ביז איך בין צום צלם געקומען. און די גאַנצע צייט האָט מיך פאַרפאָלגט אַ שרעק: אָט, אָט טרעפט מען מיך. איך האָב געמוזט אויספּלאַנעווען, אַז צום צלם זאָל איך אָנקומען ביינאַכט, איינגראָבען דאָס קעסטעל ערגעץ אין באַרג און גלייך זיך אומקערען צוריק.

ס'איז געווען אין דער צייט, ווען די הימלען איבער'ן געגענד צו־גיסען זיך אין מורא'דיגע רעגענס. אין אַזא צייט טוט זיך דאָס אָפּ! די גאַנצע געגענט ברומט דעמאָלט מיט באַנומענע קולות. פון באַרג מיט'ן צלם הערט מען די קולות פון ים, און מ'הערט דאָן אויך ווילדע פּייפערייען פון, דאַכט זיך, אַלע ווינטען פון דער וועלט. און אונטער די קולות איז מיר אויסגעקומען צו ליגען אויפ'ן וויסטען באַרג אַ גאַנצע נאַכט. דער צלם, אַן אָנדענקונג פון פינסטערע פאַנ־טאַזיעס, האָט געשפּרייט אַ פּחד אונטער'ן ווינטיגען רעגען און צו־שטורעמטען ים־ברומען. איך בין געלעגען נאָהענט לעבען צלם, געלעגען אויף די קני, און מיט די הענט געגראָבען דעם נאַסען ליים, כדי דאָרטען צו באַגראָבען דאָס קעסטעל דינאַמיט. און ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז פון רעגענדיגען ווינט און פון צושטורעמטען ים־ברומען האָבען גערופען מיינע פאַרפאָלגער...

— אָט אין אַזא געפאַהר בין איך געווען — האָט טאָם הילל פאַרענדיגט.

מיר זיינען שוין געווען נאָהענט לעבען זיין הויז. אַ קליינע הייזקעלע, מיט קליינע פענסטערלאַך.

— דאָ וואוין איך — האָט ער אָנגעוויזען.

מיר זיינען אריין. הינטער אונז האָט זיך געשפּרייט אַ פאַר־טראַכטער, פאַרעלטערטער גאַרטען.

# ביי די וואַסער־פאַלען פון „יאָסעמיטי וואַללי"

„...דער נעכטיגער נביא
איז דער פארועטהער
פון היינט...
און דער טייוועל
לאכט.־."

אין דעם טרינק־זאל פון ניו יאָרקער „לייבאָר טעמפּעל" האָט זיך ראָבערט ווייזלער, א יוניאָן־פיהרער פון די שטיין־שניידער, צו־שריען, אז די „קאָנסטיטוציעס" און די „דעמאָקראַטיע" בינ־דען די יוניאָן־טהוער הענד און פיס. דאָס איז געווען שפּעט ביינאַכט, נאָך אַ זיצונג פון דעם „דיסטריקט קאונסיל" פון אַלע „בילדינג"־ארבייטער אין ניו יאָרק. חוץ אונזערע מענשען, איז שוין קיינער דאָרט ניט געווען. ראָבערט ווייזלער האָט זיך שוין ניט גע־דאַרפט היטען מיט רייד, און זיין אויסקלייבעריש אין אויסדרוקען.

ראָבערט ווייזלער האָט זיך געקאָכט צו באַווייזען, אז יוניאָנס זיינען אין זייערע אויפגאַבען מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס, און מו־זען האָבען אַ מיליטערישע דיסציפּלין. ניט אַלע פון אונז זיינען געווען איינשטימיג מיט איהם, האָט ער געליאַרעמט, אז דאָס, וואָס מען לאָזט איבער צו אַן אָפּשטימונג פון דער גרויסער מאַסע, מאַכט אָפט, אז דער פּאַסענדסטער מאָמענט צו טהון א באַשטימטע זאַך לויפט פאַרביי, און נאָכהער איז צו שווער דורכצופיהרען, וואָס מען דאַרף דורכפיהרען.

— מ'קען זיך איבערהויפּט ניט פאַרלאָזען אויף דער מאַסע, — האָט ער זיך געהיצט.

פון עטליכע טישלאַך האָבען אַנדערע יוניאָן־פיהרער איהם „אונטערגעפייערט" מיט צורופענדיגע ווערטלאַך:

— און „גאָ אָן, „ראב“, גאָ אָן“, זעץ פּאַר, זעץ פּאַר.

פון אַנדערע, ווידער, האָט מען איהם געוואָלט שטערן. און מ׳האָט געשריען:

— „שאראפּ“, פּארמאך ס׳מויל.

אַלע האָבען געפּיפּקעט סיגארען, געקלונגען מיט גלעזער, און אויפגעלייגט זיך געהיצט.

דער איינציגער, וואָס איז געזעסען שטיל און זיך ניט געמישט, איז געווען אַלבערט קוק פון די צעמענט־גיסער, וועמען מיר האָבען אוים חבר׳שאפט גערופען „אַל“. ווען מיר האָבען זיך אַלע געטו־מעלט און פּרובירט אריבערשרייען איינער דעם אַנדערען, איז „אַל“ געזעסען און געשמייכעלט און מיט א באזונדערער הנאה געזויגען „משור־טאבעקא“.

פּלוצלונג האָט זיך „אַל“ אויפגעשטעלט און אַ געשריי געטהאָן:

— „ראב“ ווייזלער איז גערעכט. ניט אַלעמאָל קען מען זיך פאַרלאָזען אויף דער גרויסער מאסע. די מאַסע וועט טרעטען היינט מיט די פים דאָס, וואָס זי האָט נעכטען פאַרגעטערט. איהר נעכטי־גער נביא איז היינט א פאררעטהער...

מיר זיינען אַלע אנשוויגען געוואָרען, און אויף אַלעמענס פנים׳ער איז געבליבען הענגען אַ פראַגע: „אַל“ זאָל דאָס זאָגען?...
„אַל“ איז ביי אונז געווען באקאַנט פאַר אַ ראַדיקאַל און פאַר אַן אָפּאָזיציאָניסט צו דעם עקזיסטירענדען גייסט אין דער אַרבייטער־באַוועגונג. ביז ניט לאַנג צוריק איז „אַל“ גאַר געווען אַן אָנהענגער פון די „אינדאסטריעל וואָרקערס“. לעצטענס איז ער אָבער אריין צו אונז, און ווי ער טענה׳ט נאָך איצט, איז ער אונז געקומען רע־פאָרמירען... „בויערען פון אינעווענינ“... מיר האָבען אויך גע־וואוסט, אַז „אַל“ האָט דורכגערייזט דאָס גאַנצע לאַנד, און איז גע־ווען אין גרויסע סטרייקס פון אַרבייטער, וועלכע קענען זיך קיינ־מאָל ניט איינלעבען מיט באשטענדיגע אָרגאַניזאציעס. ער האָט אלזא געהאט צו טהאָן מיט דער פּשוט׳ער מאסע, און ווען ער האָט אויס־געשריען, אַז אויף דער מאַסע קען מען זיך ניט אַלעמאָל פאַרלאָ־

זען, האָבען מיר פאַרשטאַנען, אַז מיט אַ בלויזען אויסגעשריי וועט „אַל“ ניט אָפּקומען; ווי שטענדיג וועט ער האָבען צו דערצעהלען אַ פאַקט זיין אַרגומענט צו באַשטעטיגען.

— אַט וועל איך אייך עפּעס דערצעהלען — האָט „אַל“ טאַקע גלייך געזאָגט, — וואָס וועט אייך באַווייזען, אַז איך רייד ניט גלאַט אין דער וועלט אריין.

יעדער פון אונז האָט וואָס באַשטעלט ביים קעלנער, און זיך געמאַכט גרייט צו הערען. מ'האָט צונויפגערוקט טישלאַך לעבען טישלאַך. „אַל“, אַ מיטעל־געוויקסיגער און אַ דאַרער, מיט אַ בלאַס־געלבען פּנים און פאַרצויגענע אויגען פון אַן אָפּטען „שטאַרקען טרונק“, האָט זיך געזעצט אין מיטען. די צאַפּעלדיגע פייערען פון די עלעקטרישע לאַמפּען אויף דער סטעליע אין טרינק־זאַל האָבען נעגאָסען אַ געלע ליכט איבער אַלעמענס קעפּ.

„אַל“ האָט אָנגעהויבען:

— איך בין אַמאָל פאַרקראָכען מיט „טרעמפּס“ אין ווייטען וועסט, געוואָען דאָרטען אומעטום. זיך געשלעפּט אויף אַלע וועגען פון קאַליפאָרניע און נעוואַדאַ. ס'האָט שוין געהאַלטען ביי דעם, אַז איך זאָל אין אַ שטעדטעל, קאַלטערוויל, קריגען אַ „דזשאָב“; האָב איך זיך אָבער דערוואוסט, אַז מ'קען פון דאָרטען לייכט אריינ־פאָהרען אין „יאָסעמיטי וואַלי“, און אַזוי ווי „יאָסעמיטי וואַלי“ שמ'ט מיט איהרע מיילען־הויכע בערג, און פון יעדען באַרג וואַר־פען זיך אונצעהליגע וואַסער־פאַלען, און גאַנצע ריווערס, וועלכע שלענגלען זיך אויף די בערג גופא, און מ'האָט מיר געזאָגט, אַז דאָרט קען מען לעבען ניט אַרבייטענדיג אַפילו, בין איך אַוועק אַהין...

— לעבען ניט אַרבייטענדיג ווילט איהר דאָך אַלע — האָט „אַל“ זיך געווענדט צום עולם אַרום איהם, מיט אַ האַלב בייסיגען און האַלב גוט־מוטיגען שמייכעל.

דער עולם ביי די טישלאַך האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— אין „יאָסעמיטי וואַלי“ האָב איך געזעהן, וואָס אַ מאַסע איז, — האָט „אַל“ ווייטער גערעדט.

איך בין אָנגעקומען אַהין זומער, און בין שוין געבליבען דאָרטען

אויך ווינטערען. „ניט ארבייטען“, איז געווען בלויז א טרעמפּי־שער חלום. איך האָב זיך פאַרדונגען ארבייטען ביים שניידען די סאָסנעס וואָס וואַקסען אויף די בערג. זומער איז דאָרטען היבש־לאַך היים. דערפאַר אָבער זיינען דאָרטען ווינטער אזעלכע פרעסט, פון וועלכע מען קען אין דער „איסט“ קוים האָבען א באַגריף. ווינ־טער האָב איך געארבייט ביים האַקען דאָס אייז אויף די פאַרפראָה־רענע טייכען.

צוליב דער ארבייט ביים שניידען די סאָסנעס איז מיר אויס־געקומען צו קלעטערען מיילען־ווייט אויף שטיינערנע און ווילד־פאַרוואַקסענע הויכען וועמענס שפּיצען עס קומען, דאַכט זיך, אין די וואָלקענס אריין. איך מוז אייך דערצעהלען וועגען דער גאַנצער געגענט, כדי איהר זאָלט בעסער פאַרשטיין די געשיכטע.

„יאָסעמיטי וואַללי“ לויפט צווישען בערג. וועגנט פון שטיינער־נע בערג, און אין מיטען שניידט זיך דורך דער טהאָל, די „וואַללי“. די בערג זיינען אזוי הויך, אז כאָטש פון אויבען קוקט אין טהאָל אריין א טיעף־בלאָהער הימעל, פונדעסטוועגען איז שווער איהם צו כאַפּען מיט'ן אויג. די בערג זיינען ניט ווייט פאַנאַנדערגערוקט איינער פון צווייטען. דער טהאָל איז דערפאַר ניט קיין שטאַרק ברייטער, און דערפאַר איז שוין אויך שווער צו כאַפּען מיט'ן אויג די גאַנצע רחבה פון הימעל. די בערג זיינען ניט קיין גלייכע. אוי־בען ביי די זייטען זייערע זיינען דאָ וועגען, און די וועגען שלענגלען זיך ארום אַנדערע העכערע בערג. איין בארג וואַקסט ארויס פון א צווייטען בארג, און זיי קייטלען זיך איינע מיט די אַנדערע. פון די בערג לויפען בלאָהע און העל־גראָהע וואַסערען. די וואַסערען פאַ־לען פון איין בארג אויפ'ן אנדערען. זיי רייסען זיך דורך די סאָס־נעס, וועלכע וואַקסען ביי דעם אָפּשפּרונג פון די בערג, און זיי שפּרינגען אריבער די אונצעהליגע שטיינער, וועלכע ליגען אויף זיי. אין אָבשיין פון טאָג־ליכט קריגען די וואַסערען א גרינליכען קאָ־ליר. פון דעם פאַלען ווערט אויף זיי א זילבערנער קאָכיגער שוים, וואָס גלאַנצט און שפּיגעלט. די גאַנצע געגענט קוקט דערפאַר אויס

ווי עס וואָלטען געשטאַנען בערג פון שפּיגעל מיט ארומגעשטעלטע שאַרף־גרינע סאָסנעס ביי די זייטען.

זומער פאַלען די וואַסערען פון די בערג צעהן טויזענד פוס הויך. זיי פאַלען אַראָפּ אין דער „וואַללי“, און אַזוי ווי די בערג זיינען משופּע'דיג, און פון די זייטען פון די הויכע בערג וואַקסען אַרויס קלענערע בערג, זעהען די פאַלענדע וואַסערען אויס, ווי וואַסערדיגע טרעפּ פון הימעל צו דר'ערד אַראָפּ. קיין קולות אין געגענד הערט מען ניט, א חוץ דאָס שטילע מורמלען פון די וואַסערען, און א לייכטע צוויטשעריי פון איינזאַמע דורכפליהענדיגע פויגלען.

ווינטער איז גאָר שטיל. ווינטער איז די גאַנצע געגענט ווייס א פאַרפראָהרענע שטילע ווייסע וועלט.

די שטילקייט מאַכט אייך אָבער ניט איינזאַם. פאַרקעהרט, אין „יאָסעמיטי וואַלי“ מוזט איהר זיין פרעהליך. די אַטמאָספערע וועקט דאָרטען ענערגיע, מען פיהלט זיך פריי, און מען מוז אַרומגעהען מיט אַן אַרויסגעשטעלטער ברוסט. די נאַטור־רייכקייט רייצט און שפּייזט די גלידער און די נשמה. מ'זעהט דאָרט אַזעלכע נאַטור־וואונדער, אַז עס וועקט צו טעטיגקייט. דער איבערפלוס פון ענערגיע ווערט אַזוי שטאַרק, אַז אָפטמאָל ווילט זיך גלאַט אַזוי אַריינשרייען אין דער לופט אריין. אַזוי זיך, אָהן א כונה, בלויז הנאה צו האָבען פון דעם אייגענעם ווידער־קול. ווינטער קען מען זיך דאָרטען גאָר ניט דערמאָהנען, אַז די וועלט האָט נאָך עפּעס א פאַרב אויסער ווייסקייט. די בערג זעהען אויס ווי גרויסע ווייסע פּיראַמידען און די סאָסנעס אויף זיי זעהן אויס ווי פאַרגליווערטע ווייסע חיות. די טייכען זיינען פאַרפראָרען און די וואַסער־פאַלען, וועלכע קענען ניט איינפרירען, פאַלען לאַנגזאַם איבער שטיקער פאַרפראָרענע צווייגען, וואָס הענגען אַראָפּ פון די פאַרשנייטע בערג. דער שניי דאָרטען פריהרט, ווען ער האַלט נאָך אין פאַלען, פליהען די שנייעלאַך ווי קליינע ווייסע פויגעלאַך וואָלטען שטומערהייד געטאַנצט אין דער לופטען, און ווען זיי קומען צו דער ערד, צולייגען זיי זיך טויט און קאַלט...

מוז מען דאַרטען כסדר זיך ראַנגלען מיט דער ווייסער קעלט — און מ'קען ניט זיין איינזאם...

ביים „מוירסעד" ריווער, וואָס ציהט זיך אין מיטען „יאָסעמיטי וואַלי", וואו איך האָב ווינטער געארבייט ביים שניידען און פיהרען אייז, איז געוואָרען א סטרייק גלייך אין די ערשטע טעג, ווען מיר האָבען די ארבייט אָנגעהויבען. מיר זיינען דאַרטען געווען א מאַנשאַפט פון עטליכע צעהנדליג. מ'איז זיך מיט אונז באַגאַנגען ווי מיט חיות. אנגעפראָהרען א גאַנצען טאָג, האָבען מיר ניט געהאַט גענוג באהייצונג אויך אין די נעכט. אונזערע עסענס וואָלטען געקלעקט בלויז פאַר פויגלען. דערפאַר האָבען מיר געגאָסען אין זיך א בילינגען בראַנפען. און דאָס האָט אונז די הערצער אויסגעברענט. מיט אונז האָט געארבייט איינער, בילל פיטערס, א פאַר'חלומ'טער פויליאַק, אָבער אַ געבילדעטער מיט א שאַרפען קאָפּ און א קינדישען פּנימ'על, קענטיג געווען אמאָל א געצערטעלטער. בילל פיטערס האָט עס אונז „אָנגעפייערט" צו א סטרייק, און די גאַנצע מאַנשאַפט איז איהם נאָכגעגאַנגען.

די אויפפּאַסער, וועלכע די אייז־קאָמפּאַניע האָט געשטעלט איבער אונז, האָבען געזוכט פּטור צו ווערען פון בילל פיטערס. מורא האָבענדיג פאַר אונזער צאָרן, ווען זיי זאָלען איהם עפּעס אָפּטאָן, האָבען זיי ארויסגעלאָזט א קלאַנג, אז ער איז ניט ביים זינען, אז ער איז דעם „טייוועל'ס א קינד", און אז אַלע, וואָס חבר'ען זיך מיט איהם, וועלען אמאָל „צופוילט ווערען" אונטער דער ווירקונג פון זיין „קראַנקען גייסט".

די גערייד וועגען בילל פיטערס'ען איז כלומר'שט אנגעקומען פון די ארומיגע שטעדטלאַך...

מ'האָט אנגעגעבען אַלס באווייז, דאָס, וואָס ער קלעטערט אָפּט ארום אַליין אויף בערג, אָדער פאַרקריכט אויף אַלע זייטיגע וועגען און קריצט אויס אַלערליי פסוקים אויף שטיינער.

פסוקים אויסגעקריצט אויף שטיינער טרעפט מען א סך אין „יאָסעמיטי וואַלי". אמאָל פלעגען דאָס טהאָן מיסיאָנערען, וועלכע זיינען געקומען אהין באקעהרען די דאַרטיגע אינדיאַנער

שבטים צו זייערע גלויבענס. איצט קריצען דאָרטען אוים פסוקים אויף שטיינער וואנדערנדע אגיטאטאָרס, וועלכע לעבען ווי „פרייע פויגלען“, און זוכען צו באקעהרען אנדערע אויך צו לעבען אזוי. ביל פיטערס פלעגט עס טאקי טהאָן.

„מענשען געהען פארביי, זאָלען זיי איבערלייענען א פסוק אויף א שטיין וועגען דער שלעכטסקייט פון דער וועלט“, פלעגט ער טענה'ען.

פלעגט ער דערפאר פארפאלען ווערען אויף גאנצע שטונדען און קיינער האָט ניט געוואוסט וואו ער איז אהינגעקומען. די קאָמ־פאני'ס אגענטען האָבען דערפאר פארשפרייט דעם קלאנג, אז ער איז ניט „ווי אלע“, און אז ווען עס איז וועט ער ווענען ערמאָרדען...

מ'האָט אָנגעהויבען דערצעהלען מעשות פון געפונענע טויטע קערפערס ביי די ברעגען פון די וואסערען און צווישען די שטיינער אויף די בערג, און אלץ זאָל דאָס האָבען ביל פיטערס געטהאָן.

ניט אזוי ביל פיטערס, ווי דער „קראנקער גייסט“ אין איהם, דעם „טייוועל'ס קינד“ אין איהם...

די מאַנשאַפט ביים „מוירסעד“ ריווער האָט זיך ווענינ־וואָס צוגעהערט צו די מעשיות ארום ביל פיטערס און זיך אָפּט ארומ־געקליבען ארום איהם, און געשלונגען זיינע רייד. ער איז אזוי אריין אין יעדענ'ס הארצען, און טאָמער האָט זיך געמאכט א מחלוקת צווי־שען צוויי אייגענע, איז מען געגאנגען צו ביל פיטערס זיך משפט'ען.

דערווייל האָט זיך דער סטרייק געצויגען טעג נאָך טעג. די קאָמפּאני האָט זיך אנטזאָגט אריינצופיהרען שפייז פאַר די ארביי־טער. עס איז געוואָרען א מהומה. ס'זיינען אנטשטאנען געשלעגען, און איין פרימאָרגען איז די מאסע געוואָרען אזוי אויפגערייצט, אז מ'האָט אנגעהויבען באשולדיגען ביל פיטערס'ען, אז ער מיינט אלעמען אונגליקליך צו מאכען — אלע זאָלען צופוילט ווערען אונ־טער זיין „קראנקען גייסט“...

— ער איז א טייוועל'ס א קינד... — האָט מען געליאַרעמט.

— מ'דארף פון איהם פטור ווערען...—האָט מען געשטורעמט.

און מ'האָט טאַקי ביל פּיטערס דער'הרג'עט. אויף טויט דער'הרג'עט. מ'האָט איהם פון אַ באַרג אין איינע פון די וואַסער-פּאַלען אַריינגעוואָרפען. דעם נעכטיגען נביא האָט מען גע'פּטר'ט ווי אַ משוגע'נעם הונד...

און ווען ווער פון פּיטערס' נאָהענטע פריינד האָבען אויפגעזוכט זיין טויטען קערפּער און עס ערגעץ באַגראָבען לעבען אַ וואַסער-פּאַל, האָט די מאַסע עס ניט געקענט פאַרטראָגען. מ'האָט איהם געקריי-ציגט אַפילו נאָכ'ן טויט. מ'האָט דעם קבר אויפגעגראָבען און זיין קערפּער אין דעם „מיראָר-לייק" אַריינגעוואָרפען, כדי ער זאָל אין וואַסער אין גאַנצען צופוילט ווערען. דאָס אייז אויפ'ן „מיראָר-לייק" איז שוין געווען אויפגעהאַקט. ביל פּיטערס אַליין האָט טאַקע דאָרטען געהאַט געאַרבייט. מ'האָט גערעדט, אַז ביל פּי-טערס פלעגט קיינמאָל זיך ניט קענען גענוג אָנוואונדערען אויף „מיראָר-לייק". דער טייך איז לאַנג און שמאָל און זיין וואַסער איז אַזוי קלאָהר, אַז אַלץ אַרום שפּיגעלט זיך אָפּ אין איהם מיט אַ מערקווירדיגער דורכזיכטיגקייט. קוקט מען אין איהם אַריין, זעהט מען דאָרטען דעם טיעף בלאָהען הימעל און די וואָלקענדלאַך, וועל-כע זעהען אויס ווי ווייסע שטיקלאַך וואָל אַזוי קלאָר אָפּגעשפּיגעלט, אַז מען פאַרלירט זיך איינפאַך. מען מיינט, אַז מען איז גאָר ערגעץ איבער די הימלען, און די הימלען זיינען גאָר אונטען. ביל פּיטערס האָט געאַרבייט מיט חשק ביים אויפהאַקען דאָס אייז פון דעם „שפּי-געל-טייך". ער האָט דעם טייך פאַרגעטערט און איז געווען בייז, וואָס דער ווינטער האָט איהם אין אייז איינגעשמידט. און ווייל פּיטערס האָט דעם טייך אַזוי געליבט, האָט איהם די צורייצטע מאַסע אַהין אַריינגעוואָרפען, ער זאָל דאָרטען פוילען...

— פויל אין דיין אייגען וואַסער... — האָבען זיי דעם טויטען קערפּער נאָכגעשריען.

עטליכע טעג שפּעטער זיינען די מערדער זיינע געלאָפען אַנקו-קען צו דער טויטער קערפּער שווימט נאָך אַרום... עס האָט זיי שוין קענטיג געהאַט פאַרדראָסען, וואָס זיי האָבען אָפּגעטהאָן... דער קער-פּער איז שוין אָבער געווען צופוילט. שטיקער פון איהם זיינען

שוין געווען אפגעפאלען און דער קינדערשער פנים זיינער איז גע־
ווען אויפגעבלאזן, געשוואלען, און ערטערווייז אין אויפגעפלאצטע
וואונדען...

די מאסע איז פריהער פטור געווארען פון א „טייוועל׳ם א
זוהן״... און שפעטער געפאלען אויף די קניע אין חרטה...

מ׳האט זיך נאכדעם אויך גענומען שטארק שרעקען פאר דער
גאנצער געשיכטע — און די גאנצע מאנשאפט איז זיך צולאפען.

נאט אייך, די מאסע אייערע...

---

„אל״ האט די לעצטע ווערטער ארויסגערעדט מיט גאל. עס
איז שוין געווען שפעט אין מיטען נאכט אריין. אין א ווינקעל פון
דער טרינק־זאל האט זיך געזעהען דער שאטען פון א שלאפענדיגער
גראהער קאץ...

# אין דער וויסטע פון „מאהאווי".

„...וויש די טרעהרען אָפּ פון ברודער,
אזוי וויל גאָט...
גיב א האַנד איהם,
אויף די האַרץ;
אזוי וויל גאָט..."

— קומט, לאָמיר ארויס אויף דער וועראַנדע. מיר מעגען זיך דאָ גאַנץ געמיטליך איינאָרדנען. ס'וועט זיי נעמען א היבשע ווײלע, ביז זיי וועלען קומען צו א באַשלוס. אָקאַנעל'ס לעצטע ווארנונג איז זיי געפאַלען ווי א שטיין. איהר האָט געזעהן, ווי הײנס איז בלאַס געוואָרען?...

אזוי האָט טשאַרלי, וואַלטאָן זיך געווענדעט צו עטליכע פריינד, וועלכע זיינען געשטאַנען אַרום איהם, און ניט וואַרטענדיג אויף אַן ענטפער, גלייך געשפּאַנט צו דער טיר וואָס האָט געפיהרט פון קאָרידאָר פון האָטעל אויף דער זומערדיגער וועראַנדע ארויס.

עס איז שוין געווען שפּעט. א גאַנצען אָוועגט איז מען געווען אין א קאָנפערענץ מיט פאַרוואַלטער פון קויהלען-גרובען. דאָס איז געווען דער לעצטער צוזאַמענטרעפען זיך: אָדער די פאַרוואַלטער גיבען נאָך, וואָס די קויהלען-גרעבער פאַרלאַנגען, אָדער עס וועט זיין מלחמה, א סטרייק. די פריינד פון די פיהרער פון דער קויהלען-גרעבער'ס יוניאָן זיינען דערפאַר געזעסען א גאַנצען אָוועגט אין פאָר-צימער פון האָטעל אין א גוואַלדיגער אָנשטרענגונג. אין קאָנפערענץ-צימער זיינען געווען אַלע הויפּט-פיהרער פון די קויהלען-גרעבער און אויך די וויכטיגסטע פאַרוואַלטער פון די גרובען, און זייערע ראַטהגעבער. מ'האָט דיסקוטירט, געשטריטען, זיך געהיצט, דאָ באַשולדיגט איינער דעם צווייטען, און דאָ געלאַסען געמאַכט

חשבונות, ביז מען האט געמוזט זיין אפענהערציג און ארויסזאגען דאס לעצטע ווארט. א'קאנעל, א הויבער אמעריקאניזירטער סקאטש־מאן. מיט א גרויסען בלאנדען קאפ און דיקע בלאנדע ברעמען ארום די אויגען, האט זיך מעהר ניט געקענט קאנטראלירען. זיינע אויגען האבען זיך אנגעצונדען. דער גאנצער פנים איז געווארען רויט. און באצווינגענדיג זיין שטימע, האט ער אין געצעהלטע, אבגעהאקטע ווערטער ארויסגעדריקט פון צווישען די צייהן די לעצטע ווארנונג: וועט ניט זיין קיין קלארער ענטפער ביז דעם און דעם דאטום, ווע־לען די קויהלען־גרעבער זיך ארויסהויבען פון דער ערד, איבערלאזען הינטער זיך דעם חושך פון די גריבער און רוהען אין דער זון — זיין אין סטרייק...

אקאנעל'ס לעצטע ווערטער האבען אנגעמאכט א גערודער צווי־שען די פארוואלטער פון די גרובען. דער גלאט ראזירטער הײנס, דער הויפט עצה געבער זייערער איז בלאס געווארען, און געראטהען זיינע קליענטען, אז זיי זאלען בלייבען אליין און קומען צו א באַ־שלוס. די פריינד צוזאמען מיט די פארטרעטער פון די ארבייטער האבען דאן אפגעמאכט, אז אפילו ווען עס זאל געדויערן א גאנצע נאכט, וועט מען בלייבען ווארטען. און ווען טשארלי וואלטאן האט פארגעשלאגען אז מען זאל ארויס אויף דער וועראנדע פון האטעל, איז מען איהם שטילערהייט נאכגעגאנגען. א'קאנעל איז נאך געווען אויפגערעגט, אבער ער האט די גוזעלשאפט ניט פארלאזען. ער איז ארויס צוזאמען מיט אלעמען.

אויף דער וועראנדע האט אונז באגעגענט א קיהלע לופט און א רוהיגער, אויסגעשטערענטער הימעל מיט א גרויסער קיילעכדיגער לבנה. און געדאכט האט זיך, אז ניט מיט שטערען איז דער ביי־נאכטיגער הימעל אנגעווארפען, נור עפעס איז ער אנגעפיקעוועט מיט שפיצען פון שארפע זילבער־ווייסע שפיזען, וועלכע דארפען די לבנה פארפאלגען. וואו זי וועט זיך א קעהר טהאן, זאל זי אן די שפיזען זיך אנשלאגען...

טשארלי וואלטאן האט ניט געוואלט דערלאזען, אז מיר זאלען אנהייבען זיך גריבלען אין זיך. ער האט גערעדט און גע'רעש'ט,

געדרוקט די שטוהלען אויף דער ווערענדע, געזאָגט וויצען און גע־מאכט באַמערקונגען.

— איך זעה, אז מיר וועלען האָבען א סטרייק — האָט אַ׳קאַנעל ארויסגעזאָגט אין א שטילען, ווייכען קול, ווען מיר זיינען שוין גע־ווען אויסגעזעצט און זיך צוגעקוקט ווי די נאכט וועבט איהרע חלומות — עס וועט זיין א מלחמה אויף לעבען און טוידט...

— וויפיעל סטרייקס האָט איהר שוין אין אייער לעבען דורכ־געמאַכט? — האָט א פריינד געפרעגט אַ׳קאַנעל׳ן.

— אַ סך.

— און אין יעדען סטרייק האָט מסתמא עפּעס פּאסירט, וואָס האָט אויף אייך געמאכט זעהר א שטארקען איינדרוק — האָט א צווייטער באמערקט.

— דעם שטאַרקסטען איינדרוק האָט אויף מיר געמאכט דער סטרייק אין „מאָהאווי דעזערט". ווירקליך, דעם סטרייק אין לוד־לאָו, סאוט קאליפאָרניע וואָס געפינט זיך אין רעכטען מיטען מדבר, וועל איך קיין מאָל ניט פארגעסען. ערשטענס, דעם מדבר אליין...

— איך האָב טאקע געהערט, אז דו האָסט עפּעס אן אינטערע־סאנטע געשיכטע פון יענעם סטרייק — האָט זיך אריינגעמישט טשארלי וואָלטאָן — אפשר וואָלסטו איצט דערצעהלט? — מיר האָבען גענוג צייט...

מיר האָבען אלע צוגערוקט אונזערע שטוהלען נאָהענט צו אַ׳קאַנעל׳ען.

— הלוואי האָב איך נאָך אמאָל די געלעגענהייט צו זיין אין דער וויסטעניש פון מאָהאווי — האָט אַ׳קאַנעל באַמערקט—איך האָב דאָן בעת דעם סטרייק אין לודלאָו דורכגערייזט כמעט דעם גאַנצען מדבר דאָרטען, און ס׳איז א היבשע שטרעקע.

— אָט, וועל איך דיר באַלד זאָגען, ווי גרויס דער מדבר איז — האָט זיך אָפּגערופען טשארלי וואָלטאָן. — עס פאנגט זיך אָן ניט ווייט פון סענט באָרנאַדינא, סאוטה קאליפארניא, און ציהט זיך ביז טרינדעד, קאָלאראדאָ, איבער טויזענדער מיילען פון קאָלאראַ־דאָ, קאליפארניא, ניו מעקסיקא און אריזאנא.

—ווען איך טראַכט פון מיין דאַמאָלסדיגער רייזע — האָט אַ׳קאַנעל איבערגעשלאָגען וואָלטאַן׳ען, — דאַכט מיר אַז איך בין געווען ערגעץ אין אַ פּלאַץ, וואָס איז גאָר ניט אויפ׳ן ערד־קוגעל. מיילען און מיילען זעהט מען בלויז אַ פלאַכע טרוקענע שטרעקע. איהר זעהט בלויז זאַמד און הימעל. אַ ווייסען זאַמד און אַ טיעף־בלויען הימעל. ערטערווייז טרעפט איהר אויך גאַנצע בערג פון זאַמד. ביינאַכט זיינען דאָרטען די ווינטען אַזוי שטאַרק, אַז זיי טרייבען צונויף קופּעס זאַמד. און ווען פון די גרויסע רעגענס, וואָס פאַלען דאָרטען מאַנכע טעג, ווערט פון דעם זאַמד ליים, און די בערג ווערען ליימיגע בערג, און זיי ווערען שפּעטער אָנגעברענט פון דער זון, ווערען זיי פאַרטריקענט, און קוקען אויס ווי משונה׳דיגע פּיראַ־מידען. די ווינטען און די רעגענס פורעמען אָפּט אויס פון די זאַמ־דיגע בערג גאַנצע פיגורען, און ווען זיי ווערען פאַרהאַרטעוועט, זע־הען מאַנכע פון זיי אויס ווי חיות. מאַנכע זעהען אויס ווי גרויסע ווילדע פויגלען. און אויף מאַנכע בערג זעהט איהר גאָר אַ מענשליך פּנים, וואָס מאַכט אייך צו גלויבען, אַז אַ סקולפּטאָר האָט דאָ גע־וואָלט אַ סטאַטוע אויסקנעטען. אין דער אמת׳ען האָבען דאָס אָבער געטאָהן בלינדע נאַטור־ כוחות. ווינט, רעגען און זון שאַפען פון זאַמד גאַנצע וואונדער. און אַזוי טרעפט איהר אויפ׳ן „מאַהאַווי״ מדבר ערטערווייז בערג אין אַלערליי פאַזען און געשטאַלטען. בערג אין אַלערליי געשטאַלטען.

— און דאָס איז נאָך גאָר ניש׳ט—אַלערליי וואונדער אויפ׳ן „מאַ־האַווי״ מדבר איז ערשט צו זעהן אין די פאַרנאַכטען, ווען די זון נעהמט אָפּשיעד פון דעם גלאַט־בלאָהען הימעל און וויל ערגעץ פאַר־שווינדען. אַ זונען־אונטערגאַנג אין מדבר קען מען ניט אָפּשילדערען. אַלערליי קאָלירען שיינען אַרויס פון דער פאַרגייהענדער זון, און זיי בייטען זיך די קאָלירען, און וואַרפען אַן אָפּשיין סאַי אויפ׳ן הימעל סאַי אויפ׳ן ווייסען זאַמד. די קאָלירען בייטען זיך שנעל. אָט איז די זון בלוט רויט, און עס דאַכט זיך, אַז דער הימעל איז אָפּגע־וואַשען געוואָרען מיט בלוט, און אַנשטאָט ווייסען זאַמד איז אויף דער ערד אַ בלוט־רויטער ים פון פּערעל...

אַט שטראַהלט אַראָפּ פון הימעל א ראָזעווער לאַמפּ, און אַלץ ארום באַקומט א ראָזעווע פאַרב. אַט ווערט גאָר אַלעס בלאָה, און עס דוכט זיך, אַז פון הימעל פאַלען בלאָהע פייערן. און אַט צושפּאַלט זיך די זון און וואַרפט ארויס פון זיך גרינע פונקען. אַט צושניידט זי זיך אין פּאַסען און יעדער פּאַס האַט אַן אונגעוועהנ־ליכע פאַרב. און אַט איז זי ווידער גאַנץ און רונד, נאָר קריגט א קאָליר פון זילבער. אַט לעשט זי זיך אויס — ווערט דער הימעל געל, און אייך דאַכט זיך, אַז איהר שווימט אין א געלער לופט; דאַן ווערט עס טונקעל, און איהר מיינט, אַז עס לאָזט זיך שוין אַראָפּ די נאַכט; גיט אָבער פּלוצלונג א בליץ, עס נעהמען פליהען שטיקלאך שטראַהלען, אַזוי ווי פויגלען, און ווען זיי כאַפּען זיך צוזאַמען, פאַרמירט זיך ווידער אויס א גאַנצע זון, וועלכע לייכט מיט טויזענדערליי ליכטער, און ארום וועלכער עס שפּינט זיך א נעץ פון טויזענדערליי פאַרבען. דער שפּיעל פון פאַרבען שלאָגט אָפּ דעם ווייסען זאַמד, און פונקט ווי אויפ'ן הימעל, איז אויך אויף דער ערד א פאַרבען־טאַנץ. אַמאָהל ווערט א ווינט אין מיטען פון דעם פאַרבען־שפּיל. עס נעהמט זיך טראָגען זאַמד אין דער לופט, א פיעל־פאַרביגער זאַמד, און דאַן דאַכט זיך, אַז עס איז א שפּריי־רעגען פון גאָלדענע און זילבערנע פונקען, און אַז עס פליהען ארום אַלערליי פאַרביגע פערעל... א זונען־אונטערגאַנג אין דער וויסטעניש פון מאַהאַווי איז א שפּילעריי פון געטער.

אין מאַנכע ערטער פון מדבר זיינען דאָ קויהלען־גרובען, און לע־בען די גרובען זיינען דאָ „מאַיינינג קעמפּס“ — צונויפגעשטעלטע שטעדטלאך, וואו עס וואָהנען די קויהלען־גרעבער. גיכער קען מען דאָס אָנרופען גרופען צונויפגעשטעלטע ביידלאך, איידער שטעט־לאך. טייכען זיינען דאָרט ניטאָ. וואסער ווערט דאָרט אריינגעפירט מיט אייזענבאהן־צוגען, און מ'האלט עס פאַר א טהייערע זאַך. פון בוימער, גראָז, בלומען, אדער גערטנער, ווייסט מען נאַטירליך אויך ניט. די ערד איז טרוקען און עס וואַקסט גאָר ניט. עס ווערען אויפגעשטעלט א פּאָר הונדערט שטיבלאך ניט ווייט פון א קויהלען־גרוב, און עס ווערט כלומר'שט א שטעדטעל... איהר ווייסט דאָך, אַז

צעהנדליגער קויהלען־גרעבער קענען זיך באגעהן מיט איין צימערעל. מען באנוצט זיך מיט די שטיבלאך לויט דעם נעקסט ביי דער אר־בייט. ווען איין טהייל רוהט, איז א צווייטער טהייל אין קויהלען־גרוב, און אזוי קומט מען שוין דורך ווי עס איז... אזא שטעדטעל איז טאקי לודלאו, וואו איך האב געמאכט מיין הויפט קווארטיר, ווען איך בין געקומען דארטען ארגאניזירען די מענשען.

א'קאנעל האט זיך א ווײַלע אפגעשטעלט און דאן דערצעהלט זיין סטרייק־געשיכטע.

ווען איך בין געקומען אהין, האט מען מיר געווארענט, אז אויב עס וועט קומען א סטרייק וועל איך האבען צרות פון דער הער־שערין פון געגענט, וועמען אלע רופען: „דהי קווין אף דהי דעזערט", די קעניגין פון מדבר. און אזוי איז עס טאקי געווען, די „קעניגין פון מדבר" איז מיר געווען א שונא, און איך האב מיך געמוזט שטארק היטען פאר איהר.

---

די „קעניגין פון דער וויסטע", איז די אייגענטהימערין פון א סאלון, א סארט „האטעל" אין לודלאו. אלע קויהלען ־ גרעבער קומען אהין פארברייננגען אין א לעדיגע צייט. דארטען טרעפט מען זיך מיט פריינד פון פארשיעדענע געגענדען פון מדבר; מען מאכט דארטען סעודות; מען שפילט קארטען; מען שפינט אינטריגעס און מען מאכט שלום; אלץ ווערט געטהאן אין דעם „האטעל" פון דער „קעניגין פון דער וויסטע". איידער די קוילען־גרעבער זיינען דארט ארגאניזירט געווארען, זיינען דארט פארגעקומען אפטע איבערפאלען פון איין „שטעדטעל" אויף דער אנ־דערער. מ'האט ביי דער „קעניגין" געהערט פון אפטע געשלעגען, שיסערייען, און אויך פון שליסען ברודערשאפטען, שמחות, גאנצע הוליאנקעס און אלץ איז געפלאנט געווארען אין דעם „האטעל" פון דער „קעניגין פון דער וויסטע". קיין באלעבאס, א מאנספערשוין איז דארט ניט געווען. שוין פון עטליכע צעהנדליג יאהר, אז עס דרעהט זיך דארטען ארום די באלעבאסטע, די מרשעת, כסדר ביין און אויפגערעגט—די „קעניגין פון דער וויסטע". עס טראגען זיך

וועגן איהר ארום גאנצע לעגענדעס. מאנכע זאגען, אז זייט זי גע־דיינקט זיך ווייסט זי ניט, צי זי האט ווען געהאט א פאטער אדער א מוטער. זי האט זיך אליין געפונען אין דעם מדבר, זיך אליין אויסגעהאדעוועט, און ווען זי איז עלטער געווארען, איז איהר עפעס דורך אן אינטריגע און מארד־געהיימנים געלונגען צו ווערען די באלעבאסטע פון דעם „האטעל”. אנדערע ווידער זאגען, אז דער „האטעל” האט טאקע באלאנגט צו איהרע עלטערען, און אז זי האט עס געקראגען בירושה. אז זי האט זיך אבער געהאדעוועט אהן צערטליכקייט, און אז דערפאר ווייסט זי קיינמאל ניט פון טאן עפעס וואס זאל ווענען עס איז זיין א טובה—וועגען דעם רעדען אלע. און ניט דוקא די איינוואוינער ארום איהר, די קויהלען־גרעבער, נאר אויך אלע וואס מוזען דארטען דורכפאהרען. קיינער געדיינקט ניט, אז מען זאל זי האבען ווען עס איז געזעהן שמייכלען, אדער זיין גוטמוטיג געשטימט. זי איז כסדר דערצארענט. איהרע אויגען האבען שטענ־דיג א קאלטען שטאהלענעם בליק. נאר פון צייט צו צייט בא־ווייזט זיך אין זיי א גלאנץ, א בייזער גלאנץ, עפעס אן אונהיימ־ליכער פייערעל טאנצט ארום אין זיי. דער פנים איהרער איז א גראבער. אלע איהרע געזיכטס־ציגע זיינען מגושם'דיג און פאר־הארטעוועט. קיין האר אויפ'ן קאפ טראגט זי ניט. זי האלט זיי אפגעשארען אזוי ווי א מאן. זי איז הויך, האט לאנגע גראבע הענד, און וואלט זי ניט ארומגעגאנגען אין א פרויען קלייד, וואלט מען זיכער געמיינט, אז דאס איז א מאן... זי געהט אויך אימער בארוועס. און מען שרעקט זיך פאר איהר פיעל מעהר, ווי פאר די ווילדע קעץ, וואס לויפען ארום אין יענער וויסטעניש.

ווען זי איז נאך געווען יונג האט זי איינגעפלאנצט עטליכע בוימלאך ביי דער טהיר פון איהר „האטעל”. דאס וואס עס איז א מדבר, און די ערד איז טרוקען, און עס איז ניטא קיין וואסער צו האלטען די ווארצלען פון די בוימלאך כסדר פריש, האט איהר ניט געארט. זי האט גענוצט דאס וואסער, וואס מען פלעגט אריינ־פיהרען מיט דער באהן. האט אפגעשפארט וואסער פון איהר טעגליכען געברויך. האט גע'גנב'עט וואסער ביי שכנים. און אזוי

האט זי מיט עקשנות גענעצט די איינגעפלאנצטע בוימלאך, זיי זאַ־
לען וואַקסען. זי האָט מיט א שטילער פארביסענקייט אזוי ווי גע־
פיהרט מלחמה מיט'ן מדבר, און זי האָט דעם מדבר באזיגט. זי האָט
איצט עטליכע בוימער פאר איהר טהיר—די איינציגע בוימער אין
דעם גאַנצען געגענט פאר טויזענדער מיילען. זיי קוקען טאקע אוים
צושראָקען... עפּעס איז זיי, די עטליכע בוימער, ניט היימליך...
אליין אין אזא וויסטע... און זיי וואַקסען דאָך איבערגעוואַלד...
געצוואונגענערהייד... און אפילו איצט, ווען זיי זיינען שוין פור־
נאנדערגעוואַקסען, מוז מען זיי אויך כסדר באגיסען מיט וואַסער...
און וועה איז צו דעם, וואָס וועט וואַגען זיך צו שטעלען אין זייער
שאָטען, ניט באצאָהלענדיג מיט עפּעס דער „קעניגין"...

זי פלעגט אויך אויפרייצען איינעם אויפ'ן אנדערען איהרע
געסט, די קוילען־גרעבער. פלעגט אויך אראנזשירען גנבות, מ'זאָל
באַ'גנב'ענען דורכרייזענדע טוריסטען. זי איז געווען אזוי גע־
וועהנט מיט'ן געגענט, אז ווען אלע ווערען ממש פארברענט פון
דער גרויסער היץ בייטאָג, געהט זי ארום פריי, און די שטעכיגע
אָנגעגליהטע זון־שטראַהלען גרייכען איהר ניט. אזוי איז עס אויך
ביינאַכט, ווען עס צושטורעמען זיך דאַרטען די ווינטען, און זיי יאַ־
מערען מיט א ווילדער פייפעריי, און רייסען די ערד, און וואַרפען
גאַנצע קופּעס זאמד אין דער לופט. אפילו דאן, ווען אלע ליעגען
צונויפגעדרעהט אין די ווינקעלאך, און אלע אגאַניעס פון
טויט און פארניכטונג שוועבען פאר זיי, געהט זי ארום פריי,
אזוי ווי זי וואָלט אליין א קינד פון שטורעם געווען. עס שרעקט
איהר אפילו ניט דאָס מורא'דיגע ברומען פון די ווילדע
וועלף־הינט, וועלכע לויפען ארום גאַנצע סטאַדעסווייז אין ביי־
נאַכטיגען שטורעם, און וועמענס ברומען עס מישט זיך צונויף מיט
די פייפערייען פון ווינט. זי איז געוועהנט דערצו. דאָס ברומען
פון די וועלף־הינט און די פייפערייען פון ווינט רייסען די הימלען;
עס דאַכט זיך דאַן, ווי די גאַנצע וועלט, מענש, פויגעל און חיה,
וואָלטען אין א גרויסען וויינענדיגען יאָמער אויסגעבראָכען. די
„קעניגין פון דער וויסטע" איז גלייכגילטיג צו דעם. זי איז גלייכ־

גילטיג אפילו, ווען צום ווינט־שטורעם קומט נאך צו א דונער־שטורעם, און פון הימעל אראפ צושרייען זיך די „האקס", די שווער־צע גרויסע פויגלען, וועלכע פליהען ארום אין שטורם און לאזען פון זיך ארויס מאוים'דיג הייזעריגע קולות. די „קעניגין פון דער וויסטע" באהערשט אויך דעם שרעק פון דער וויסטע. פארשטעהט איהר שוין, וואס פאר א ווערט עס קען ביי איהר האבען א מענש־ליך לעבען...

איך האב געהאלטען אין זינען, וואס מען האט מיר געזאגט, אז אום צו קריגען די קויהלען־גרעבער אין מיינע פלענער זיי צו ארגאני־זירען, מוז איך פריהער קריגען די „פריינדשאפט" פון דער הערשע־רין. איך מוז זעהען, יעדענפאלס, אז זי זאל קיין שנאה צו מיר ניט האבען. טאמער טו איך עס ניט, זיינען מיינע פלענער ארויסגעוואר־פען. און זייענדיג א פרעמדער אין דער וויסטע, איז מיין לעבען גלאט ניט זיכער. זי האט מיך אבער פיינט געקראגען, גלייך ווי זי האט זיך דערוואוסט, צו וואס איך בין געקומען אהין, און אויף אלע מיינע פריינדליכע באגריסונגען האט זי געענטפערט מיט א שטעכענדיגען בליק. עפעס האט זי געפיהלט, אז מיט דעם, וואס די מאינערס חבר'ן זיך מיט מיר, פארלירט זי עטוואס פון איהר הערשאפט. און איך האב זיך געריכט יעדע ווייילע פון מייז זיין דארטען, אז מען וועט מיך ערגעץ וואו באפאלען און ערמארדען...

אזוינס אפצוטהאן, האט זי אבער קענטיג ניט געוואגט. זי האט מיך פיינט געהאט, אבער אין דער זעלבער צייט האט זי קענ־טיג אויך מיך געהאלטען פאר א „הערשער". קומען דאך יעדען טאג אלץ מעהר מענשען צו מיר און זוכען מיין פריינדשאפט, און ווילען הערען פון מיר א ווארט... דערפאר האט זי באשלאסען נקמה צו נעהמען אן איינעם פון די דארטיגע קויהלען־גרעבער, וועל־כער איז כסדר מיט מיר ארומגעגאנגען. זי האט אויפגעהעצט איינעם צו באפאלען איהם און ערמארדען, און מ'האט איהר וואונש דורכגעפיהרט...

דאס איז טאקי געווען אין איינער פון די שטורמדיגע נעכט.

דער סטרייק איז שוין געוועזן ערקלעהרט. מיין פריינד האָט זיך פארשפעטיגט ביי מיר אויפ'ן קוואַרטיר, און ווען ער איז ארויס פון מיין צימער צו זעהן צי דער שטורעם וועט איהם ערלויבען זיך אריבערצוכאַפּען צו זיין וואָהנונג, איז ער ביי דער טהיר געשאָסען געוואָרען. איך האָב די שיסעריי ניט געהערט. דאָס ברומען פון ווינט און די געשרייען פון די וועלף־הינט האָבען פארטויבט דעם קנאַל פון דעם רעוואָלווער־שאָס, אזוי ווי די לעצטע קרעכצען פון מיין פריינד. ערשט אויף מאָרגען האָבען מיר געפונען זיין טויטען קערפער. צוערשט האָט די „קעניגין" זיך ניט וויסענדיג געמאכט. זי האָט געשוויגען. שפעטער אבער האָט זי געבראכט א „שעריף" און אָנגעוויזען אויף א סטרייקער, אז ער איז באַגאַנגען דעם מאָרד. זי האָט עס אליין געזעהן אפילו...

און איידער מיר האָבען באוויזען צו מאַכען א לויה דעם ערמאָרדעטען, איז זיין טויטער קערפער צוריסען געווארען פון די וועלף־הינט. לויט דעם מנהג אין דער וויסטע מוז א טויטער קערפער ליגען עטליכע טעג, ביז מען איז עס מקבר. די „קעניגין" האָט ניט דערלאָזען, אז מען זאָל עס האַלטען אין איינע פון איהרע שטיבער. איז דער טויטער קערפער געלעגען אביסעל ארויס פון דער שטעדטעל לודלאָו, און גלייך די ערשטע נאכט האָבען די וועלט־הינט דערשפירט, אז עס איז דאָ „שפייז" פאר זיי, האָבען זיי דעם טויטען פאַרשלעפט אין דער ווילדערניש און אין גאַנצען פאַרצוקט. קויהלען־גרעבער דערצעהלען, אז זיי האָבען עס געזעהן. עס איז שוין אָבער געוועזן צו שפעט די וועלף־הינט אָפצוטרייבען. א גאנצע סטאַדע איז אָנגעקומען, און נאָך זייער נאַטור נאָך איז איינער געגאַנגען פאָראויס און א גאַנצע מחנה הינטער איהם, און ווען דער „פיהרער" האָט אויף זיין אופן אָנגעזאָגט זיינע חברים, אז מען קען עס נעהמען, זיינען זיי באַפאַלען דעם קערפער און קוויטשענדיג און ברומענדיג זיינען זיי מיט איהם אין מיטען שטורעם־ווינד אריין און זיך א סעודה געמאכט...

מיר האָט זיך שטארק געוואָלט זעהן דעם פלאַץ וואו דער טויטער קערפער פון מיין פריינד איז צוריסען געוואָרען. קויה־

לען ־ גרעבער האָבען מיר געזאָגט, אז דער איינציגער סמן פון פּלאַץ קען זיין, ווען איך וועל אויף א באַשטימטען אָרט באַגעגענען א מחנה שווארצע פויגלען — די „האָקס“, מיט די רויטע אויגען און לאַנגע שנאָבלען. אלעמאָל, נאָכדעם ווי די וועלף־הינט ווערען פארטיג מיט א קרבן, פליהען זיך צונויף די „האָקס“. אויף דער ערד קומען זיי ניט אראָפּ. זיי פליהען ארום אביסעל איבער דער ערד, און קלאָגען מיט הייזעריגע קולות. איך בין אוועק זוכען דעם פּלאַץ, און איך האָב עס געפונען. איך האָב געהערט דעם הייזעריגען קלאָגען פון די שווארצע פויגלען. און מיר האָט זיך דאָן געדאכט, אז איבער דער גאנצער לענג און ברייט פון מדבר טראָגט זיך אַ קלאָגעדיגער געוויין נאָך מיין פריינד — דעם סטרייק־קרבן אין דער ווימטעניש פון מאָהאַווי...

---

אַ'קאָנעל איז שטיל געוואָרען. די פּארוואלטער פון די קויהלען־גרובען האָבען נאָך קיין ענטפער ניט געגעבען. מיינט עס א נייע מלחמה אין די קויהלען־פעלדער?...

די לבנה איז געשטאַנען אויף איין אָרט אין א צירקעל פון ווייסע וואָלקענדלאַך, און שטיל און פאר'חלום'ט געקוקט אויף אונזער ווערענדע ארויף...

# „פּאַדהער שעפּאַרד“

.1

אין ווירדזשיניאַ, נעוואַדאַ, האָט זיך ערשט געהאַט געשטעלט דער ווינטער. עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען די פרעסט. פון די פענסטער פון די הייזלאַך האָט מען שוין געזעהן ווי אויף די בערג, וועלכע הייגען איבער'ן שטעטעל, שפּרייט זיך אַ דיקע, ווייס־פוכיגע דעק פון שניי. און די מענשען פון שטעטעל, ארבייטער פון גאָלד־גרובען, זיינען שוין אין די אָוועגדען געזעסען אין די באַהייצטע הייזלאַך זייערע און מיט די ליולקעס אין די מיילער באַרעדט די שכנים און באַשפּראָכען די „סענזאַציעס“ אין שטעטעל.

די לעצטע נייעס איז געווען, אַז „פּאַדהער שעפּאַרד“ געהט אוועק מיט דער הויכער עסטעלאַ, די באַלעבאָסטע פון דער גראָסערי אין שטעטעל. און דערפאַר האָט זיך דאָס עסטעלאַ מיט אַ יאָהר צוריק גע'גט מיט איהר מאַן, און דער מאַן איהרער איז דערפאַר גלייך נאָכדעם אָוועק פון שטעטעל איבערלאָזענדיג עסטעלאַ'ן מיט דער גראָסערי. אייגענטליך איז שוין אַ לאַנגע צייט, זייט עס קומט פאַר אַ געהיימע ליבע צווישען „פּאַדהער שעפּאַרד“ און עסטעלאַ'ן, און דעריבער פלעגט מען דאָס זעהן עסטעלאַ'ן יעדען זונטאג אַ פאַרפּוצטע אין דער קירך, און פלעגט כסדר זיין די לעצטע פון קירך ארויסצוגעהן.

הכלל, עס איז געווען פאַר די איינוואוינער פון שטעטעל ווירדזשיניאַ געגוג שטאָף צום רעדען.

איצט הייסט עס, זיינען קלאָר געוואָרען אַ סך מאָדנע געגג פון „פּאַדהער שעפּאַרד“. און קלאָר איז אויך געוואָרען עסטעלאַ'ס אויפפיהרונג.

— אזעלכע פויגלעך זיינען זיי גאָר?...

און די מענער האָבען מיט בייסיגע שמייכעלאַך זיך גערייצט מיט די ווייבער זייערע:

— אַט האָט איהר אייך אייער „פאַדהער שעפּאַרד", צו וועמען איהר לויפט אַלע זונטאג זיך בוקען אין קירך אריין...

— און אין די פאַרנאַכטען געהט איהר צו איהם איירע שווע־רע הערצער דערצעהלען...

— נו, נו, א שעהנער מענש, אייער „פאַדהער", צונעמען א פרוי פון א מאַן...

— לינקע ליבעס פיהרען... זעהר שעהן...

די ווייבער האָבען אביסעל פאַרשעהמט געשמייכעלט, בעת די מענער זייערע האָבען זיך גערייצט מיט זיי, אָבער האָבען צוגע־וואונקען, ווי זיי וואלטען געזאָגט:

— זייט גוטע מענער, וועט קיינער ביי אייך די ווייבער ניט צונעמען...

און אזוי פאַרשעהמט שמייכלענדיג און ווינקענדיג האָבען זיי דערוויילע געפּרואווט פאַרטיידיגען עסטעלא'ן:

— אָבער עסטעלא'ס שולד איז דאָס ניט?... מישטיינס גע־זאָגט, דאָס האַרץ פון א פרוי!... קיין קינדער האָט זי דעם מאַן איהרען ניט איבערגעלאָזען...

האָבען אויף דעם די מענער נאָך שטעכיגער געענטפערט:

— נו יא, אז מען האָט ניט קיין קינדער מיט'ן אייגענעם מאַן, געהט מען זוכען ביי א פרעמדען...

„פאַדהער שעפּארד" האָט געוואוסט וואָס פאַר א טומעל זיין אוועקגעהן מיט עסטעלא'ן וועט אָנמאַכען אין שטעטעל. ער האָט זיין געמיינדע גוט געקענט. ער איז געבאָרען געוואָרען אין ווירדזשיניא. און וויפיל מאָל זיינען די שטעטעלדיגע ווייבער געקומען איהם דערצעהלען פון געהערטע זינד אויף אנדערע?... ער האָט דערפאַר געוואָלט, אז עסטעלא זאָל פאַרקויפען די גראַ־סערי, און זיי זאָלען ביידע אוועק פון שטעדטעל. עסטעלא האָט עס

אָבער ניט געוואָלט. זי האָט אויך ניט מסכים געווען צו דעם, אז ער זאָל אוועק פון דער קירך. זי האָט געוואָלט, אז ער זאָל בלייבען מיט דער קירך. נישקשה, עס וועט זיך איינשטילען, די מיילער וועלען זיך פארמאכען. אזוי פלעגט זי טענה'ן צו איהם.

איהרע רייד האָבען אבער אויף „פאדהער שעפארד" קיין ווירקונג ניט געמאכט. ניט קענענדיג אויספיהרען, אז זי זאָל אויפגעבען די גראָסערי און אוועק מיט איהם אין אן אנ־ער שטאָדט, האָט ער אָבער זיך אָפגעזאָגט פון זיין הייליגער דינסט, אלס גאָט'ס שליח אויף דער ערד. דאָס, האָט ער געפילט, מוז ער טאָן, ווייל קיין איינפלוס אויף זיין געמיינדע וועט ער שוין סאַי־ווי ניט האָבען... און דאָ וועט נאָך עסטעלא באַלד ווערען מוטער... די מיילער ביי די שטעטעלדיגע וועלען שוין אזוי גיך זיך ניט פארמאכען...

קיין גליק האָט זיי דאס חתונה האָבען ניט געבראכט. עפּעס איז גלייך אריינגעטראָטען א פרעמדקייט צווישען זיי. פאר עסטעלא'ן איז די גאנצע וועלט געווען איהר גראָסערי, און דאָס איבערנעהמען זיך פאר די ווייבער, אז זי האָט אויסגעפיהרט דאָס איהריגע, און האָט „פאדהער שעפארד" פאר א מאַן. ער ווידער, האָט זיך ניט געקענט געפינען קיין אָרט. אין הויז איז איהם אלעס געוואָרען גלייך דערווידער. עסטעלא'ס לאַסקעס האָבען אָנגעהויבען איהם אָפּשטויסען; אפילו דאָס, וואָס עס האָט איהם געמאכט אין עסטעלא'ן זיך צו פארליבען, איהר פייערדיגע נאַטור, ווען זי פלעגט זיין אינטים מיט איהם — האָט איהם איצט אויך אָפּגעשטויסען. ער האָט אָנגעפאַנגען זעהן אין איהר א חיה. די הייסע שטאַרקע אָרעמס איהרע זיינען איהם געוואָרען אלץ מעהר און מעהר באלעסטיגענד, און פאר דעם גלאַנץ אין איהרע אויגען בעת זי פלעגט צוקומען נאָהענט צו איהם, האָט ער זיך אָנגעפאנגען צו שרעקען, עפּעס איז עס געוואָרען עהנליך צו דעם גלאַנץ אין די אויגען פון דער קאַץ, וועלכע פלעגט זיך זשמורענען ביים טיר פון זיין אמאָליגער קירך, בעת זי פלעגט ווערען פון עפּעס צורייצט...

איז שעפּארד געלעגען א גאנצען טאג אין הויז, און אין די אווענדען פלעגט ער בלאנדזשען איבער'ן שטעטעל.

אמאל פלעגט ער צוגעהן צו דער אמאליגער קירך זיינער, וועל־כע איז איהם שוין געווען פרעמד און דאך אזוי אייגען און נאהענט געבליבען. שטעהענדיג א ווייל'ע, פלעגט ער אזוי ווי בגנבה זיך איבער־צלמ'ען, און דאן אוועק צו איינעם פון די בערג אויסער'ן שטעדטעל, פאר וועלכען עס שלענגעלט זיך דער וועג, וואס פיהרט צו דער דערבייאיגער שטאט רינא. דארטען, ביים פוס פון בארג פלעגט ער חלומ'ען זיינע חלומות, איבערלעבען אין זיך אלע זיינע פריי־הערדיגע יאהרען, און זיך גוט דורכשמועסען מיט זיך אליין...

צוריק אהיים פלעגט שעפּארד געהן, ווען עס איז שוין גאר שפעט געווען, און ווען עס פלעגט זיך איהם דאכטען אז די ווייסע וואלקענדלאך, וועלכע ציהען זיך אויפ'ן ביינאכטיגען הימעל, אזוי אומעטיג און פארטראכט, שטעלען זיך אפ, און אז באלד וועט אימיצער פון דארטען אראפשרייען צו איהם מיט עפעס א רוגזה. אין זיין פלוצלונג אריינגעשטויסענער איינזאמקייט זיינען צו איהם געקומען א סך שלעכטע געדאנקען וועגען גאט... עפעס אזעלכע, פון וועלכע ער האט קיינמאל ניט געוואוסט און פאר וועלכע די מענ־שען אין זיין שטעדטעל וואלטען אינגאנצען אנגעפאנגען צו ווייכען פון איהם, ווען זיי וויסען, אז ער טראכט אזעלכע געדאנקען... אבער אין הימעל וויים מען, אז ער טראכט אט די געדאנקען... די ווייסע וואלקענדלאך, וואס באגלייטען איהם אויף זיינע נאכטיגע שפאצירען, הערען ווי ער טראכט זיי... פלעגט ער זיך אנהייבען איילען אהיים צו געהן...

אהיים געהענדיג פלעגט ער באטראכטען די קליינע הייזלאך, וועלכע האבען אזוי ווי געדרימעלט אונטער'ן ביינאכטיגען הימעל. און כדי צו פארטרייבען זיינע זינדיגע געדאנקען וועגען גאט, האט ער גענומען טראכטען וועגען די פארהארעוועטע מענשען, וואס שלאפען אין די הייזלאך.

— מאדנע באשעפענישען זיינען זיי. גראבען גאלד און שלא־פען...

.2

עס איז שוין געווען אוועק א ווינטער, א זומער און א צווייטער ווינטער, ווען „פאדהער שעפארד" איז פּלוצלונג אריין אין דער ראָלע פון אן ארבייטער פיהרער. די גאָלד גרעבער פון ווירדזשי־ניא האָבען זיך צובונטעוועט געגען זייערע בעלי־בתים. א כעס אויף די בעלי־בתים זייערע האָבען זיי תמיד געהאט; נאָר ווען עס האָט זיך באוויזען א נייער אויפזעהער אין שטעטעל, מיט נייע גזרות, וואָס זיי דארפען יאָ טהאָן, און וואָס ניט, און די גזרות זיינען גע־וואָרען אונערטרעגליך, האָבען זיי זיך צובונטעוועט און באשלאָסען ניט צו געהן ארבייטען, ביז דער נייער אָנגעקומענער „באַלעבאָס" וועט פון די גרובען אוועקגענומען ווערען. דער גלח, וועלכער האָט פארנומען „פאדהער שעפארד'ס" פּלאַץ אין דער קירך פון ווירד־זשיניא, האָט געהייסען פאָלגען די נייע גזרות. גאָט וויל אזוי, האָט ער צו זיי גערעדט. זיינען זיי געוואָרען אין כעס אויך אויף איהם, און האָבען זיך דערמאָנט אָן „פאדהער שעפארד", וועלכער ליגט פארשפּארט אין דער הייזעל פון דער גראָסערי און האָדע־וועט זיך ביי עסטעלאַ'ן... זיי האָבען אָנגעהויבען קומען צו איהם נאָך עצות — און ער איז געוואָרען זייער פיהרער.

פאר שעפּארד'ען איז דאָס געוואָרען א נייער אינטערעס. ווי־דער לעבט ער אין די הערצער פון די מענשען פון שטעטעל. ווידער שלינגט מען זיינע רייד...

קיין גליק ביי זיך אין הויז האָט עס איהם אבער ניט גע־בראכט. וואָס מעהר די מענשען פון שטעטעל האָבען זיך ווידער גע־נומען נעהענטער קלייבען ארום איהם, אלץ מעהר האָט ער זיך פאר־פרעמדט פון דער הויז זיינער און פון עסטעלאַ'ן. דאָס קינד, וואָס עסטעלא האָט איהם געבאָרען, האָט אויך קיין פרייד אין זיין לעבען ניט אריינגעבראכט.

עפּעס האָט זיך איבערגעבראָכען אין זייער ביידענ'ס לעבען, און ס'האָט מעהר ניט געקענט גאַנץ ווערען...

מ׳האָט פון שעפּאַרד׳ען אַנגעפּאַנגען הערען אויך אין אַנדערע שטעדט. ער האָט אָנגעפאַנגען מאַכען רייזעס צו ארבייטער אין אַנדערע ערטער. און אַזוי איז ער פאַרשלונגען געוואָרען אין דעם גרויסען ים פון לעבען.

ער האָט זיך מיט עסטעלאַ׳ן אין גאַנצען צושיידט. און אין א שטילער זומערדיגער נאַכט, ווען פון די בערג אין שטעטעל האָט זיך געטראָגען א שטאַרקער ערדישער גערוך, און פון די בוימלאַך אויף די בערג האָט זיך געגאָסען א פאַר׳שכור׳ענדער דופט, און צווישען די באַרג־שפּיצען האָט זיך געשיפט די לבנה, א רונדע און א ווייסע, און פון די גראָבענס האָבען ארויסגעצוויטשערט ביינאַכ־טיגע פליגעלאַך, און זשאַבעס האָבען די שטילקייט געריסען מיט זייער נאַכט־געבעט, האָט שעפּארד פאַרלאָזען׳ווירדזשיניא, קיינ־מאָל שוין מעהר נישט צוריקצוקומען...

דער שטורעם פון די ארבייטער קאַמפען, וועלכע ער האָט שפּע־טער איבער׳ן לאַנד געפיהרט, די אוידיטאָריומס, פאַר וועלכע ער האָט רעדעס געהאַלטען, די פּאָליטישע געשעהנישען אין דער ארביי־טער־וועלט דער גאַנצער קאָך און טומעל ארום איהם,—דאָס, און די יאָהרען, וואָס זיינען שוין אוועק, האָבען איהם געמאַכט צו פאַר־געסען, אז ער האָט וואו א קינד, און אז דאָס קינד איז שוין געוויס אויסגעוואַקסען, און איז שוין א גאַנצער בחור אודאי... דערמאָנען זיך אָן קינד, און אָן זיין גאַנצען אמאָליגען לעבען, פלעגט ער נאר אין שטילע אייגזאַמע מינוטען, ווען ער פלעגט נאָך דעם גערויש פון די פאַרזאַמלונגען צו זיך אין צימער קומען. אדער זונטאַגס, ווען ער פלעגט אין די קלענערע שטעטלאך, וואו ער האָט ארומגערייזט צו רעדען צו ארבייטער, דערהערען אָן אומעטיגען קלאַנג פון קירך־גלאָקען.

דאן פלעגט איהם מאָדנע ווערה טהאָן דאָס הארץ, און ער פלעגט שטונדען לאַנג ארומגעהן אזוי ווי א צומישטער. ער פלעגט אבער ווידער פאַרשלונגען ווערען אין דעם רוישיגען לעבען, און דער וועהטאָג אין איהם פלעגט פאַרטויבט ווערען.

3.

אזוי זיינען געלאָפען זומערס און ווינטערס. שעפּארד איז אין גרויסע שטעט געווען, אין טעאַטערס געגאַנגען, מיט אלץ זיך אינטערעסירט, פון גרויסע מאַסען מענשען פאַר זיינע רעדעס שטאַרק געשעצט געווען, און אין וואָס פאַר א געזעלשאַפט ער איז ניט אריינגעקומען, האָט מען איהם באַטראַכט פאַר אן אינטע־רעסאַנטען מענשען.

שעפּארד איז געווען א שעהנער מאַן. א הויכער, א שלאַנקער, מיט א רונדען פרישען פּנים און גרויסע בלאָהע אויגען. זיין קאָפּ איז שנעל געוואָרען ווייס. די האָר האָבען אויסגעזעהן אזוי ווי ווייסע צובאַרשטע זייד. דאָס אָבער, האָט איהם ניט געמאַכט אויסזעהן אַלט. זיין פּנים איז געבליבען פריש און יונג און איז דעם אָבשיין פון די ווייסע זיידענע האָר האָט דער פּנים זייַנער נאָך מעהר געלויכטען. ער האָט דערפאַר געקענט האָבען פיעל פרויען ארום זיך. ער האָט זיך אָבער פון פרויען דערווייטערט, כאָטש ער פלעגט אין זייער געזעלשאַפט אביסעל קאָקעטירען, און אימער פרובירען רעדען נאָך שעהנער און נאָך מעלאַדישער, ווי ער איז געווען פאַר דעם באַשאַנקען פון דער נאַטור...

איין מאָל האָט זיך איהם זייענדיג אין ניו יאָרק פאַרוואַלט אין א נייַ־יאָהרס נאַכט באַזוכען א קירך. צוערשט האָט ער גע־זוכט חברים, וואָס זאָלען געהן מיט איהם. ער האָט אָבער גראָד יע־נעם אָוענט קיינעם פון זיינע פריינד ניט באַגעגענט, איז ער אוועק אַליין. און וואָס נעהנטער ער איז געקומען צו דער קירך, וועלכע ער האָט זיך אויסגעקליבען, האָבען אָנגעפאַנגען אויפטויכען אין זיינע געדאַנקען שוין לאַנג פאַרשוואונדענע בילדער.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן די יאָהרען, ווען ער איז געווען א פּריסטער, אן דער אַלטער טשוירטש פון ווירדזשיניא, און אויך אָן עסטעלא'ן און אָן דעם קינד...

— לעבען זיי נאָך?...

ווען שעפּארד איז אריין אינווענינ אין דער קירך איז עס גע־

ווען אין מיטען א שטילער תפילה. מאַסען מענער און פרויען און קינדער זיינען געשטאַנען אויף די קני מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און געבעט־ביכלאך אין די הענד; די לופט איז געווען פול מיט ווייכע קלאַנגען פון אָרגעל, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי קומען גאָר פון הויכען סופיט אַראָפּ; און פון אַלטאַר האָט זיך געטראָגען א שטילער תפילה־געזאַנג פון איינעם אַן עלטערען פּריס־טער און פון פיר אינגערע, און פון א לאַנגער גרופּע קליינע אינגלאך, צושטעלט צו צוויי, איינע לעבען די אַנדערע, אויף די קני אין צוויי שורות, פון ביידע זייטען אַלטאַר. זיי זיינען אַלע געווען אָנגעטהאָן אין שוואַרצע רונדע פּריסטער־היטעלאך, לאַנגע שוואַרצע פּריסטער־מאַנטלען, מיט ווייסע פּריסטער־קיטלען אויף זיי. און אין די הענד האָבען זיי געהאַלטען לאַנגע ווייסע סטרי־נענע ליכט, וועלכע האָבען געברענט מיט שטילע פרומע פלעמ־לאך.

שעפּאַרד האָט זיך אויך גלייך געוואָרפען אויף די קני. עפּעס איז דאָס איהם געקומען ווי א באַפעהל פון זיין אייגענעם האַר־צען. נאָך דער תפילה האָט זיך שעפּאַרד אויפגעזוכט א פּלאַץ, וואו זיך אָוועקצוזעצען, און איידער ער האָט זיך אַוועקגעזעצט האָט ער זיך פאַרנויגט פאַר'ן אַלטאַר, ווי דער הייליגער בוך זאָגט אָן.

די קירך איז געווען א רייכע. די געמיינדע, וועלכע קומט אהין, באַ־שטעהט פון גרויסע געשעפטס־מענשען. איז איבער די ווענט פון קירך, איבער'ן סופיט, איבער די אונצעהליגע בימות פון אַלע זיי־טען, איבער דעם אַלטאַר פאַראויס, איבער די צלמים אין אַלע ווינקלען, און איבער די קליינע שאַפּקעס אונטער זיי, און אויך איבער די הייליגע בילדער, אומעטום איז געווען גרויס רייכקייט אויסגעשפּרייט. פון אומעטום האָט זיך געגאָסען פינקעלדיגער גלאַנץ פון גאָלד און זילבער און פערלענע שטיינער. די עלעק־טרישע לאָמפּען, וועלכע זיינען אַראָפּגעהאַנגען פון סופיט און האָ־בען געוואָרפען א מאַטען שיין אויף די ווענט און די דילען זיינען געווען מיט גיין־גאָלד אַרומגעוויקעלט. פון סופיט אַליין האָבען

דורך די טונקעלע שאַטענס דורכגעבליצט אַלערליי פאַרביגע שטיינדלאַך. די ענג־לייכטער פון די באַלקענס אַראָפּ און די ליכט־רעהרלאַך אין די ווינקלען פון די ווענט האָבען געבליצט מיט אַ זילבערנעם פינקעל. אין אַלע ווינקעלאַך האָט געבליסטשעט. דער פולפּיט איז אין גאַנצען געווען פאַרטרונקען אין גאָלד און אין ליכט. ניט קיין גלאַנציגער גאָלד, און ניט קיין שאַרפע ליכט. דער גאָלד־גלאַנץ האָט בלויז איבערגעריסען די שאַטענס און די בלאָס־געלבע בלאַנקענדיגקייט האָט זיך געגאָסען אזוי ווי פאַר־חלום׳טע לבנה־ליכט.

שעפּאַרד האָט זיך אַרומגעקוקט. אין קירך זיינען געווען גאַנצע באַלקאָנען פון געפלאָכטענע געהילצען, אין אַן אַלט־גראָהען קאָליר, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אז דאָס שטעהט שוין אזוי פון גאָר, גאָר פאַרצייטענס. און אויף די באַלקאָ־נען זיינען געשטאַנען בלומען־טעפּ, מיט אויסגעשניטענע מירטען־בלומען פון האָלץ, וועלכע מען רופט „בלעטער פון גן־עדן“... אין די ווינקלען פון די ווענט, אונטער פרום־צאַנקענדע ליכטלאַך און הייליגע קריסטוס און מאַדאָנאַ בילדער, איז געווען דאָס אריינגאַנג צו אַ סך־סודות־פולע קעמערלאַך, וואו מאַמעס און טעכטער געהען אריין זיך מתודה זיין אין זייערע זינד פאַר דעם פאָטער פון דער גע־מיינדע...

און אויף אַלץ מיט אַן אַנדער איז געפאַלען אַ פרומע לופט, און פרומע בליקען פון די קריסטוס און מאַדאָנאַ אויגען, און די אויגען פון אַ סך אַנדערע הייליגע בילדער, מיט אויסגעשניצטע מלאכים׳לאַך אויף די ראַמען. און אויף אַלץ האָבען זיך געגאָסען די ווייכע קלאַנגען פון אָרגעל און די שטילע געבעט־געזאַנגען פון די פּריסטער, צווישען וועלכע עס האָבען זיך אריינגעפלאָכטען די שטימעלאַך פון די צושראָקענע פּריסטער־קינדער, מיט די שוואַר־צע פּריסטער־היטעלאַך און פּריסטער־מאַנטעלאַך און ווייסע קיט־לען אויף זיי.

שעפּאַרד איז געזעסען פאַרגאַפט און געקוקט. אָבער געזעהן האָט ער זיין אייגענע „טשווירטש“ פון זיין אַמאָליגער ווירדזשי־

ניאָ, די קליינע „טשוירטש" מיט דעם אָרימען אַלטאַר און דער אָרימער באַפּוצונג אויף די פּראָסטע ציגעלנע ווענט. און די נאַאיווע מענשען, די שווערע ארבייטער פון די גאָלד־גרובען, האָט ער געזעהן. און אויך זיך אליין, אַנגעטאָן אין די פּריסטער־קליידער. און אין זיינע געדאנקען האָבען אָנגעפאנגען פּארבייצושווימען אַלער־ליי בילדער. עסטעלאַ, זייער געהיימע ליבע, דאָס קינד, זיין גלות־אַפריכטען אין שטעטעל, נאָך זיין אַוועקגעהן וואוינען מיט עס־טעלאַ׳ן, די בערג, מיט וועלכע ער האָט דאָן געערעדט אין זיין איינזאַמקייט, און זיין אַוועקפאָהרען, און דאָן אַנדערע אָוידי־טאַריומס, אַנדערע געמיינדעס. און דאָס אַלץ האָט זיך צונויפ־געמישט מיט דעם שטילען געזאַנג אין דער גרויסער קירך, וואָס האָט זיך געגאָסען אין זיין הארצען...

— זעה, וואָס פאר א הייליגע אויגען דער יונגער „פּאַדהער שעפּאַרד" פארמאָגט — האָט ער פּלוצלונג געהערט ווי א מיידעל, וועלכע איז געזעסען לעבען איהם, זאָגט צו איהרער א חבר׳טע.

האָט זי טאַקע געזאָגט „פּאַדהער שעפּאַרד"? הייסט דער יונגער פּריסטער דאָרטען ביים אַלטאַר, שעפּאַרד? אָדער דאָס האָט זיך איהם אָפּגעדאַכט אַזוי, ווייל ער האָט געטראַכט פון זיין אַמאָליגען לעבען, האָט זיין אייגענער נאָמען איהם אין די אויערען אַריינגעקלונגען?...

ער האָט זיך אומגעקוקט אויף דער מיידעל און דאַן זיך אָנ־געשטרענגט צו קוקען אויף אַלע פּריסטער ביים אַלטאַר. ער האָט איינגעגראָבען זיינע אויגען אין איינעם א באַקאַנטען פּנים... ניין... נאָר פּאָרט... ער האָט אין געדאַנק גענומען איבערקלייבען פּנים׳ער פון באַקאַנטע מענשען. פאר זיינע אויגען האָט זיך אַוועקגעשטעלט דאָס בילד פון זיין פּאָטער, ווי ער האָט עס געזעהן אויף א פּאָטאָ־גראַפּיע, ווען דער פּאָטער איז נאָך זעהר יונג געווען...

און עפּעס האָט זיך ביי שעפּאַרד׳ן אָפּגעריסען אין הארצען. ס׳איז איהם געוואָרען פריהער הייס, און דאַן האָט א לייכטע קעלט איהם אַרומגענומען, און אין די שלייפען האָט גענומען קלאַפּען, קלאַפּען...

ער האָט ווידער געהערט דער מיידעל דערמאָנען דעם נאָמען „שעפּאַרד“...

.4

ווען שעפּאַרד איז אַרויס פון דער קירך, איז ער שוין ניט גע־גאַנגען מיט זיינע פעסטע טריט. ער האָט זיך געשאַרט, און אין האַרצען האָט אימיצער, אַ באַהאַלטענער אין איהם, מורא'דיג גע־וויינט...

אויפ'ן גאַס איז געווען פרעהליך. אַלע טראָטואַרען זיינען געווען געפּאַקט מיט ניי־יאָהר מענשען, אָנגעטאָן אין ווינטער קליידער און מיט צופלאַמטע פּנים'ער. אַלע האָבען גערעדט הויך און געלאַכט אויפ'ן קול, און פון אַלע זייטען איז געווען אַ געקלאַנג פון גלע־קער, און מען האָט געטרובעט און געגרילצט און זיך געוואָרפען מיט פּאַפּירלאַך און בלימלאַך און איינע די אַנדערע זיך אין די אויגען געקראַכען.

שעפּאַרד'ען האָט דאָס שוין ניט מעהר אינטערעסירט. ער האָט זיך געשאַרט פּאַזע טראָטואַר אָהן געדאַנקען, און ניט ווי־סענדיג וואו ער געהט. שעפּאַרד האָט שוין דאָן געוואוסט אויף זיכער, אַז דער יונגער „פּאַדהער שעפּאַרד“, אויף וועמען די מיי־דעל לעבען איהם האָט געזעהן אַזעלכע „פרומע אויגען“, איז זיין זוהן... עסטעלאַ'ס קינד... ער איז שוין געווען זיכער...

איבער די גאַסען האָט זיך דורכגעטראָגען אַ ווינט מיט אַ שניי. דער עולם איז געוואָרען אַלץ וועניגער, און דאָס קלינגען און גריל־צען אַלץ שוואַכער. עס איז שוין געווען שפּעט. וואו ניט וואו האָט זיך געזעהן אין דעם געדרעטע פון שניי און ווינט אַ יונג־פּאָרל, וועלכע איז האַסטיג געגאַנגען, זיך טוליענדיג איינער צום צווייטען. און וואו ניט וואו איז פאַרביי אַן אויטאָמאָביל וואָס איז געפלויגען ווי פון שדים געיאָגט. שעפּאַרד איז געגאַנגען מיט מידע טריט און אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ...

וואס ווייטער האָט זיך זיין וועהטאָג אלץ ווייניגער געלאָזען פארטויבען. אפילו אין די נעכט, ווען דער קאָפּ זיינער איז פול געוועזן מיט ווייך, איז דער וועהטאָג ניט אנטשוויגען געוואָרען. עפּעס האָט עס איהם שטענדיג געוואָרגען, און אין האַרצען האָט עס געצויגען און געקלאַפּט...

ער האָט איינגיבען אלעמען פארלאָזען און איז פארשוואונדען, קיינער ווייסט ניט וואוהין...

# די פאַמיליע ראַדזשערס

.1

ביי דער פאַמיליע ראַדזשערס אין הויז פלעגט מען אַלע מאָל קענען טרעפן גאַנצע גרופּן אַרבייטער־פיהרער. ווען נאָר אי־מיצער פון פיהרער־קרייז פלעגט פאַרוואַרפן ווערן אין די סאוט־ערנער שטעטלאך, פלעגט ער אָפּשטאַטן א וויזיט ביי די ראַ־דזשערס. ווענגן די אָרטיגע ארבייטער פיהרער איז אָפּגערעדט. מ׳פלעגט זיי זעהן ביי די ראַדזשערס טאָג און נאַכט. ביי די ראַדזשערס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, א „סאַלאָן" פאַר ענינים פון דער יוניאָן־וועלט, אזוי ווי עס זיינען דאָ „סאַלאָנען" פון ליטע־ראַטען, קינסטלער, א. אז. וו.

די ראַדזשערס האָבן גע׳שם׳ט מיט זייער גאַסט־פריינדליב־קייט. אין הויז איז שטענדיג געווען אָנגעגרייט א גוטער סיגאַר. א הונגעריגער האָט דאַרטען אימער געפונען מיט וואָס זאַט צו ווערן. און ביי א דוחק אין האָטעל־צימערען, האָט אן ארומ־פאָהרענדער יוניאָן־מענש דאָרטען אויך שטענדיג געפונען א פּלאַץ, וואו איבערצונעכטיגען. דער אַלטער ראַדזשערס פלעגט אימער ארומגעהן צווישען די געסט אָנגעטהאָן אין טונקעל־ברוינע „אָווער־אָלס", מיט ארויפגעקאַשערטע אַרבעל פון „שוירט" און א היל־צערנע ליולקע אין מויל, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי פון קאָרע גע־מאַכט.

ער פלעגט ארומגעהן און שראַטהלען פון נחת...

דער אַלטער ראַדזשערס איז שטאַרק צופרידען געווען פון דעם, ווי זיין פאַמיליע האָט זיך איינגעלעבט, און וואָס פאַר א ראָלע זיין

הויז שפילט אין דעם קאמף פון די ארבייטער . ווייל געוואוסט האט ער, אז וואו נאר ארבייטער־פיהרער קלייבען זיך צוזאמען, רעדען זיי פון זיין הויז מיט אנטציקונג, און אלע, וואס קומען נאר אין געגענד, רייסען זיך באלד צו באזוכען איהם און פאר־ברענגען א פאר שטונדען אין דער ליבלאכער ווארימקייט, וואס איז אויסגעגאסען איבער זיין באלעבאטישקייט. און דאס איז דאך אלעס, צו וואס ער האט געשטרעבט, זייט ער האט זיך פון קאליפארניע אוועקגעריסען...

אין קאליפארניע האט ראדזשערס געהאט ווייניג שייכות מיט ארבייטער. א זוהן פון א פארמער, האט ער זיינע אינגעלשע יאה־רען אויף די קאליפארניער זוניגע פעלדער אויסגעטרוימט. און ווען ער איז עלטער געווארען און חתונה געהאט, און ארום איהם האט אן אייגענע פאמיליע אנגעפאנגען ארויסשפראצען, איז ער אויך אין פארמעריי געווען ארייגעטהאן. אבער עפעס איז ארייג־געטראטען אין זיין לעבען, וואס האט געמאכט, אז קאליפארניע זאל איהם ווערען דערעסען. דאס איז געווען גלייך נאך דעם טויט פון זיין פרוי, ווען אלץ האט איהם אויסגעזעהן פינסטער, און וואו ער איז געגאנגען און געשטאנען, האט ער גע־זעהן א געל־ביינערדיג פנים, עהנליך צו דעם געזיכט פון זיין פרוי פאר'ן שטארבען...

דאן האט ער באשלאסען, אז ער דארף איינגאנצען אוועק פון קא־ליפארניע. ער האט באלד דאס ביסעל האב־און־גוטס, וואס ער האט פארמאגט, געמאכט צו געלד, און איז מיט די פיר קינ־דער זיינע געקומען אין דער סויטה, אויסקלייבענדיג טשאטאנוגא, פאר זיין וואוין־ארט.

און עס איז געווען אין דעם סויטהערן שטעטעל, וואו גערטנער און דורכשניידענדע טייכען שפרייטען רוה און שטילע געמיט־ליכקייט, און די זייף און פאודער און אייזען־פאבריקען ווער־פען אין דער זעלבער צייט גרויסע שטיקער קאכיגען לעבען אין דער ליבליכער שטילקייט אריין, — אין יענעם שטעטעל איז ער דאס צום ערשטען מאל געקומען אין באריהרונג מיט ארבייטער,

מיט די זאָרג און פּיין פון אַרבייטער, און מיט זייער שווערען קאַמף פאַר'ן לעבען. דאָרטען איז ער אַליין אויך אַן אַרבייטער געוואָרען און אויך זיינע קינדער פאַר אַרבייטער געמאַכט, און זיינע צוויי זיהן, דער עלטערער, דזשים, און דער איינגערער, פּיטה, און ער אַליין אויך זיינען מיט אַ פּאָר יאָהר שפּעטער געוואָרען יוניאָן־אַגיטאַטאָרס און טאָנגעבער צווישען יוניאָן־בעאַמטע.

די צוויי שוין אויסגעוואַקסענע טעכטער, די שלאַנקע ביטריס, מיט די ברוינע פרומע אויגען, און רוטהי, די מיידעל מיט די לאַנגע פלאַקסענע צעפּ, האָבען אויך געאַרבייט. און נאָך דער אַרבייט האָבען זיי וועגען דער היים געזאָרגט. די קליינע הייזעל זייערע, וואָס שטעהט אויפ'ן וועג, וואָס פיהרט צום גרויסען „לוקאַוט מאַונטיין", אין טשאַטאַנוגאַ, האָבען זיי געהאַלטען אין איין פּוצען, און אימער אויפגענומען די געסט, וועלכע פלעגען קומען צום פאָטער און די צוויי ברידער.

גלייך פון פאַבריק פלעגען ביטריס און רוטהי זיך נעהמען ארומקלייבען די הויז, אַליין אויך זיך אויספּוצען, און וואַרטען אויף געסט.

די עלטערע, ביטריס, פלעגט נאָך דער אַרבייט שטענדיג אָנטאָן אַ ווייסען שפּיצענעם קראַגענדעל אויפ'ן האַלז, וואָס האָט איהר שלאַנקייט און עדעל געזיכט צוגעגעבען אַ מין מאַרטירערישען חן. זי האָט דאָן געהאַט דעם אָנבליק פון אַ יונגער דאַמע, מיט אַ שווערען געמיט, וואָס קומט פון אויפהאָרעווען זיך אָהן דער צערטליכקייט פון אַ מאַמען. רוטהי, ווידער, פלעגט שטענדיג טראָגען אַ געלבען בורשטינענעם צלם'ל אויף דער ברוסט. ביי דער אַרבייט אויך אַזוי. דאָס איז געווען אַן אָנדענק פון דער מאַמען, וועלכע זי האָט קיינמאָל ניט געזעהן, ווייל ביי איהר געבוירען ווערען איז דאָס די מאַמע געשטאָרבען. זי האָט זיך דערפאַר אין דער פאַנטאַזיע אַליין אויסגעמאָלט אַ מאַמען, וואָס איז געווען עהנליך צו דער עלטערער שוועסטער, כאָטש די עלטערע שוועסטער איז גאָר עהנליך געווען צום פאָטער...

רוטהי איז געווען אַ שטיפערין, האָט קיינמאָל ניט געקענט

איינשטיין אויף אַן אָרט, איז כסדר געווען אַט אין שטיבעל, אַט אין גערטענדעל ביי דעם שטיבעל, און אַט ביים גרויסען שפּי־געל, וואָס איז געשטאַנען אין פאָדער־צימער און געהאַט אַ גרויסען הילצערנעם פויגעל אין דער הויך. זי פלעגט זיך דרעהען ביים שפּיגעל אפילו ווען געסט זיינען געווען אין צימער. ביטריס'ען, דער עלטערער שוועסטער, פלעגט עס פאַרדריסען, און זי פלעגט דערפון ווערען אין כעס. אָבער איהר כעס פלעגט זי נאָר אויס־דריקען מיט אַ בליק, און רוטהי'ן פלעגט דאַמאָלט זיך דוכטען, אַז ביטריס'עס אויגען האָבען זיך אין גאַנצען אָפּגעשטעלט און זיינען פאַרגליווערט געוואָרען. און ווען דאָס פלעגט פּאַסירען, פלעגט רוטהי גלייך אַ שפּרונג טהאָן צו דער עלטערער שוועסטער, ארומכאַפּען איהר טאַליע, און אַריינקוקענדיג איהר אין די אויגען מיט אַ בעטענדען שמייכעל, פלעגט זי זיך באַלד נעהמען עפּעס טהאָן אין הויז, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט מיט דעם אָפּקומען פאַר דעם פריהערדיגען ארומלויפען און פוצען זיך...

די ברידער און דער פאָטער האָבען וועניג וואָס זיך אַרומגע־קוקט אויף די צוויי מיידלאַך, כאָטש די מיידלאַך פלעגען אימער זיך געפינען אין דער געזעלשאַפט פון זייערע געסט און אנטייל נעהמען אין די געשפּרעכען. נאָר יעדען מאָל, ווען די געסט פלעגען זיך פאַנאַנדערגעהן, פלעגען פאָטער און קינדער בלייבען אַ ווייל זיצען אויף זייערע פלעצער און איינע די אַנדערע צו־פרידען זיך אָנקוקען. דער פאָטער האָט די קינדער שטאַרק גע־ליבט, די קינדער איהם אויך, און איינע די אַנדערע האָבען די קינדער זיך אויך ליעב געהאַט. דאָס האָט זיך געמערקט אין יעדען ווינקעלע פון דעם קליינעם ליעבען שטיבעל...

אמאָל פלעגט טרעפען, אַז אַלע פיר אויסגעוואַקסענע קינדער, די טעכטער און די זיהן, פלעגען זיך צושטיפען, אַזוי ווי קליינע אינגלאַך און מיידלאַך. פלעגען זיך אָנהויבען יאָגען ארום די טישען אויף צו כאַפּען זיך איינע די אַנדערע. דאָס פלעגט געוועהנליך פאָרקומען, ווען די ברידער פלעגען קומען צוריק פון אַ רייזע, אויף וועלכער די אָרגאַניזאַציעס זייערע האָבען זיי געשיקט. נאָך דעם

קורצען אָפּשיד צווישען ברודער און שוועסטער איז די פרייד ביים זעהן זיך געווען נאָך שטאַרקער. דער פאָטער פלעגט שטעהן אָן א זייט מיט דער הילצענער ליולקע אין מויל און אָנקוועלען. דערנאָך פלעגט ער ארויסגעהן פון ווינקעל, און די זיהן פלעגען מוזען זיך אוועקזעצען מיט איהם, און איהם אלץ דערצעהלען פון זייערע באַגעגענישען. ווי דער האָט גערעדט, און וואָס יענער האָט געזאָגט, ווי דער איז „פּאָליטיש" דערהויבען געוואָרען, און ווי יענער איז „פּאָליטיש" געפאַלען...

פון דער פאַמיליע ראַדזשערס האָט מען פיעל אויך גערעדט ביי די שכנים ארום זיי, וועלכע האָבען געהאַט פונקט אַזעלכע הייזער ווי די ראַדזשערס. אַלע שכנים אויפ'ן וועג צום „לוקאוט מאונטיין" אין טשאַטאַנוגאַ, האָבען געוואוסט פון די ראַדזשערס. די באַקאַנטשאַפט איז געקומען גלייך ווי די פאַמיליע ראַדזשערס האָט זיך אריינגעקליבען אהין.

פון יענער צייט האָט דער אַלטער ראַדזשערס אימער גערעדט מיט א לייכטען שמייכעל...

.2

עס איז שוין דאָ אין דעם א יאָהר עטליכע און צוואַנציג, זינט עס האָט זיך איהם געוואָלט, אַז דער גערטענדעל פאַר דער שטיבעל זאָל זיין אַנדערש ווי אַלעמענס גערטענדלאַך. האָט ער פאַרזייט דאָרטען בלומען, וועלכע וואַקסען נאָר אין קאַליפאָרניע...

ער האָט געבראַכט מיט זיך זאָמען פון דער קאַליפאָרניער „פּאַפּום"־בלום.

צוערשט האָט ער אַליין ניט געגלויבט, אַז עפּעס וועט ארויסוואַקסען פון דעם. עס האָט זיך איהם אָבער געוואָלט מאַכען אַ פּראָבע.

און ווען דער פריהלינג האָט זיך צוזונגען איבער דער סאוטה, און מיט זיין געזאַנג אויך די „פּאַפּום"־בלום פון דער סאוטהערנער זאַפטיגער ערד ארויסגערופען, און די „פּאַפּום"־בלום האָט

זיך פאנאנדערגעבליהט, און די שכנים ארום האבען דערזעהן א נייעם סארט פלאנץ, א שטרוי־געלבען און בארדא־רויטען געוויקס, וואס איז הויך ווי א שטרוים־פעדער, און האט א צופודעלטען קאפ, האט מען אנגעפאנגען קוקען קרום אויף די נייע שכנים...

— א פרעמדער מאן איז געקומען מיט א כישוף־גראז פון ער־געץ און ער פארשוועכט די סאוטהערנער ערד, — האבען די אל־טע, לאנגזאם זיך באוועגענדע סאוטהערנער לייט געמורמעלט.

סאוטהערנער זיינען רעליגיעז איינגעגלויבט אין זייער ערד, און האלטען פאר א גרויסע זינד, ווען מען באצווינגט די ערד מיט געוויקסען און וואָרצלען פון אנדערע געגענדען. זיי האבען דער־פאר אנגעזאגט זייערע קינדער, אז מען דארף זיך היטען פאר דעם „פרעמדען מאן מיט דעם כישוף־גראז"... און קיינער האט ניט געוואלט קומען נאהענט צו איהם... און אלע האבען אויף איהם און זיין שטיבעל געקוקט מיט שרעק...

קינדער האבען פארביילויפענדיג אפט געווארפען א שטיין אין דעם גערטענדעל. און אלטע־לייט פלעגען שטיל אויסשאקלען מיט די קעפ א קללה אויפ'ן „פרעמדען מאן מיט'ן כישוף־גראז"... ראדזשערס'ן האט זיך אויך פארוואלט איינקייטלען איינע אין די אנדערע צוויי פארשיידענע בוימלאך, וועלכע האבען מיט זייערע פרוכטען, קארשען און פלוימען, פארשמעקט דעם גאנצען וועג פאר דער שטיבעל. ס'איז דערפון ארויסגעקומען א צווייג פון קאר־שען אריינגעוואקסען אין א צווייג פון פלוימען. און עס האט אויס־געזעהן ווי די פלוימען און די קארשען וואלטען פון איין צווייגעל ארפגעהאנגען, און פון איין בלאט געוועזן באשירעמט. די גאטס־פארכטיגע סאוטהערנער לייט האבען שוין דאן אין גאנצען פאר איהם מורא געקראגען...

איין מאל האט אפילו א שכן פארגעשלאגען די אנדערע שכנים, אז מען זאל דעם גערטענדעל באפאלען און צוטרעטען דאס „כישוף־גראז", וועלכע דער „פרעמדער מאן" האט פון ערגעץ מיטגע־בראכט; און פארניכטען זאל מען די בוימלאך, וועלכע האבען זיך

געלאזען פון דעם „פרעמדען מאן” באהערשען און באצווינגען; ביז׳ן ווארצעל זיי פארניכטען...

האט מען אבער מורא געהאט נאהענט צוצוקומען צו דער שטיבעל, מיט׳ן גערטענדעל פון דעם „פרעמדען מאן”. ווייל די גאנצע ערד איז פון דעם "פרעמדען מאן„ פאר׳כישוף׳ט געווארען... און געהט מען צו נאהנעט, הערט מען טריט פון „ניט־גוטע” צווישען דעם „כישוף־גראז”... און דאס הארץ פון דעם, וואס הערט עס, ווערט דאן גלייך אפגעשטעלט... מ׳שטארבט... אזוי האט מען גערעדט אין די סאוטהערנער שטיבלאך, ניט וויט פון שטיבעל פון דער דאן יונגער פאמיליע ראדזשערס...

איז אנגענומען געווארען די עצה פון אן אנדער שכן: מען זאל דאס אין קירך מעלדען, און דעם „פרעמדען מאן” צו דער פאליציי איבערגעבען, און די קינדער זייערע זאלען מיט די קינדער פון דעם „מכשף” אין איין שוהלע ניט געהן...

און אזוי האט די פאמילייע ראדזשערס א לאנגע צייט געליטען און איז פארפאלגט געווארען. און אפילו ווען דער שרעק און דער צארן פון די גאטספארכטיגע סאוטהערנער האט זיך שוין געהאט אפגעטהאן, און די שכנים זיינען שוין אפט אין שטיבעל פון דעם „פרעמדען מאן” אריינגעקומען, האבען די קינדער זייערע נאך אלץ געפיהרט מלחמות מיט די קינדער פון די ראדזשערס...

ראדזשערס פלעגט דאס אין די שפעטערע יאהרען דערצעהלען מיט א לייכטען שמייכעל, און בעת מעשה צורופען דעם עלטערען זוהן, דזשים, און אנווייזען אויף איין צייכען ביי איהם לעבען אויג, וואס האט זיך אפגעשטעלט פון די דאמאלסדיגע מלחמות צווישען די קינדער...

דזשים פלעגט דאן צולייגען מעשה העלד:

— אבער מיר האבען אויך ניט געשוויגען...

דערפאר ווען די פאמיליע האט זיך איינגעזעסען, און דער גערטענדעל האט יעדען פריהלינג זיך פאנאנדערגעבליהט, און די

ריחות פון די בלומען און דער זאַפט פון די צווילינג־פּרוכטען האָבען געהאַלטען אַלעמען ווי פאַר'שיכור'ט, און פון אויבען פלעגט אין די פריהלינג פריהמאָרגענס אראָפּקומען א צושטראַהל־טער סאַוטהערנער הימעל, האָט מען זיך אין שטיבעל געפיהלט גליקליך. אַזוי ווי אין גערטענדעל, אַזוי אויך אין שטיבעל, איז אין יעדען ווינקעלע געווען גאָט, און ער האָט געוואָרפען גאַנצע הויפענס ליעבע און צערטליכקייט...

.3

די ערפאַהרונג זיינע מיט די סאַוטהערנער שכנים האָט דער אַלטער ראַדזשערס שפּעטער אויסגענוצט אין זיין פאַרבינדען־זיך מיט יוניאָנס. עס האָט זיך ביי איהם פאָרמירט א לעבענס פילאָזאָפיע:

...ווילסטו ווערען פריינט מיט דיינע מיטמענשען, און באַ־קעהרען זיי צו דעם, וואָס דו האַלסט פאַר ריכטיג, מוזטו קודם־כל זיין עקשנות'דיג איינגעגלויבט, אַז דאָס, וואָס דו טהוסט איז ווירקליך ריכטיג, און ניט אָפּלאָזען קיין זאַך פון דעם, וואָס דו האַלסט, אַז עס איז ריכטיג. און דאַן זאָלסטו האָבען כסדר פאַר די אויגען דעם גלויבען און די נייגונגען פון די מיט־מענשען, וועל־כע דו ווילסט באַקעהרען צו זיך...

אין די דיסקוסיעס ביי איהם אין שטיבעל, ווען עס פלעגען זיך צונויפקומען געסט פון די פיהרער־קרייזען, פלעגט דער אַלטער ראַדזשערס טאַקע כסדר ארגומענטירען, אַז ניט נאָר דאַרף מען האָבען אין זינען די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די געזעלשאַפטס־קלאַסען, נאָר אויך זייערע גלויבענס, און זייערע אַלגעמיינע לע־בענס־נייגונגען. די, אין די יוניאָנס, וועלכע פאַרזעהען עס, וועלען אַלע מאָל זיך אָנשלאָגען אָן ווענט, און קיינמאָל קיין ערפאָלג ניט האָבען... א יוניאָן־אַגיטאַטאָר פון דער „איסט", פלעגט ער טענה'ען, וועט קיינמאָל קיין אמת'ן ערפאָלג ניט האָבען אין דער „סאַוט". דער איסטערנער איז אן אפיקורס. ניטאָ ארום איהם

קיין טראַדיציעס. קען ער ניט צוקומען אזוי לייכט צום גלויביגען מח און עקשנות'דיג־רעליגיעזען הארצען פון די סאוטהערנער...

מיט זיין לעבענס־פילאָזאָפיע און זיין קוק אויף יוניאָן־מעטאָדען, האָט דער אַלטער ראַדזשערס אויך אָנגעשטעקט זיינע קינדער. ניט אַלע געסט פלעגען איינשטימען מיט די ראַדזשערס־טהעאָריען, און דאָס שטיבעל פון די ראַדזשערס פלעגט דערפון אָפט פאַרוואַנדעלט ווערען אין א היציגען דעבאַטיר־קלוב...

אומעטיג און געדריקט פלעגט מען אין דער פאַמיליע ראַדזשערס נאָר ווערען, ווען מען פלעגט הערען פון ערוואַרטעטע גרויסע געפאַהרען אין דער יוניאָן־וועלט. הויפּטזעכליך, ווען מ'פלעגט זיך דערוויסען פון געזעץ־פאַרפאָלגונגען אויף ארבייטער־פיהרער.

דאַן פלעגט אַן אומרוהע זיך ארומשלייכען אין שטיבעל. דער פאָטער און די צוויי זיהן פלעגען זיך סוד'ען און די צוויי טעכטער פלעגען ארומגעהן שטיל און פאַרזאָרגט, כאָטש ניט אַלע מאָל האָבען זיי געוואוסט וואָס עס איז געשעהן...

איז אין ארבייטער־קרייזען געווען רוהיג, איז אויך געווען רוה אין שטיבעל פון די ראַדזשערס. די געסט פלעגען דאַן קומען אַהן זאָרג אויף די פּנים'ער, און עס פלעגען פאָרקומען הוליאַנקעס, און מען פלעגט רעדען פון יוניאָן פאַסירונגען הויך אויפ'ן קול און מיט גרויס געלעכטער באַגלייט. דער אַלטער ראַדזשערס איז געווען פאַרבונדען מיט א יוניאָן פון ארבייטער ביי אייזען־גיסערייען. דזשים, דער עלטערער זוהן, איז געווען מיט דער יוניאָן פון געשליפענע גלאָז ארבייטער, און דער איינגערער, פּיטה, איז געווען באַשטעלט צו אָרגאַניזירען די ארבייטער פון פּוידער־פאַבריקען. פלעגט מען אין די זומער אָווענטען זיצען אויף דער ווערענדע פון שטיבעל, און אין די ווינטער־נעכט אין גרויסען עס־צימער, און רויכערענדיג סיגאַרען און ליולקעס פלעגט מען זיך אונטערהאַלטען מיט איינדרוקען און ערפאַהרונגען. פלעגט אָנקומען א גאַסט מיט א באַקאַנטען נאָמען, איז געווען אַן אמת'ער יום־טוב ביי די ראַדזשערס. דער אַלטער פלעגט זיין איבער־גליקליך; די צוויי

טעכטער פלעגן שיינען; און אפילו פיטה, דער אינגערער זוהן, וועלכער איז געווען ווענינער רעדעוודיג פון אלעמען אין דער פאמי־ליע, פלעגט זיך אויך פאנאנדערערעדען און דערצעהלען אלערליי וויציגע מעשה׳לאך.

.4

פיטה איז איין מאל געזעהן געווארען אין א האטעל אין אטלאנ־טא, וועהרענד אין דער פאמיליע האט מען געוואוסט, אז ער דארף גאר זיין אין ניו ארליענס. און געטראפען האט מען איהם, בעת ער האט געהאט א פריינדליכען געשפרעך מיט איינעם, וועלכער איז אומעטום באקאנט געווען אלס קאנספיראטאר קעגען יוניאנס. די, וועלכע האבען איהם געטראפען אין יענעמ׳ס געזעלשאפט, האבען דערצעהלט, אז דער געשפרעך איז געווען א „צו־פריינדליכער“...

באקאנטע האבען געפרעגט פיטה׳ען, וואס און ווען, און פון זיינע האלבע ענטפערס און צופלאנטערטע רייד, האט מען איהם אנגעהויבען אין עפעס חושד צו זיין...

געגנוי אין וואס חושד זיין, האט מען זיך איינענטליך קיין חשבון ניט געקענט אפגעבען. מ׳האט זיך אבער גענומען צוריק־האלטען פון איהם, און כסדר שפירען, אז ארום פיטה׳ען איז דא עפעס א סוד...

ווען די רייד האבען דערגרייכט די אויערען פון אלטען ראַ־דזשערס, האט ער איין פריהמארגען באטראכט פיטה׳ען ווען ער איז נאך געווען אין בעט אין האלבען שלאף. דער פאטער האט געקוקט אויפ׳ן יונגען קאפ פון זוהן, אויפ׳ן גלאטען שטערן, אי־בער וועלכען א ביסעל האר איז דורכ׳ן שלאף געווען ארויפגעפאַ־לען, און ווי א דאקטאר זיך צוגעהערט צו זיין לייכטען ציהען דעם אטהעם. יעדעס מאל, וואס דער האלב־שלאפענדער פיטה האט מיט די אקסלען זיך א ציה געטהאן, האט דער פאטער אנגענומען, אז דאס איז נערוועזיטעט, און ס׳האט איהם א ריס געטהאן אין האר־צען...

דער אַלטער ראַדזשערס איז דאַן געגאַנגען פון צימערל צו צימע־רעל און באַזונדער באַטראַכט ווי יעדע קינד ליגט אין האַלבען פריהמאָרגען שלאָף. האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע ביי יעדענ׳ס בעט. געווען איז ער זיכער, אַז אַ חוץ פּיטה ,האָט איהם קיינער ניט באַמערקט.

פּיטה האָט געפיהלט, אַז איך בין לעבען זיין בעט, נאָר געמאַכט זיך, אַז ער פיהלט עס ניט... — איז דעם אַלטען ראַ־דזשערס דורכגעלאָפען אין מח... פּיטה פיהלט זיך שולדיג אין עפּעס...

דער אַלטער האָט זיך שאַרענדיג געקליבען אַרויסצוגעהן פון צימער וואו די טעכטער האָבען געשלאָפען, און ס׳האָט זיך אויפ־געכאַפּט ביטרים.

— וואָס איז, פּאַפּאַ?...

— גאָר ניט, קינד, גאָר ניט...

און פון אונטער די פאַרהאַנגען אויף די פענסטער האָט זיך אין שטיבעל אַריינגעריסען אַ הערבסטיגער פריהמאָרגען ליכט.

אין עטליכע טעג אַרום איז פּיטה פאַרשוואונדען געוואָרען. ניט געקומען אַ היים און ניטאָ. נאָהענטע פריינד און דער אַלטער ראַדזשערס האָבען שוין דאַן געוואוסט, אַז וועהרענד פּיטה איז געווען אין דער פאַמיליע מיט׳ן פאָטער און ברודער, און די צוויי שוועסטער, און מיט די פיעלע פריינד פון יוניאָן־קרייזען, האָט ער אין דער שטיל זיך געשפּונען אַן אַנדער לעבען... איז געווען דער בעל־עצה פון פאַבריקאַנטען, ווי אַזוי צו צוברעכען יוניאָנס... זיין פאַרשווינדען, אָבי ניט צו דאַרפען געבען ער־קלערונגען צו די אייגענע, האָט עס באַשטעטיגט...

אַז ער לעבט, האָט מען געוואוסט. ס׳זיינען געווען גערוסען, מ׳האָט איהם געזעהן דאָ, און געזעהן דאָ... ער איז בלויז פאַר־שוואונדען פון דער היים...

און אַזוי האָט אויך אַנגעהויבען פאַרשווינדען דער רוהם פון דער פאַמיליע...

מען האט אויפגעהערט קומען אין שטיבעל. די שטענדיגע געסט, די יוניאן־פיהרער האבען אנגעפאנגען ווייכען פון שטיבעל. צי דאס איז געווען, ווייל זיי האבען די גאנצע פאמיליע אנגעפאנגען חושד זיין, צי דערפאר ווייל זיי האבען ניט געקענט צוזעהן דעם פלוצלונגען חורבן, וואס איז אויף אלעמען אין דער פאמיליע געקומען, — מעהר אהין זיינען זיי ניט געגאנגען.

דער פאטער און דער עלטערער זוהן דזשים האבען זיך פון יוניאן־טהעטיגקייט צוריקגעצויגען. אין שטיבעל האט זיך באזעצט א פארגליווערטע שטילקייט.

דער אלטער ראדזשערס איז געווארען אזוי ווי איבערגעבראכען. זיין הויכע געשטאלט האט זיך איבערגעבויגען און דער קאפ האט אנגעפאנגען אראפהענגען. ער האט אויך פארלארען דעם האסטיגען גאנג זיינעם. ער האט אנגעפאנגען ווי ארומקריכען. צובראכען זיינען אויך געווארען די קינדער. דזשים איז א לאנגע צייט ארומגעגאנגען מיט א מאדנעם אונהיימליכען בליק אין זיינע גרויסע גראהע אויגען, און די צוויי מיידלאך האט מען אפט געזעהן אויף דער וועראנדע ליגענדיג איינע אין דער צווייטער'ס ארימס, פארזארגטע און פאר'מרה־שחורה'טע.

דער הערבסט האט זיך געשטעלט ארום שטיבעל מיט פעסטע טריט... דאס גערטענדעל איז פול געווארען מיט אראפגעטראגענע בלעטער פון די בוימער... די צווייגען זיינען געווארען אלץ נאקעטער און נאקעטער...

איין מאל איז דער עלטערער זוהן דזשים געקומען א היים און זיך וועגדענדיג צום פאטער, האט ער שטאמלענדיג געזאגט:

— פאפא, איך ציה זיך ארוים פון דאנען, איך געה אין ביזנעס, און...

דער פאטער האט איהם שטילערהייט איבערגעלאזען און זיך אוועקגעשארט אין גערטענדעל אריין.

און אויך דזשימ'ען האט שוין דער אלטער ראדזשערס מעהר ניט געזעהן.

און אזוי ווי דזשים איז אויך די קלענערע רוטה, איינמאל גע־קומען א היים מיט א בשורה...

זי געהט חתונה האבען, האט זי אנגעזאגט...

דער פאטער האט איהר גאר נישט געפרעגט, האט בלויז א קוק געגעבען אויף איהר מיט א שטעכיגען בליק און איז אוועק. די עלטערע שוועסטער ביטרים האט פרובירט רעדען צו איהר... ווער?... און וואס?...

האט רוטה, בלויז אנגעוואונקען, אז ס'איז דער, וועלכער איז צו איהר אימער פריינדליך געווען אין פאבריק, וואו זי ארבייט, און זי איז אוועק — אויך מעהר ניט צוריקצוקומען...

ביטרים איז געבליבען מיט'ן צובראכענעם טאטען. אבער אויך ניט אויף לאנג. זי איז שפעטער קראנק געווארען און גע־שטארבען.

איז דער אלטער ראדזשערס ארומגעקראכען אליין אין זיין שטיבעל און גערטענדל, גערויכערט זיין ליולקע, וואס האט אויס־געזעהן ווי פון קארע געמאכט און — אויך געווארט אויפ'ן טויט...

דער טויט איז געקומען...

— און די שטיבעל?

— פוסטעוועט!

ס'איז געשעהן, ווי דער אלטער ראדזשערס האט זיך אמאל אליין אויסגעדריקט, ווען ער האט דערצעהלט וועגען א בוים, וואס האט געבליהט, און געבליהט, און פלוצלונג גענומען ווערען לעדיג, אהן צווייגען, און אהן בלעטער...

א ווארעם האט זיך ארייגעזויגען אין הארצען פון בוים, זיינען די צווייגעלאך דורכגעפוילט געווארען, און — צוטריקענטע, פאנאנדערגעפאלען...

## „גוד אָלד פרענק"

.1

ווען פרענק איז ארוים פון סקוהל, זיך אַנגעהויבען בחור'ען, און אריין אין אַ קופּער־פאַבריק, האָט מען אין קרייז ארום איהם פּאַראויסגעזאָגט, אַז פון איהם וועט עפּעס ווערען... ס'האבען זיך געקלעפּט צו איהם חברים, און אין אַלע באַגעגענישען מיט חברים, האָט ער געשפּיעלט די ערשטע פידעל. פון זיינע וויציגע ווערטלאַך האָבען אַלע חברים געלאַכט, און אויף זיינע קינדעריש־ערנסטע באַמערקונגען האָבען אַלע תמיד צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ.

פרענק האָט זיך געהאַדעוועט ביי טאַטע־מאַמען, ניט איבע־ריגענס אָרים. זיי וואָלטען אודאי געקענט אויסהאַלטען זייער יונגען זוהן, ער זאָל נאָך עפּעס לעהרנען און דערגרייכען אַ גוט־באַצאָהלענדע פּראָפעסיע. פרענק האָט אָבער גלייך געוואָלט זיין זעלבסטשטענדיג, אליין פאַרדינען געלט, און ער איז אַוועק אין פאַבריק.

די ערשטע טעג איז איהם אַלץ געווען ניי. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבען צו פיהלען די גאַנצע שווערקייט פון לעבען. אָבער ער איז געווען צופרידען מיט זיך. ער וואַקסט, ער ווערט אַ גרויסער בחור, ער רויכערט סיגאַרעטלאַך, איז אַ מיטגליד אין „קלאַבס", און געהט מיט חברים אין טהעאַטערס, ווען ער וויל און וואו ער וויל...

די אַרבייט אין פאַבריק האָט אויך אַריינגעצויגען דעם יונגען פרענק אין אַ יוניאָן. ס'איז איהם געפעהלען געווען. ער איז אַ מאַן מיט לייטען גלייך, אַ באַלעבאָס איבער זיך אליין...

פרענק׳ס אייגענשאפט, וואס האט תמיד צוגעצויגען חברים, איז איהם מיטגעגאנגען אלע זיינע ווייטערע יאהרען. פרענק איז געווארען א יוניאן־פיהרער, איז געשטיגען ביז ער איז געווארען דער הויפטפיהרער פון די קופער־שמידען.

א געוועהנליכע געשיכטע אלזא, אהן דראמאטישע צוזאמענשטויסונגען. א סך בחורים׳לאך זיינען אזוי פון שטופע צו שטופע אויסגעוואקסען און געווארען פיהרער...

.2

אבער פרענק איז איצט אן אלטער מאן, מיט א צוקנייטשען פנים, און די קליידער זיינען ביי איהם שטענדיג צוריסען, און ער געהט מיט א שטריק פארגארטעלט, און ער שלעפט זיך ארום איבער אלע טרינק־הייזער, און דער שוים פון ביער איז זיין איינציגע פרייד אין לעבען. האט דאך עפעס געמוזט פאסירען מיט פרענק׳ן...

האט טאקע עפעס פאסירט, און די געשיכטע איז זעהר און זעהר אינטערעסאנט...

.3

ווען פרענק איז געווארען דער הויפט־פיהרער פון די קופער־שמידען, איז ער געווארען פון די טאג־געבענדע ארבייטער־פיהרער אין לאנד. ער איז געווארען אנגעזעהן און איז געווען געאכטעט ביי אלעמען אין דער יוניאן־וועלט. דער נאמען פרענק האט גע׳שמ׳ט אומעטום. ער איז געווען עהרליך, ענערגיש, און אלע האבען איהם ליב געהאט. די קופער־שמידען האבען איהם פארגעטערט. ער האט פאר זיי פיעל אויפגעטהאן. ער איז געווען דער פיהרער פון אלע זייערע סטרייקס. און אין וואס פאר א שטאדט פרענק איז געקומען, האבען די קופער־שמידען געוואוסט, אז פון זיין באזוך

וועט זייער ארגאניזאציע שטארקער ווערן און קריגן איינ־פלוס.

פרענק איז אויך געווען א „ספארט". שטענדיג פלעגט מען איהם זעהן פארפוצט. פונקט ווי ער האט גע'שמ'ט פאר די גרויסע מאסען אלס געטרייער און מוטהיגער פיהרער, האט ער אין נא־הענטען פיהרער־קרייז גע'שמ'ט פאר זיין זויבערקייט און שעהנע געשמאקע קליידונג.

אלס פיהרער האט ער זיך ניט ספעציאליזירט אויף איין געביט בלויז, ווי צום ביישפיל, זיין בלויז א גוטער פארהאנדלער מיט פאבריקאנטען, אדער זיין בלויז א מעלאדישער און אנגע־נעהמער רעדנער, אדער א פעהיגער בלויז אויף צו קריגען פאליטי־שען איינפלוס אין רעגירונגס־קרייזען. זיינע פעהיגקייטען זיינע גע־ווען פארשיעדענארטיגע, און א כאראקטער האט ער געהאט, וואס האט איהם געטריבען צו זיין אומעטום...

האט פרענק געפיהרט א סטרייק, האט ער אין דער פריה גע־מוזט זיין מיט די „פיקעטס" אויפ'ן סטרייק־פלאץ. פלעגט איהם אויסקומען זיך צו באגעגענען מיט אונטערוועלט־מענשען, און ס'פלעגט איהם אויסקומען צו טראגען געוועהר מיט זיך.

— די הינט... — פלעגט ער אלע מאל א שפיי טהאן, ווען נאר ער פלעגט זיך דערמאהנען, אז ער האט אין קעשענע אן אנגע־לאדענעם רעוואלווער...

און אין דעמזעלבען טאג, פלעגט מען קענען הערען פרענק'ן רע־דען פון א פלאטפארמע אין א פראפעסארישען טאן, און שפעטער פלעגט מען איהם קענען זעהן אלס פארטרעטער פון די ארבייטער ביי קאנפערענצען מיט פאבריקאנטען אין גרויסע האטעלען. און נאך שפעטער נאך אין א בעראטהונג מיט פאליטישע פיהרער...

די קופער־שמידען האבען די אל־זייטיגקייט אין פרענק'ס כא־ראקטער געפיהלט אין אלע ווענדונגען, וועלכע זייער ארבייטער־לעבען האט אנגענומען.

און ווי די קופּער־שמידען האָבען איהם געשעצט, אַזוי איז ער אויך געעהרט געוואָרען פון אַנדערע. זיין נאָמען איז אָפט געווען פאַר דער גאָר גרויסער עפענטליכקייט. צייטונגען פלעגען וועגען איהם שרייבען, דרוקען פון איהם ערקלעהרונגען, ציטירען זיינע רעדעס...

.4

שעהן אין אויסזעהן; מיט ענערגיע אין אַלע זיינע באַוועגונגען; אַן אַנגעזעהענער; און דערצו שטענדיג אַן אויסגעפּוצטער, האָבען ארום איהם זיך געזאַמעלט פרויען. ער איז שוין געווען פאַרהייראַט און געהאַט קינדער, אָבער דאָס האָט זיין יוגענדליכען מענער־פלאַם ניט אויסגעלאָשען, און ער האָט זיך געהאַט זיינע ראָמאַנען.

און דאָ האָט ווידער פּאַסירט דאָס, וואָס עס פּאַסירט אייגענטליך געוועהנליך. ער האָט זיך פאַרליבט אין א מיידעל—זיין סעקרעטערין און סטענאָגראַפיסטין. די ליבע איז געווען, פאַרשטעהט זיך, א באַהאַלטענע פון דער פרוי און קינדער זיינע. און די פרוי האָט אויך ניט געקענט מיט עפּעס מערקען אויף איהם. זיין ליבע צו דער גראַציעזער מיידעל, וועלכע איז שטענדיג געווען לעבען איהם, האָט זיין באַציהונג צו זיין פאַמיליע ניט אָפּגעקיהלט. ער האָט זיין פרויווירקליך פאַרעהרט און די קינדער אמת געליבט...

די ליבע מיידעל זיינע, די סעקרעטערין, פלעגט ער מיטנעהמען אויף אַלע זיינע רייזעס צו די יוניאָנס. און זי האָט איהם געבוירען א קינד. פרענק האָט אפילו גלייך דערשפּירט, אַז דער דאָפּעלטער לעבען וועט פאַר איהם זיין א גרויסע לאַסט. אָבער ער האָט עס אָנגעהאַלטען. מיט דעם, וואָס די געליבטע האָט איהם געבוירען א קינד, איז ער נאָך געוואָרען שטאַרקער צוגעבונדען צו איהר. און צוליעב דעם, וואָס ער איז געווען אַזוי אָנגעזעהן אין דער געזעלשאַפט, האָט ער ניט געהאַט דעם מוטה צו מאַכען א ברוך אין זיין פריהעריגער פאַמיליע...

.5

און די געשיכטע וועגן פרענק'ן ציהט זיך ווייטער און ווייטער, און וואס ווייטער, הערט זי שוין אויף צו זיין א געוועהנליכע געשיכטע.

פארשטעהט זיך, אז פרענק האט געמיינט, אז די ליבע מיידעל זיינע ליבט איהם אויך. נו געוויס, ליבט זי איהם... אנדערש, וואלט זי דאך ניט געווארען א מוטער פון א קינד מיט איהם... און דערצו קען ער דאך זי... און זיי זיינען אחוץ „געליבטע" און „געהיימע מאן און ווייב" — אויך חברים... ער און פאולין — מ'האט זיי אומעטום אנגענומען פאר א צוגעטראפענע און געשמאקע פאריל... און קיין זאך אין זיין לעבען איז פאר איהר קיין סוד ניט... און קיין זאך אין איהר לעבען איז פאר איהם קיין סוד ניט... אין דעם איז ער זיכער געווען... און זי איז אויך געווען... פלעגט איהם טאקי אפט וואונדערען, וואס פאולין טראכט, ווען זי ווייסט, אז ער איז אין דער היים מיט יענער... איז זי אייפערזיכטיג, צי וואס?... האט ער זיך אבער פארענטפערט מיט דעם, וואס ערשטענס, איז פאולין א פארשטענדיגע, און זי פארשטעהט, אז ער קען ניט צורייסען זיין פאמיליען-געוועב מיט דער ערשטער... און ווידער, איז ער דאך טאקי מעהרער מיט פאולין, ווי מיט דער פאמיליע זיינער... ווען קומט ער אהיים צו דער „ערשטער"?... ער איז דאך כסדר „אויפ'ן וועג", כסדר איז „אנדערע שטעדט"... און צי יא, צי ניין, איז ער מיט פאולין... נו, געוויס, האט איהם פאולין אמת ליעב, אזוי ווי ער איהר...

אבער אז פאולין האט זיך געשפונען אן אנדער לעבען, דער אנהייב פון איהר ליבע צו דעם באריהמטען פרענק איז נאר געווען אן אנשטעל... און אפשר ניט... ס'איז נאר אויסגעקומען, אז עס איז אן אנשטעל... עס הייסט, זי איז געקומען צו איהם מיט אן אנשטעל, אז זי איז איהם געטריי און ליבט איהם, און זי האט זיך טאקי פארליבט אין איהם, און איהר טרייהייט איז געווארען אן ערנסטע... אבער זי איז פארט געווען א שפיאנקע... געשיקט פון די

קופער־פאבריקאנטען... זי האָט געהאט מיט פרענק'ן א קינד?...
נו, איז עס טאָקי בעסער... זי, פאולין, איז טאָקי געווען אין א נעץ;
אבער פאר זיי, די קופער־פאבריקאנטען — זיי האָבען ערשט
איצט איבער איהם און איבּינגען בייטש... אזוי שנעל ווי
ער וועט נאר מאַכען א פארזוך צו פיהרען די ארבייטער אין א
סטרייק, וועט פאולין ארויסטרעטען אויף דער סצענע... ער וועט
פארלירען זיין נאָמען... זיין פאמיליע וועט ווערען צושטערט... די
ארבייטער וועלען אויך אויפהערען צו האלטען פון איהם... און
אזוי וועט ער מוזען פארשווינדען...

כאַ, כאַ, כאַ, ס'איז א שעהנער געדרעהע, און ס'איז שוין מעהר
ניט קיין געוועהנליכע געשיכטע...

און ס'איז געקומען צו דעם, ווי עס האָט געזאָלט קומען...

6.

די קופער־שמידען האָבען זיך געקליבען ארויסצוגעהן אין א
סטרייק אונטער דער פיהרערשאפט פון פרענק. די פאבריקאנטען
האָבען איהם געלאָזט וויסען, וואָס פאר א בייטש זיי האָבען איבער
איהם. ער האָט געוואָלט זייער סטראשענען איגנארירען. אבער ער
האָט זיך איבערצייגט, אז זיי מיינען ערנסט, און ער האָט געוואוסט,
אז ווען דאָס וועט באקאנט ווערען, וועלען די צייטונגען אויפכאפּען.
עס וועט קומען צו א ברוך אין סטרייק און אין זיין גאנצען לעבען.
דאָס האָט איהם אינגאנצען דערדריקט, און ער האָט די סטרייק
אגיטאציע אָנגעפאנגען איינצושטילען. די ארבייטער האָבען איהם
דערפאר גלייך אָנגעהויבען באטראכטען פאר א פאררעטהער. וואָס
הייסט, ער לאָזט ניט סטרייקען?... און ער האָט פארלאָרען זיין
גאנצען איינפלוס... דערווייל איז די געשיכטע סאי־ווי־סאי ארויס
אין דער עפענטליכקייט... זיין פרוי און קינדער האָבען זיך אָפּגע־
קעהרט פון איהם... ער האָט געמוזט אוועק פון זיין היים, און
אוועק פון זיין יוניאָן. פאר צרות האָט ער גענומען שיכור'ען...

און ער וואַלגערט זיך ארום א פארלאָזענער...

— אט וואס עס איז געוואָרען פון „גוד אָלד פרענק" — שאָקלען פריינד מיט די קעפּ, ווען זיי באַגעגענען איהם א צוזאַמענגעקאָרט־שעטען אין די ווינקעלאך פון טרינקהייזער, אנגעטהאָן אין טראַנ־טעם און ארומגעגארטעלט מיט שטריק...

פרענק אליין זאָגט אָבער ווענען זיך, אז אמאָל, אמאָל איז זיין לעבען געווען ווי דער שוים פון א גלאָז ביער... און איצט... עך — — —

— וואו נעהמט מען טאקי א פּאָר סענט אויף א גלאָז ביער...?

# אונטער א ביינאַכטיגען הימעל.

1.

מלחמה־צייט זיינען אין דער שטעטעל האָג איילענד, אנגעפאָהרען פילע, פילע ארבייטער. מ'האָט געדאַרפט שיפען, א סך שיפען, איז געוואָרען פרנסה אין שטעטעל. עס האָבען זיך געעפענט נייע געשעפטען, און מיט דעם אויך פאַרווילונגס־פלעצער און רעסטאָראַנען, און אין די נעכט, ווען אַלע מאָל פלעגט די שטעטעל שטיל חלום'ען ביי דעם צופוסענס פון דעלאַווער ריווער, האָבען זיך פּלוצלונג צופלאַמט עלעקטרישע לאָמפּען און די מענשען האָבען אָנגעפאַנגען צו לעבען אין גאַס...

אַרוים לעבען אויפ'ן גאַס איז אויך מרס. מ'קאָרמיק, קעיט מ'קאָרמיק, די אלמנה, וועלכע האָט שטיל געלעבט מיט איהר צעהן־יעהריגער טאָכטער רעי, און זיך און איהר קינד ערנעהרט פון א קליינעם שפּייז־געוועלבעל.

קעיט מ'קאָרמיק איז נאָך געווען א יונגע פרוי, פון א יאָהר עטליכע און דרייסיג. זי איז אמאָל געווען א שעהנע און א לוסטיגע. אויף דעם האָבען עדות געזאָגט איהרע צוויי גרויסע ברוינע אויגען, וועלכע די צרות און די זאָרג האָבען ניט געקענט אויסלעשען אינגאַנצען. און אויך דער לאַנגער ווייסער שוואַנען־האַלז, אויף וועלכען ניט די איינזאַמע טעג און ניט די פאַרצווייפעלטע נעכט האָבען געקענט איינקארבען קנייטשען. די ברוסט איז שוין ביי קעיט מ'קאָרמיק געווען איינגעפאַלען. דער פנים איינגעצעהרט און פאַראומערט. און די פולע ליפּען טרוקען און בלייך, ווי א גרויסע בייזע פליעג וואָלט דעם גאַנצען אמאָליגען

פרויען־זאפט פון זיי ארויסגעזויגען. אבער איהרע אויגען און איהר האלז זיינען געבליבען אין זייער גאנצער פראכט און זי האט דער־פאר אויסגעזעהן ווי א שעהנער אבער צופייניגטער פויגעל.

אויף איהר אמאליגער לוסטיגקייט האט עדות געזאגט איהר טאכטער רעי, ווענען עס איז ווייניג וואס אנגעגאנגען דער מאמעס זארג און עלענדער לעבען. מרס. מ׳קארמיק פלעגט טאקי שטענדיג זאגען אז רעי איז פונקט אזוי ווי זי איז געווען אין איהרע יונגע יאהרען...

האבען מוטער און טאכטער געלעבט שטיל און פריעדליך און אין גרויס ליבשאפט איינע צו דער אנדערער. אין די טעג פלעגט די טאכטער זיין אין סקוהל און די מוטער אין געוועלבעל; און אין די אווענדען פלעגעןביידע געהן אין דעם קליינעם „מואווינג פיקטשור" פלאץ דערביי, און דאן צוריק אהיים, אין די צוויי צימערלאך הינ־טער׳ן געוועלבעל.

מרס. מ׳קארמיק׳ס שפייז־געוועלבעל איז געווען אין א געסעל, וואס האט געפיהרט צו איינעם פון די „שיפ יארדס". פאר׳ן גע־וועלבעל פלעגען אין די פריהמארגענס און פארנאכטען פארבייגעהן הונדערטער ארבייטער. פון זיי טאקע האט מרס. מ׳קארמיק געלעבט און געהאדעוועט איהר טעכטעריל רעי. די ארבייטער פלעגען אפילו מיטנעהמען אין די פאבריקען די מאכלים, וואס זייערע ווייבער פלע־גען זיי צוגרייטען, אבער עס איז אלע מאל געווען עפעס וואס צו דער־קויפען: א שטיקעל קעז, אביסעל פוטער, אדער גאר א נאש — „סעיק" אדער „פאי". און זיי פלעגען עס קויפען אין דעם געוועלבעל פון מרס. מ׳קארמיק.

פלעגט זיך טאקע אפט מאכען, אז אין דער מיטאג־שטונדע זאל דאס געוועלבעל זיין געפאקט. ווער ארויס, ווער אריין, און ווער עס פלעגט זיך דארטען אפשטעלען אויפצועסען דעם געקויפטען „פאי". און שטעהענדיג אין און ארום געוועלבעל פלעגען די ארבייטער רעדען, זיך ווארפען מיט ווערטלאך, אפלאכען איינער פון צווייטען, זיך ארומקריגען, אדער גאר פריינדליך און ברידערליך ארומריידען די פאליטיק פון דער וועלט און די פאסירונגען אין פאבריק.

און ווען מ׳האָט ארום פאבריק אָנגעהויבען צו רעדען שלעכטס אויף די בעלי־בתים און אויף די פּאַרלייט און מענעדזשערס, האָבען שוין די „געטרייע הענט" פון די בעלי־בתים געוואוסט, אז זיי דאַרפען זיך מיטאָג־צייט ארומדרעהען ארום מרס. מ׳קארמיק׳ס געוועלבעל, כדי זיך צו דערוויסען אלערליי זאכען און האָבען וואָס אָפּצודערצעהלען. און איינמאָל, ווען ריטשארדס, דער מענעדזשער פון אן אבטיילונג אין פאבריק, האָט זיך דערוואוסט, אז דאָרטען, לעבען מרס. מ׳קארמיק׳ס געוועלבעל, רעדט מען פון יוניאָנס, און עס דרעהען זיך עפּעס דאָרטען ארום פרעמדע, אָנגעפאָהרענע חברה, וועלכע ערקלעהרען זיך די ארבייטער פאר פריינד, האָט ער באשלאָסען, אז ער וועט אליין געהן זעהן, וואָס דאָרטען טהוט זיך, און ווען ער האָט מרס. מ׳קאָרמיק דערזעהן, איז איהם איינגעפאלען טאקע פון איהר אליין צו דערגעהן וואָס די ארבייטער רעדען צווישען זיך. ער האָט אָנגעפאנגען צו קויפען דאָרט זאכען, כאָטש ער האָט עס ניט געדאַרפט; און פאר אלץ האָט ער געצאָהלט מיט א ברייטער האַנד...

מרס. מ׳קאָרמיק האָט געהאט גרויס אָבשיי פאר איהר נייעם קאָסטאָמער. און ווען נאָר מר. ריטשארדס, דער געעהרטער נייער קאָסטאָמער, פלעגט אריינקומען אין געוועלבעל, האָט זי ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן מיט זיך. דאָס ביסעל פארגליווערט בלוט פלעגט איהר אין פּנים אריין, און זי פלעגט זיך פארלירען...

מר. ריטשארדס איז געוואָרען צו איהר אלץ מעהר פריינדליך און אָנגעפאנגען אריינצוקומען אין געוועלבעל, אפילו אין מיטען טאָג, ווען אלע זיינען געווען ביי דער ארבייט, אָדער פארנאכט, ווען אלע ארבייטער זיינען שוין געווען פארבייגעגאנגען אויפ׳ן וועג צו זיך אהיים. ער האָט אָנגעפאנגען ארויסצואווייזען גרויס אינטערעס אין איהר לעבען און שטארק זי און איהר טעכטער׳ל באדויערט. ער האָט אויך אָנגעפאנגען איהר ברענגען מתנות און קומען צו איהר אין אָוונד, נעהמען איהר זעהן א „מואווינג פּיקטשור". און ניט אין די זייטיגע געסלאך, נאָר אין „מעין סטריט", וואו עס לויכטען עלעקטרישע לאָמפּען, און וואו מען קען אויך זעהן „סטאָרס" מיט

שעהן־צולעגטע פרויען־וועש אין די פענסטער. די ערשטע צייט פלעגען זיי מיטנעהמען אויך רעי, די טעכטעריל. אבער שפעטער האבען זיי אנגעפאנגען צו געהן אליין. עפעס האט זיך רעי גענו־מען בריקענען, און ווערען אפט ברוגז, און די מאמע האט צוליעב דעם ניט געקענט האבען „דאס ביסעל פארגעניגען"...

---

מיט דער פריינדשאפט פון מר. ריטשארדס האט זיך אנגעפאנ־גען א גאנץ אנדער לעבען פאר מרס. מ'קארמיק. זי האט זיך אפילו פאר דאס נייע, וואס טרעט אריין אין איהר לעבען, געשרא־קען אביסעל, אבער אז דאס נייע זאל פארשווינדען, און עס זאל זיין אזוי, ווי עס איז געווען ביז איצט, האט זי אויך ניט געוואלט...

אויף מרס. מ'קארמיק האט זיך אויך גענומען אפרופען איהר אמאליגע שעהנקייט. דער פנים איהרער איז געווארען פולער, און די ברוסט רונדער און אויסגעשטעלטער, און דאס האט געמאכט, אז איהר לענגליכער האלז זאל ווערען ווי א זאפטיגער צווייג, באלאדען מיט צייטיגע פרוכטען. עפעס האט דער האלז אנגעפאנגען כשופ'דיג ארויסצואווינקען פון דער אויסגעבלויזטער בלוזע, וואס זי האט לעצטענס געקויפט אין מעין סטריט. איהרע פולע, אבער בלייכע ליפען, האבען באקומען א טונקעל - רויטע פארב, ווי צייטיג־געווארענע פלוימען. און די ברוינע אויגען, וועל־כע זיינען געבליבען שעהן אויך אין די שלעכטע צייטען, זיינען געווארען גרעסער, און א באהאלטענער צויבער האט גענומען ארויס־קוקען פון זיי.

מרס. מ'קארמיק האט זיך אנגעפאנגען פוצען און שפיגלען און גענומען זיך דערווייטערען פון איהר טעכטעריל. עפעס איז פלוצ־לונג אויסגעוואקסען א וואנט צווישען דער מוטער און דער טאכ־טער.

מאמע און טאכטער האבען זיך געביטען מיט זייערע ראלען. פריהער איז די מאמע כסדר געווען אומעטיג, דערשלאגען און דער־צארענט, און די טעכטער'ל, כאטש שטענדיג לעבען דער אומעטי־

גער מאמען, איז געווען פרעהליך און לוסטיג. דאס האט די יוגענד געשפראצט און ארויסגערופען קינדערשע שטיפעריי. איצט איז אנדערש געווארען. די מאמע איז געווארען פלינק, און די טאכטער איז געווארען שטיל און בלאס, מיט האלב פארוואלקענטע און האלב־שטעכעדיגע בליקען אין איהרע קינדערישע אויגעלאך.

עס האט שוין פאסירט, אז די מאמע זאל ניט אהיים קומען אויף א גאנצע נאכט, און ווען זי איז געקומען און עס איז איהר ניט געפעהלען געווארען רעי'ס ארומגעהן אין די פינסטערע צימערלאך און אין געוועלבעל, האט זי איהר געשלאגען און געטריבען, און דאן זיך אליין צואויינט...

איינמאל האט רעי פלוצלונג געטראפען די מאמען און מר. ריטשארדס אין צימערעל הינטערן געוועלבעל, איינע לעבען די אנדערע, אזוי, אז זי האט זיך שפעטער געשעהמט צו טראכטען וועגען דעם... זי האט אנגעפאנגען ביידען פיינט האבען, און ווען נאר זי האט נאכדעם דערזעהן מר. ריטשארדס ארייקומען, האט זי געפיהלט ווי כאפען עפעס אין געוועלבעל און ווארפען אויף איהם—ער זאל שטארבען... און ווען זי האט דערהערט, ווי די ארבייטער, וועלכע קומען אריין אין געוועלבעל, רעדען שטילערהייד שלעכטס אויף דער מאמע'ן איהרער, און געזעהן ווי זיי ווינקען זיך איבער אזוי מאדנע, האט זי געביסען איהרע קינדערשע ליפעלאך און אין געדאנק געטראכט, אז אלע האבען זיך פארשווארען די מאמען מיט איהר פון דער וועלט צו פארטרייבען... און זי האט אלעמען פיינט געהאט...

---

דערווייל זיינען די ארבייטער געווארען אלץ מעהר אונצופרידענע מיט זייערע בעלי־בתים און מיט די פאראנדקעס אין זייער פאבריק. אין ריטשארדס'ען האבען זיי געזעהן דעם גרעסטען שונא און פלעגען אפט ביטער אפלאכען פון זיין לאנגען אויסגעצויגענעם און מיט זומער־שפרינקלאך באפלעקטען פנים, און די גראהע וואסערדיגע אויגעלאך זיינע. מר. ריטשארדס איז געווען א הויכער און האט

געהאט שיטערע בלאָנדע האָאר און גרויסע אויערען, האָבען זיי איהם גערופען „געלער עזעל“. דאָס פלעגט די קליינע רעי אמוזי־רען. אָבער מרס. מ'קאַרמיק פלעגט דאָס אריינברענגען אין א בייזען כעס. זי פלעגט זיך אבער באהערשען. זי האָט געדאַרפט לע־בען גוט מיט די ארבייטער, זיין מיט זיי „פריינד“, זיך דערוויסען פון זיי עפּעס, כדי נאָכדעם צו דערצעהלען ריטשאַרדס'ן...

און די ארבייטער האָבען דערשפּירט, ווער עס שפּיאָנירט זיי נאָך, און דורך ווּעמען מען דערוויסט זיך אין פאַבריק, ווער עס איז יאָ געטריי און ווער נים געטריי די בעלי בתים. און ווען זיי האָבען אין אַן אווענד געהאט א שטילע באהאלטענע פארזאמלונג, ערגעץ אין שטעטעל, און מען איז די פארזאמלונג באפאלען און עטליכע ארבייטער אזוי צו'הרג'ט, אז מ'האָט זיי אין שטאָטישען האָס־פּיטאל צוגענומען, און צו דעם נאָך אונטער ארעסט זיי געשטעלט און זיי שפּעטער פארשיקט אין טורמע, האָבען די ארבייטער באַ־שלאָסען, אז זיי מוזען פון מרס. מ'קאַרמיק פּטור ווערען.

אז ס'איז געוועזען איהר ארבייט האָבען זיי פארשטאַנען, און טאַקע געוואוסט אויך. בייטאג, איידער דאָס האָט פּאַסירט, האָט רעי, מרס. מ'קאַרמיק'ס טעכטער'ל, וועמען די ארבייטער האָבען גראד ליעב געהאט, דערצעהלט פּעטי'ן, דעם אייזען־גיסער, דעם לעבעדיגסטען בחור צווישען אלעמען, אז די מאַמע איהרע האָט זיך היינט שטונ־דען לאַנג גע'סוד'עט מיט ריטשאַרדס'ען. זי האָט עס פּעטי'ן דער־צעהלט שעהמעוודיג. זי האָט שוין לאַנג געוואָלט מיט איהם רעדען, וועגען איהר מאַמען און ריטשאַרדס'ען. רעי האָט אויף פּעטי'ן גע־קוקט, ווי ער וואָלט געווען איהרער אַן עלטערער ברודער. און ער האָט איהר אויך ליעב געהאט. אנדערע פלעגען זאָגען, אז פּעטי וואַרט אויף דער מיידעל, און אז זי וועט אויסוואַקסען און גרויס ווערען, וועט ער מיט איהר חתונה האָבען...

דורך פארשידענע אויסקינפטע און רעי'ס רייד צו פּעטי'ן האָ־בען זיך די ארבייטער איבערצייגט, אז דורך מרס. מ'קאַרמיק ווע־לען זיי נאָך אלע אומגליקליך ווערען. און וועט קומען צו אַ סטרייק, וועלען מענשען דורך איהרע מסירות דער'הרג'עט ווערען. איז ביי

אַ קליינע גרופּע, איינשליסענדיג פּעטי'ן, געבליבען, אז מרס. מ'קאר־מיק מוז „אָפּגעראַמט ווערען פון וועג"...

און דאָס איז דורכגעפיהרט געוואָרען...

דורך איהר אייגען טעכטעריל...

וואָס זי טוהט, האָט רעי ניט געוואוסט. מ'האָט איהר געזאָגט, אַז ווען זי וועט אריינטאָן פון אָט דאָס פלעשעלע, וואָס מ'גיט איהר, אין דער מאַמע'ס עסען אריין, וועט די מאַמע ניט זיין מעהר אזוי שעהן... און ריטשאַרדס וועט איהר מעהר ניט נאָכלויפען... האָט זיך איהר דאָס געלעגט אויף איהר קינדערשען שכל. זי האָט דאָס געטאָן און — די מאַמע איז פריהער קראַנק געוואָרען, געשריען, געקרעכצט א גאַנצע נאַכט, און פאַרטאָג, ווען רעי איז געזעסען א דערשראָקענע, א צוזאַמענגעדרעהטע אין א ווינקעלע פון צימערעל געגענאיבער דער מאַמע'ס בעט און געוואַרט, אז די וועהטאָגען זאָלען דער מאַמען אָפּלאָזען — זי האָט דאָך קיין שלעכטס ניט גע־מיינט — איז די מאַמע געשטאָרבען...

קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס און ווי אזוי. געשטאָרבען — צוגענומען. גערעדט האָט מען אלערליי זאַכען וועגען דעם, און געוואונקען האָט מען, אז עפּעס האָט דאָ געמוזט זיין מיט רי־טשאַרדס'ען. אָבער ריטשאַרדס האָט זיך ניט געוויזען מעהר אין געסעל, וואו דאָס געוועלבעל איז געווען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין עטליכע טעג ארום זיינען געקומען עטליכע מענער, וועמען רעי האָט קיינמאָל ניט געזעהן, און האָבען דאָס געוועלבעל פאַרמאַכט, און איהר, רעי'ן, צוגענומען. מ'האָט איהר אוועקגעפירט אין א דער־בייאיגע שטאָט, וואו זי האלט זיך אויף מיט נאָך קינדער פון איהר עלטער, ערגעץ אין א פּלאַץ, וואו מ'גיט זיי עסען, און אלע טראָגען גלייכע קליידלאַך און געהען אין א סקוהל, וואָס געפינט זיך לעבען הויז, וואו זיי עסען און שלאָפען.

נאָר ביינאַכט, ווען רעי לעגט זיך שלאָפען, פּלאָנטערען זיך

איהר מאָדנע חלומות. עפּעם שטיקט איהר אין שלאָף, עפּעם ווערגט איהר אלעמאָל, און זי וויינט מיט קינדערשע באַנומענע קולות...

2.

ווען האַג איילענד שלאָפט, איז איבער דער שטעטעל א שווע־רער שווייגען אריבערגעצויגען. דער רויך, וועלכער וויקעלט זיך אַרויס פון די קוימענס פון א פּאָר פּאַבריקען ציהט זיך צום ביי־נאַכטיגען הימעל, ווי א כישוף־האַנד וואָלט פון ערגעץ גראַהע און שוואַרצע וואָל געצויגען, כדי מיט דעם א שווערע שטילקייט פאַר דער שטעטעל אויסצואוועבען. וויקלען זיך די רויך־כוואַליעס הויך און העכער, און פאַלען אראָפּ צוריק, זיך צושפּרייטענדיג איבער דעם דעלאַווער ריווער, ווי זיי וואָלטען דעם ריווער געוואָלט איינדע־קען, ער זאָל קענען רוהיג חלומ׳ן זיינע ביינאַכטיגע וואַסער־חלומות.

דער דעלאַווער ריווער איז צופּייניגט און צומאַטערט פון די שווערע שטאַנגען, מיט וועלכע מען שניידט א גאַנצען טאָג זיינע וואַסערען, שלאָפט ער שווער און מיעד. און מיעד איז אויך די שטעטעל, וועלכע ליעגט ביי זיין צופוסענס. האַג איילענד איז פאַר־מאַטערט פון שווערער אָנגעשטרענגטער ארבייט. א גאַנצען טאָג דרעהט זיך עס אין פייער־קנוילען פון אָנגעברענטע שמעלץ־אויוועגס און אונטער שווערע האַמער־קלעפּ.

מענש, פייער און שטאָהל שמידען דאָרטען צונויף זייער גבורה, כדי זיך אין א מלחמה מיט׳ן ים אוועקצולאָזען. מ׳האַמערט דאָרטען שיפען צו באַהערשען די טיעפע וואַסערען אַרום ווייטע לענדער. ראַנגעלט זיך האַג איילענד א גאַנצען טאָג מיט אן אונאויפהער־ליכען שטאָהל־און אייזען־בראַזג, און לופט־שניידענדע גרילצערייען. און ווען עס קומט די נאַכט, פאַלען איהרע גלידער אין א שווערען שלאָף אריין, און א שווערער שווייגען צולעגט זיך איבער׳ן שטעטעל.

— א מאָדנע וועלט — האָט צו זיך אליין געמורמעלט פּעטי, דער אייזענגיסער, קוקענדיג פון גאַניק אין דער שטילער ביינאַכ־

טיגער גאס אריין, איבער וועלכער עס איז געפאלען א שוואכער זילבער־שיין פון לבנה־ליכט, וואס האט זיך דאן געגאסען איבער׳ן שטעטעל, און איז אפט פארהאלטען געווארען פון שטיקער וואל־קענס.

— א מאדנע וועלט...

די ווערטער זיינען ארויפגעפאלען פון פעטי׳ס ליפען, אזוי ווי זיי וואלטען געווען אן אפקלאנג פון די שטיקלאך געדאנקען, וועל־כע האבען זיך געשטויסען אין זיין מוח. ער איז געווען אונרוהיג. מ׳האט איהם איבערגעגעבען, אז ריטשארדס, וואס איז געווארען דער גאנצער פארוואלטער פון פאבריק, זאל האבען געזאגט צו ווע־מען: „מיר מוזען מיט איהם פארטיג ווערען": און מיט א וואונק אנגעוויזען אויף איהם, אויף פעטי׳ן.

פעטי האט זיך פארקוקט אויפ׳ן שוואכען לבנה־ליכט, וואס האט זיך געגאסען איבער׳ן שטעטעל, און איז ווילע־ווייז פאר־שטעלט געווארען פון שטיקער וואלקענס. ריטשארדס איז איהם אבער ניט ארויס פון קאפ.

אז ריטשארדס דארף איהם פיינט האבען און זוכען מיטלען פון איהם פטור צו ווערען, דאס האט פעטי פארשטאנען. פארוואס זאל ער איהם ליעב האבען? ריטשארדס ווייסט דאך, אז ער איז געווען דער ערשטער צו רופען די ארבייטער צו פארזאמלונגען, און איינפלאנצען ביי זיי האס צו איהם און צו די אנדערע פאבריק בעלי בתים. ריטשארדס ווייסט מסתמא אויך, אז ער, פעטי איז דאס באשטימט געווארען ארונטערצונעהמען די ארבייטער אין סטרייק, ווען דער „פאסענדער מאמענט" וועט קומען. און ווער ווייסט, אפשר האט ריטשארדס א ידיעה, וואס עס איז פארגעקומען מיט דער מרס. מ׳קארמיק?... יעדענפאלס, ריטשארדס דארף וועלען פון איהם פטור ווערען... ווען מען זאל איהם אוועקשיקען פון דער פאבריק, און אזוי איינפאך פטור ווערען פון איהם, קען דאך טאקע דאס ברענגען צום סטרייק... און פאר דעם ציטערט ער, דער הערר ריטשארדס... דער פייגלינג... דער „געלער עזעל"... געמאכט פון דער מרס. מ׳קארמיק א מעטרעסע און א שפיאנקע... טפוי...

פעטי האָט אראָפּגעשפּיגען פון גאַניק אראָפּ, און זיך אַרומ־געקוקט ארום זיך.

זינט עס איז פאָרגעקומען די געשיכטע מיט מרס. מ׳קאַרמיק, און מ׳האָט צונעמען רעי׳ן ערגעץ אין אַן אַנשטאַלט, ווערט פּעטי אָפּט צוטראָגען, און טראַכט אלערליי געדאַנקען. אַן אומרוה שטויסט איהם אין הארצען, און אין קאָפּ ווערט איהם ווײַלע־ווייז היים... האָט זיך ביי פּעטי׳ן אין קאָפּ איצט געדרעהט אַן אומפארשטענדליכע פראַ־גע: פארוואָס זיינען די מענשען אזוי ווי ווערים? „דרעהען זיך, דרעהען זיך אויף דער ערד אָהן א ציעל“... וואָס יאָגען זיי זיך, די מענשען, אזוי צו דער ארבייט? און פארוואָס קלעטערען זיי אזוי אויף די העכסטע הויכען און שטעלען דאָס לעבען אין געפאהר? און כסדר אזוי, אָהן א ציעל... אָט איז יענעם טאָג איינער פון די ארבייטער אראָפּגעפאַלען פון א הויכען טהורעם, וואָס מ׳האָט אויפגעשטעלט פאַזע ריווער, כדי פון דער הויך אַ פארטיגע שיף אין וואַסער אראָפּצולאָזען. דאָס איז געוועזן מיטאָג־צייט. אָט האָט איהם די זון געלויכטען אין די אויגען, און אָט איז ער געלעגען צווישען שטיקער האָלץ און אייזען אַן איבערגעבראָכענער, מיט אַ צושפּאָלטענעם פּנים און אַן אויסגעלאָפען אויג, און — גאָר נישט!.. און די אנדערע ארבייטער, די חברים זיינע, — א ווײַלע האָבען זיי געקוקט אויף איהם, שטיל אַרויסגערעדט זיין נאָמען, איבערגעדעקט מיט זיין אייגען ראָק דעם געלבען צוזעצטען פּנים מיט די גרויסע בלאָהע פלעקען, און ווידער געגאַנגען צו דער ארבייט... אַן אנדער „דזשים“ האָט, אנשטאט איהם, אויפ׳ן טהורעם זיך געווינדעוועט... אַ מאָדנע וועלט...

פּעטי איז אריין צו זיך אין שטיבעל.

לעדיג!... צוויי קליינע, לעדיגע צימערלאַך...

א נידעריגע סטעליע, די ווענט מיט אלטע פארשטויבטע טאַ־פּעטען אויסגעקלעפּט, און קיין איין לעבעדיגער אָטהעם, אויסער זיינעם...

— אַ מאָדנע וועלט...

איז איהם ווידער אראָפּגעפאַלען פון די ליפּען אַ אָפּקלאַנג

פון זיינע שטיקלאך געדאנקען, וועלכע האבען זיך געשטויסען און געיאגט איינע איבער די אנדערע.

פעטי איז נאך יונג און קאכעדיג, און א „ספארט". אין די פארנאכטען, נאך דער ארבייט, איז ער ביי אלע „מואווינג פיקטשור" פלעצער, און אויף מעין סטריט קענען איהם א סך מיידלאך. ער טרעפט זיך מיט זיי ביי די שווי־פענסטער פון די גיי געעפענטע געעשעפטען אין האג איילענד. ער איז פון מיטעלען וואוקס, און א שלאנקער, מיט העל־פלאקסענע האר, און אן אפענעם פנים, מיט בלאהע אויגען. יעדע מיידעל וואלט געוואָרען זיין ווייב און באלי־באסטע. אבער ער האט זיך בעסער אויסגעקליבען צו לעבען אליין. אזוי געפעלט עס איהם דערוויילע. די מאמע זיינע, ווייסט ער ניט, וואו זי איז אהינגעקומען; דעם פאטער געדענקט ער גאר ניט; און פון אנדערע נאהענטע — ווייסט ער אויך ניט. לעבט ער אין זיין געדונגענעם שטיבעל, וואשט זיך ארום יעדען טאג נאך דער אר־בייט, פאר'ן ערטערוויוז צובראכענעם שפיגעל, וואס ער האט זיך איינגעקויפט מיט אנדערע מעבעל, און לאזט זיך אוועק אויף א שפאציער, אדער אויף מעין סטריט, לייכט פייפענדיג דערביי אלער־ליי נגונים, וועלכע ער האט געקענט. אדער ער דרעהט זיך ארום די גאניקעס פון די שטיבלאך, וואס שטעהען לעבען זיין שטיבעל, צו רעדען מיט די שכנים, ארבייטער פון ריטשארדס' פאבריק, וועלכע זיצען פארנאנדערגעשפילעטע נאך דער ארבייט, מיט קינדערלאך אויפ'ן שויס.

אריינקומענדיג אין דער שפעטער נאכט־שטונדע אין זיין פוס־טע שטיבעל, מיט די צופלאנטערטע געדאנקען, איז איהם פאר די אויגען פארבייגעלאפען א בילד פון פאמיליען־גליק, וואס ער האט אמאל באמערקט אין א שכנ'ישער שטיבעל. ער האט זיך דאן דער־מאנט אן רעי, מרס. מ'קארמיק'ס טעכטערל, אויף וועלכע מען האט אמאל געזאגט, אז ער ווארט אויף איהר... און וועט מיט דער צייט חתונה האבען מיט איהר...

א שווערער נאגענדיגער אומעט האט איהם ארומגענומען. זיין הארץ איז פארדריקט געוואָרען...

— וואו איז זי אהינגעקומען, רעי? — האָט ער גערעדט צו זיך אליין.

— וואָס איז פון איהר געוואָרען?

ער האָט זיך אריינגעוואָרפען אין בעטעל ניט קיין אויסגעטאָנענער.

ער האָט גענומען דרעמלען, און עס האָט זיך איהם גענומען האלב וואכעדיג און האלב חלומ'ענדיג אויסדוכטען, אז אויפ'ן וואנט, לעבען שפּיגעל הענגט רעי'ס בילד... און אָט געהט זי ארונטער פון בילד, א לעבעדיגע, און זי וויינט... און אָט איז זי גאָר א גרויסע... און זי איז זיין ווייב... און ער רופט איהר מיט צערטליכע נעמען... אין זיין האלבען שלאָף האָבען זיך פארביי איהם פארבייגעטראָגען אויך אנדערע מיידלאך... און ריטשארדס'ן האָט ער אויך דערזעהן... אָט שטעהט ריטשארדס, מיט א ברייטען, זאטען שמייכעלע צוגאָסען איבער זיין לענגליכען פּנים מיט די גרויסע אויערען... עס האָט פּעטי'ן גענומען פינטלען פאר די אויגען. לאנגע פּאסען מיט אלערליי קאלירענדע פינטעלאך האָבען זיך געצויגען פאר זיינע שוין פארמאכטע אויגען און זיי האָבען זיך אלע געדרעהט ארום איהם. אין שטיבעל, האָט זיך איהם געדוכט, איז געוואָרען ליכטיג... און ווידער פינסטער... גאָר פינסטער... און ער איז איינגעשלאָפען מיט א שווערען שלאָף...

---

ווען פּעטי איז אריין צו זיך אין שטיבעל האָט ער ניט געוואוסט, אז אימיצער לויערט אויף איהם און פאָלגט נאָך אלע זיינע באוועגונגען אויפ'ן גאניק. אָבער אין דער צייט, וואָס ער האָט זיך געשפּילט מיט זיינע פאנטאזיעס, און געטראַכט זיינע אָרימע געדאנקען, האָבען צוויי מענער אויסגעלעגט פּלענער ווי דורכצופיהרען דעם „דזשאב", וואָס זיי האָבען זיך אונטערנומען — איהם, פּעטי'ן, „אָפּצוראַמען". זיינען זיי געשטאַנען ביי דער זייט געסעל, וואו פּעטי האָט געוואוינט, און געוואַרט אויפ'ן „פּאסענדען מאָמענט" זיך אויף איהם ארויפצוּוואַרפען.

און זיי האָבען עס געמוזט טאָן היינט. זיי לויערען אויף איהם

שוין לאנג, אָבער היינט מוז עס ווערען דורכגעפיהרט. ריטשארדס האָט געלאָזט וויסען, אז אויב ניט היינט, וויל ער גאָר ניט. און עס איז א „גרויסער דזשאב" — טויזענד דאָלאר... און זיי וועלען עס פארלירען, אויב ניט היינט... ריטשארדס ווייסט וואָס ער רעדט.
די צורודערונג צווישען די ארבייטער איז די לעצטע טעג געוואָרען צו גרויס. זייער געמורמעל ווערט שארפער. און מ'שמועסט שוין פון א סטרייק אין גאנץ הויכע ווערטער. א פונק בלויז אין דעם אָנגע־זאַמעלטען גאַל, און עס וועט א פלאַקער ווערען... די שטילע שפּיאָנען האָבען גאָר ניט אויפגעטאָן, זיי האָבען בלויז געלד פון ריטשארדס'ען ארויסגעצויגען; מוז א „דזשאב" געמאכט ווערען — פעטי מוז פארשווינדען, ניט ווערען...
מ'וועט דאן זאָגען די ארבייטער, אז פעטי האָט גענומען געלד ביי ריטשאַרדס'ען, און איז אַוועק פון שטאָדט, וועלען זיי זיך פיהלען אָפּגענארט און פארלאָרען...

א פארמאכטער אויטאָמאָביל האָט זיך שטיל ארייגעגליטשט אין די שאָטענס פון די הייזלאַך, וועלכע האָבען אין דעם אָפּשיין פון דער לבנה־ליכט אויסגעזעהן, ווי א געצייכענט בילד פון סודות־דיגע שטיבלאַך, פון אלטע צייטען.

— אַקוראַט אין צייט... — האָט איינער באַמערקט.

— שש... דורכ'ן פענסטער... — האָט דער צווייטער שטיל געענטפערט.

און זיי זיינען אריין. א זויערע ווארימקייט האָט זיי ארייגגע־שלאָגען אין פנים. פעטי איז געלעגען אין שווערען שלאָף, מיט איין אויג האַלב אָפען, ווי פארגליווערט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א ווייל שפּעטער האָט זיך דער פארמאכטער אָטאָמאָביל גע־טראָגען איבער די געסלאַך פון האָג איילענד, און דער ווייבער גליטשען זיך פון די רעדער פון אָטאָמאָביל האָט זיך גע'סוד'עט מיט די שטילע שטיבלאַך, אז דער „דזשאב" איז געמאכט... און אז באַלד וועט דער „דזשאב" זיין פאַלשטענדיג...

נאָך א ווײַלע שפּעטער האָט די שטילקייט פון שטעדטעל געהערט א פּלושק אין ריווער, ווי א לײַכטער ברום פון וואסער...

די לאַנגזאַם שווענבענדע לבנה האָט זיך אריינגעשיפּט אין א שטיק שווארצען וואָלקען. איבער דער שטעדטעל האָט זיך גע־שפּרייט נאָך א שווערערער שווייגען...

# צוויי קברים

אין איינעם פון די שטעטלאך ביים צופוסען פון די „ראקי מאונטענס“ — אין די שטילע שטעטלאך, וואו עס איז שטיל, ווייל די בראַזגעריי פון צוגען צוטראָגען זיך אויף ווייט־ווייטע פּריירים, אין דיזען שטעטעל קלינגען די ניי־יאָהר גלאָקען אומעטיג און פאר־בענקט.

אין א שטיבעל אין שטעטעל שיידט זיך אָפּ ניי־יאָהר־נאכט א מוטער פון א טאָכטער. די טאָכטער קוקט ניט מעהר אין דער מו־טערס אויגען אריין, און די מוטער קושט ניט די יונגע, זאפטיגע ליפּען פון דער טאָכטער.

מוטער און טאָכטער געהען זיך שטיל פאנאנדער אין באזונ־דערע צימערען. דאס ליכט אין שטיבעל ווערט אויסגעלאָשען. די גלאָקען קלינגען אונטער׳ן שטילען ווינטערדיגען הימעל און די קלאַנגען פאלען ארום שטיבעל. און ביי מוטער און טאָכטער גיסט זיך אומעט אין הארצען — א פּייניליכער אומעט.

— ניי־יאָהר׳ס נאכט אזוי?

— ניי־יאָהר׳ס נאכט אזוי!

וואָרים דער מאָרגען דארף מוטער און טאָכטער פיהרען אין צוויי באזונדערע וועלטען, טויטע וועלטען — זיי דארפען געהן מיט בוקעטען בלומען צו צוויי באזונדערע קברים.

כ׳וועל אייך דערצעהלען די געשיכטע פון אָנהויב.

---

אין יענעם שטעטעל, אין דעם שטילען שטעטעל, וואו עס איז שטיל, ווייל די בראַזגעריי פון צוגען צוטראָגען זיך אויף ווייט־ווייטע פּריירים, האָט געלעבט א דזשיימס ברײדי, מיט זיין פרוי אגנעס און

א טעכטער׳ל עמילי. ברײדי איז געװען א באַאַמטער אין א יוניאָן פון אײזענבאַן ארבײטער. ער איז געװען א פאַרנומענער מענש. א גאַנצע װאָך האָט ער גע׳רעשט בײ יוניאָן פאַרזאַמלונגען אין א גרעסערער שטאָט, א פּאָר שטונדען רײזע פון זײן הײם, און ער פלעגט דער־פאַר דאָרטען אָפט בלײבען. בײטאָג אָפיס־ארבײט און באַגעגעני־שען, און בײנאַכט צוזאַמענקונפטען און פאַרזאַמלונגען. ברײדי האָט זיך געהאַט אין שטאָט זײן שטענדיגען האָטעל־צימער, און דאָרטען האָט ער נאָך די פאַרזאַמלונגען זיך ארײנגעכאַפּט אויסרו־ען, כדי אויף מאָרגען װײטער קענען רעש׳ן און טהעטיג זײן.

דערפאַר זונטאָג, איז ער געװען אין דערהײם. שבת נאָכמיטאָג איז ברײדי געװען אין דער באַשטימטער מינוט אויפ׳ן צוג צו זיך אהײם, און די ליעבע פרוי, די הויך־געװאַקסענע אַגנעס, מיט דער טעכטער׳ל עמילי האָבען צו דער מינוט איהם באַגעגענט אויף דער װעראַנדע פון זײער שטיבעל, און אלע דרײ — דער פאָטער מיט דער טעכטער׳ל אויף די הענד, און אַגנעס, א שמײכלענדע בײ דער זײט — זײנען זײ פאַרשװאונדען הינטער די װענט פון זײער רוהיגער שטיבעל אויף צו פאַרברענגען א יום־טוב׳דיג־צערטליכע שבת נאַכט און א רוהיג־זיסען זונטאָגדיגען טאָג.

דזשײמס ברײדי איז געװען אין אײן הויך מיט זײן פרוי אַגנעס. בײדע שלאַנקע, װי צװײ יונגע בוימער. און די טעכטער׳ל עמילי, כאָטש ערשט פיער־פינף יאָהר אַלט, האָט זיך שוין אויך ארויסגעװיזען אין א שפּראָצונג צו פּאַפּאַ׳ס און מאַמאַ׳ס װאוקס — א צװײגעל פון די צװײ יונגע שלאַנקע בוימער.

ברײדי פלעגט קומען אהײם א מיעדער, מיט א פולען קאָפּ פון טויזענדערלײ זאַכען; אבער װי נאָר ער פלעגט זיך באַװײזען בײ דער װעראַנדע פון דער אײגענער שטיבעל, און דער יונג־װײב־ליכער און יונג־מוטערליכער שמײכעל פון אַגנעס׳ען איז געפאַלען אין זײנע אויגען ארײן און דאָס קול׳כעל פון דער „בובי“ — זײן טעכטער׳ל עמילי׳ס שטימעלע האָט זיך צופּיפּטשעט: „פּאַפּאַ קומט“ — אזוי איז אלץ פון זײן גרויס־שטאָטישען מח פאַר־שװאונדען. די אויגען בײ איהם האָבען זיך צולויכטען, און דאָס

הארץ זיינע האט זיך צוזונגען צוזאמען מיט זיין אגנעס'ען און די „בובעלע" עמילי, דאס גרויסע צארטע ליד פון שטילען טאטע־מאמע גליק.

שבת נאכט פלעגט נאך ברײַדי אפט זיך פארטראכטען וועגען זיין ארבייט אין שטאט, און אמאל אויך דערצעהלען זיין אגנעס'ן, וואס מיט איהם איז דורך דער וואך פארגעקומען. „בובעלע", די שעהנינקע עמילי, פלעגט שוין שלאפען. אגנעס, מיט א שאל אויף די שולטערן, פלעגט זיצען אין שאקעל ־ שטוהל און בלעטערען א זשורנאל אויפ'ן שויס. און דזשיימס ברײַדי, אנגע־טאן אין א לאנגען שטוב־ראק, פלעגט אומשפאצירען מיט א ליולקע אין מויל, פיפקענען, און דערצעהלען פון אן אינטערעסאנטער באַ־געגעניש זיינער, אדער פון דעם אלץ גרעסערען איינפלוס, וואס ער באקומט אין זיין יוניאן און אין דער געזעלשאפט אין אלגעמיין. דאס פלעגט אבער פארקומען זעלטען. געוועהנליך פלעגט דזשיימס ברײַדי אין די שבת'דיגע אווענדען מאכען מיט אגנעס'ען זייער וועכענטליכען „בודזשעט" פאר דער היים, און פלעגט אויסהערען וואס זי, אגנעס, האט איהם צו דערצעהלען.

און אגנעס פלעגט האבען א סך צו ריידען מיט איהר ליעבען דזשיימס. ביים נאמען האט זי איהם קיינמאל ניט גערופען. אלע־מאל „ליעבער", און „טייערער", און „זיסער". א גאנצע וואך איז זי געווען אליין. איהר איינציגע קאמפאני איז געווען די קליינינקע עמילי. אפילו פון זאכען וואס עמילי האט נאך ניט געקענט פאר־שטעהן, פלעגט זי ריידען צו איהר. די יונגע מוטער האט געשפירט א פארלאנג צו ריידען צו וועמען, לאכען מיט וועמען, דערצעהלען וועמען פון איהרע פריידען און אויך פון איהר אין כעס ווערען, — האט זי עס געטאן ריידענדיג צו עמילי'ן, כאטש עמילי זיצט גאר דאן צווישען אלערליי צאצקעס, וואס פאפא ברייננגט איהר אלע מאל, און פלאפעלט מיט איהר קינדישען קול'כעל. עמילי הערט זיך ווייניג וואס איין און פארשטעהט גאר ניט וואס די מאמע רעדט...

ווען דזשיימס ברײַדי איז אהיים געקומען, האט אגנעס דער־פאר געהאט א סך צו ריידען מיט איהם, נאר דאן האט זיך געווענ־

דעם, אין וואס פאר א געמיט זייביידע זיינען געבליבען נאכ'ן ערשטען עסען צוזאמען. אמאל האט זיך אגנעס געפיהלט גאר אויפגעלייגט, פלעגט זי פלאטערען ארום איהר דזשיימס און געבען איהם אלע צערטליכקייטען, און ער האט זיך אונטער־געגעבען אונטער אלע קאפריזען איהרע. אמאל אבער איז אגנעס געווען איינגעקלאמערט אין איהר איינזאמקייט פון א גאנצער וואך, און טאקע דערפאר, ווייל זי האט געקראגען די געלעגענהייט איהר איינגעצאמטע מונטערקייט פאנאנדערצולאזען, האט זי ערשט ניט געקענט. אין אזעלכע מינוטען, ווען אגנעס'ן האט געקלעמט אין הארצען און זי האט, ניט וויסענדיג אליין פאר־וואס, ניט גע־קענט רעדען, — האט זיך דזשיימס אלע מאל צורעדט.

ער האט זיך דערמאנט אן איינצעלהייטען פון זיין ארבייט א גאנצע וואך אין שטאט, און פיפקענדיג זיין ליולקע, און ארומשפא־צירענדיג אין שטוב־כאלאט, האט ער דערצעהלט אגנעס'ן פון זיין גרויסקייט און באריהמטקייט אין שטאט.

זונטאג איז שוין די גרויסע שטאט ניט דערמאנט געווארען אין שטיבעל פון די ברײדים. אגנעס האט זיך פארנומען צוצו־גרייטען די זונטאגדיגע באקוועמליכקייטען אין שטוב, און די שטי־בעל האט פארשמעקט מיט זונטאגדיגע עסענס. אגנעס האט אלץ געטאן מיט א באזונדערער ליעבע; און אלע צימערלאך זיינען גע־ווען אויסגעפילט מיט אגנעס'עס יונג־ווייבליכער שמעקעדיגקייט און מיט דער יונגער פרייד פון דער טעכטער'ל עמילי, וואס האט געשטראהלט ארום פאפא'ן ווי טויזענד זונען.

עמילי'ס קלינגענדיגער געלעכטערל און קלוגע פלאפלערייען מיט דער גאנצער זיסער זונטאגדיגער רוהיגקייט האט געהאלטען דזשיימס ברײדי געפאנגען. ער איז געווען גליקליך, און די גאנצע שטיבעל איז געווען פול מיט גליק. דזשיימס ברײדי'ס ניט זיין אין דער היים א גאנצע וואך האט דאס קינד ניט אפגעפרעמדט פון איהם. עס האט געווירקט פארקעהרט. וואס עלטער עמילי איז גע־ווארען, אלץ מעהר און טיעפער איז געוואקסען איהר צוגעבונדענ־קייט צום פאפא'ן. ווען זי האט שוין קלעהרער געקענט ארויסריי־

דען ווערטער און אפשאצען זאכען, האט זי א גאנצע וואך געהאל־טען אין איין ריידען פון פאפא'ן, און זיך שפּילענדיג מיט אנדערע קינדער, נאר דערצעהלט פון איהר פאפא'ן.

אזוי האבען זיך געצויגען וואכען און מאנאטען און פון די וואָ־כען און מאנאטען זיינען געווארען יאהרען. אגנעס האט א גאנצע וואך אין זיך געבענקט נאך די שבת־נאכטס און די זונטאגס; עמילי איז געוואקסען מיט זוניגע אויגעלאך, וואס האבען געווארט אויף פאפא'ס שבת'דיגען אהיים קומען; און דזשיימס אליין האט זיך געפרעש'ט אין דער גרויסער שטאָט מיט א באהאלטענעם געפיהל, אז איין טאג אין וואך איז זיינער — זיינס און אגנעס'עס און דער ליבינקער עמילי'ס...

---

האט זיך אָבער אַן אנדער מעלאָדיע אריינגעריסען אין דזשיימס ברייזי'ס פאמיליען־ליעד.

עס איז געקומען איינער, וואס האט געהאלטען אָפען אלע אג־נעס'עס קוואלען און ניט געלאָזען, אז דאס הארץ איהרע זאל ווען עס איז זיין פארשטיקט. פריהער אויפמערקזאמקייט צו דעם איי־נעם, דאן פריינדשאפט און צוגעלאָזענקייט, און דאן ליעבע...

אגנעס האט זיך פארליעבט איז דעם אנדערען און דער אנדערער אין איהר...

פריהער האט דער ליעבעס־טרונק איהר פאר'שכור'ט און זי האט ניט געטראכט, אז זי טהוט אין געהיים עפּעס, וואס ביים ווי־סען פון איהר מאן וואלט זי עס ניט געטאן. זי האט גע'שכור'ט מיט ליעבע, און זיך אויף קיינעם ניט אומגעקוקט. בלויז מאמענ־טען האט א פחד איהר ארומגענומען, און דאן האט זי עמילי'ן געדריקט צו זיך, און שווער און סודות'דיג געזיפצט. שפּעטער אָבער האט זי דערפיהלט איהר אומרעכט נעגען דזשיימס'ען, און זי האט זיך ענטשלאָסען איהם זאגען, און זיי זאלען זיך ווערען פרעמד.

---

אין דער שטילער שטיבעל האבען זיך אנגעהויבען ציהען נאך שטילערע טעג און נעכט ווי פריהער. אלץ איז געווען צוזאמענ־

געקנוילט אין איין שווערע שטיק פארגליווערטע שטילקייט. דער טעכטער'ל עמילי'ס קול'כעל, פול מיט קינדערשער פרייד און פלא־פלערישען געזאנג, איז געפאלען טעמפ. די אונשולדיגע און פון גארנישט וויסענדע עמילי איז געוואקסען אזוי ווי א בלימעל אין א לעדיגען פעלד, אהן נאהענטער ווארימקייט.

דזשיימס'עס שלאנקער וואוקס האט זיך א בויג געטאן און ארום די אויגען ביי איהם האט זיך פארהארטעוועט א צוקרימטער שמייכעל מיט א פארגליווערטע טרויער אין דעם צוואוועהטאגטען שמייכעל.

זיי האבען זיך צושיידט. דזשיימס ברײדי איז מעהר פון דער גרויסער שטאט ניט געקומען. אנגעס, מיט א וועהטאג און א געזאנג אין הארצען — א געזאנג וואס האט פארשריען דעם וועהטאג — איז מיט דער טעכטער'ל אריבער צום צווייטען, צום געליעבטען...

---

פוסטע טעג האבען זיך אנגעהויבען פאר דזשיימס ברײדי. וואס טיעפער ער האט זיך אריינגעוועבט אין זיין ארבייט, כדי די ארבייט זאל זיין גאנצע הארץ אויספילען, אלץ מעהר האט ער דערפיהלט פוסטקייט ארום זיך. וואס מעהר ער האט זיך אין דעם גערויש פון זיין יוניאן־לעבען אריינגעווארפען, אלץ העכער האבען איהם די לעבענס־כוואליעס געטראגען, אלץ מעהר געזעלשאפט האט ער געהאט ארום זיך, אלץ מעהר פארעהרונג איז איהם געגאנגען פאראויס, אבער טאקע דערפאר וואס מעהר געזעלשאפט ס'האט איהם ארומגערינגעלט, אלץ פוסטער האט ער געשפירט ארום זיך, און וואס פוסטער ארום איהם איז געווען, אלץ ענגער איז איהם געווארען...

אין זיין האטעל־צימער האט איהם זיין אייגענער שאטען ענג געמאכט. זונטאגס איז ער, אין כאלאט אנגעטאן, מיט א ליולקע אין מויל, א גאנצען טאג ביים פענסטער פון זיין האטעל־צימער געזעסען. אליין, שטיל, שטום...

אין א ניי־יאָהר'ס נאכט האָט ער ביידען אין א פרעהליכען קאָבאָרעי באגעגענט. אגנעס איז געווען צובליהט. איהר שלאנ־קייט איז געווארען אויסגעפילט מיט מעהר ווייבליכען זאפט און די אויגען האָבען געצונדען סאַי דעם וואָס ביי איהר זייט, וואָס האָט זיין, דזשיימס ברײדי'ס אָרט פאַרנומען, און סאַי די אנדערע וואָס זיינען מיט זיי געווען. די מוזיק האָט געשפּילט א וואַלץ. אגנעס איז מיט יענעם, וואָס ביי איהר איז ער איהרער, אריין צווישען אלע פּאָרלאָך, וואָס האָבען געשוועבט נאָכ'ן טאַקט פון וואַלץ.

רונד און ווייך איהרע אָרעמס, און זיי זיינען מיט אזא חן אַרום יענעמס. און שפּעטער וועט ער, יענער, די אָרעמס איהרע נאָך מעהרער פּיהלען. די ליפּען איהרע, פול מיט צייטינגען קאָר־שען־ווײן, און ער, יענער, וועט זיי שפּעטער טרינקען, טרינקען; און עמילי? וואו איז עמילי, די „בובעלע"? דזשיימס ברײדי, אין דער געזעלשאפט פון פריינד, אַרום א טיש מיט ליידיגע וויין־פלאַשען, האָט אין זיך א שמייכעל געטאָן. לאַנגזאַם בלויז ארויסציהען דעם פּיסטעל זיינעם און א דריק טאָן אזוי גלייך אין ציעל — איז אוים... אוים... — — — — — — — — — — — — — — — — —

ברײדי האָט יענעם דערשאָסען.

---

דאָס לאַנד רעדט — א יוניאָן־באַאַמטער שיסט א מענשען, כיסתמא איז דאָס פאַרבונדען מיט יוניאָן־נקמה. דזשיימס ברײדי האָט דאָס אַלץ געהערט אין זיין טורמע־קעמעריל, וואַרטענדיג אויף זיין פּראָצעס. ער האָט גע'טענה'ט: ניין, און ניין; דערצעהלט פאַרוואָס־און־פאַרוועו; אָבער „דאָס לאַנד" רעדט — א יוניאָן־באַאַמטער שיסט א מענשען, איז דאָס געוויס פאַרבונדען מיט יוניאָן־נקמה... און דזשיימס ברײדי האָט פיינט געקראָגען „דאָס לאַנד", פיינט געקראָגען זיך, פיינט געקראָגען אַלעמען... ער קען ניט זיין ער... אַלץ דאָס לאַנד... אַלץ די יוניאָן... אַלץ די געזעלשאַפט... און וואו איז ער?... עס איז געווען זיין וועהטאָג... זיין אַגנעס... זיין עמילי... און יענער, מיט אַגנעס'עס יונג־ווייבליכען ציטער אַרום איהם איז אויך זיינער... זיינס... זיינס... און דאָ, ווידער

יוניאָן... ווידער יוניאָן... מ׳לאָזט איהם ניט זיין ער... קען אין טורמע־קעמעריל ניט זיין ער... וועט אפילו ניט שטאַרבען ער...

דזשיימס ברייידי האָט זיך געריסען צווישען די טורמע־ווענט־לאַך, און געקיהלט זיין צוהיצטען קאָפּ אָן די אייזערנע גראַטעס...

---

עמילי איז אויסגעוואַקסען ווי די מאַמע. און פּונקט ווי אין דער מאַמע׳ס אויגען האָט זיך פאַרקליבען א צער מיט א בענקעניש האָט זיך אויך אין עמילי׳ס אויגען פאַרקליבען א צער מיט א בענ־קעניש. עמילי ווייסט דער מאַמע׳ס צער, און געהט אַרום איהר אַרום, ווי א צוואָוועהטאָגטע שוועסטער; און די מאַמע ווייסט דער טאָכטער׳ס צער, און געהט אויך אַרום איהר אַרום, ווי א צוואָוועה־טאָגטע שוועסטער. אָפּט ווילט זיך דער מאַמען צוגעהן צו דער טאָכטער, אַרומנעמען איהר און אַרויסכליפּענען:

— טאָכטער, מיינס...

און עס ווילט זיך עמילי׳ן צוטרעטען נאָהענט צו דער מוטער, און זיך טוליענען אין איהר, טוליענען...

אָבער זיי טהוען עס ניט...

זיי זייגען ביידע וועש־וואַשערינס. קוקט די טאָכטער, ווי די מאַמע בויגט זיך איבער׳ן פּרעמדען וועש, און עס פאַרגעהט איהר די האַריץ, וואָס דער מוטער׳ס וואוקס פאַלט, פאַלט... און די האָר ווערען גראָה, גראָה... און די מוטער קוקט ווי די יונגע טאָכטער בויגט זיך איבער׳ן וועש און גליווערט, גליווערט... און דער פּנים־זאַפּט טריקענט, טריקענט...

און ווען אַלע ארבייט איז פאַרטיג, און דאָס שטיבעל איז צוּ־געראַממט, און מוטער און טאָכטער צורעדען זיך, האַלט אָן דאָס רעדען א קרוצע ווייַלע. די מוטער זעצט זיך מיט׳ן קאָפּ איינגעג־ראָבען אין די הענד, און די טאָכטער קוקט דורכ׳ן פענסטער, ווי די פאַרנאַכטיגע שאָטענס שפּרייטען זיך איבער דער גאַס...

ביידע טרעטען ניט אָפּ איינע פון די אַנדערע, און ביידע שלי־סען זיך ניט אַריין איינער אין דער צווייטער... ווייַלע־ווייז נאָר קוקט אַמאָל אַריין די טאָכטער אין דער מוטער׳ס אויגען; און ווען

די טאָכטער שלאָפט, שאַרט זיך די מוטער צו איהר צו, און גיט איהר א שטילען קוש...

---

נאָר א צושיידונג קומט פאַרט. ניי־יאָהר־נאַכט, ווען די ניי־יאָהר־קלאַנגען פאַלען פון די „משווירטש"־גלאָקען איבער'ן שטעטעל, געהט די מאַמע אריין אין גאַנצען אין איהר אייגענער וועלט, און די טאָכטער ציהט זיך אין איהר וועלט. זיי נעהמען זיך גרייטען אויף מאָרגען צו טראָגען בלומען אויף קברים...

די מוטער צו יענעם, וואָס זי האָט פאַר איהם אפּלאַטץ אויף דער „סעמעטערי" אויסגעזוכט; און די טאָכטער צום פאָטער, וואָס יוניאָן־פריינד האָבען א קבר באַשטעלט...

אין איינעם פון די שטעטלאַך ביים צופוסען פון די „ראָקי־מאונטיינס", וואו עס איז שטיל, ווייל די בראַזגערייי פון צוגען צוטראָגען זיך אויף ווייט־ווייטע פּריירים, קלינגען די ניי־יאָהר גלאָקען אומעטיג און פאַרבענקט... — — — — — — — — — —

# מאַרדזשי׳ס בענקשאַפט

מאַרדזשי האָט ניט אויפגעהערט בענקען נאָך איהר פוילישען דאָרף, ביז וואנען דער שטאָלענער טויער פון דער האָמסטעדער פאבריק האָט ניט איינגעשלונגען יענע בענקשאפט נאָך איהר אלטער היים.

ווארים פריהער, אפילו נאָך דער חתונה, אפילו ווען מאַרדזשי איז שוין א מאַמע געוואָרען, א מאַמע פון אן אמעריקאנער קינד, האָט זי אַלץ גע׳חלום׳ט, אז זי וועט זיך אומקעהרען צוריק אין דעם דאָרף, וואו זי איז געבאָרען געוואָרען. און ניט אליין וועט זי פאָהרען צוריק אהיים. מיט איהר וועט אויך פאָהרען איהר מאַן. נאָך א יאָהר און נאָך א יאָהר, דער מאַן וועט אלץ ארבייטען, זייער אָפּגעשפּאָרטע קאַסע וועט רייכער ווערען, און דאַן וועט זי און דער מאַן און דאָס קינד, אלע וועלען זיי זיין אין פוילען, און האָבען אן אייגענעם גאָרטען, און וואס דען ניט?... זי האָט דאָך געבענקט נאָכ׳ן פוילישען דאָרף די גאַנצע צייט, וואָס זי איז אין אמעריקא!...

מאַרדזשי איז געקומען קיין אמעריקא א יונגע שיקסעל. אין גאַנצען א יאָהר אכצעהן. די פלאַקסענע האָר איהרע און די ליכטיג-גרויע אויגען האָבען איהר פאַרשפּראָכען א גליקליכען לעבען. אַנפאַנגען וועט זיך איהר גליק אין דעם נייעם לאַנד, און דאַן וועט זי עס אריבערטראָגען צוריק אין איהר היים, אין דעם דאָרף, מיט די גערטנער, און די שעהנע זינגענדיגע טייכלאַך. אזוי האָט מאַרדזשי געטראַכט, ווען זי האָט איהר לעבען אָנגעפאַנגען אין אמעריקא. עס איז אפילו ניט געווען אזוי, ווי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט. זי איז דאָ געוואָרען א דינסט, און די שעהנקייט פון איהרע לאַנגע פלאַקסענע האָר און ליכטיג גראָהע אויגען האָט נאָר באוואונדערט דער שטומער שפּיגעל, ווען זי האָט זיך געשטעלט לעבען איהם,

דאן, ווען די בעלי בתים איהרע זיינען ניט געווען אין דער היים. אבער מארדזשי האט געהאפט, אז עס וועט אנדערש ווערען. זי וויסט, אז עס ערוואַרטעט איהר א גליקליך לעבען, און זי דארף ניט טרויערען. האט זי זיך בגנבה געשפיגעלט מיט איהרע פלאק־סענע צעפ און ליכטיגע אויגען, און געוואַרט אויף איהר גליק.

און דאס גליק איז טאקע געקומען.

אין מארדזשי'ן האט זיך פארליעבט א וואַזשנער בחור, א לאנדסמאן, א פרעהליכער, פוילישער יונג, און א פארדינער. אר־בייט כסדר און האט געלד. מארדזשי איז מיט איהם אפגעפאהרען נאך האמסטעד, אין דער שטעדטעל פון שטאהל־פאבריקען, וואו דער מאן איהרער האט געארבייט.

און מארדזשי האט שוין געבענקט נאכ'ן דארף ניט אליין. מיט איהר האט אויך געבענקט דער מאן איהרער. און זיי האבען גע־צעהלט און איבערגעצעהלט די „ווײדזשעס", וועלכע ער האט גע־בראכט פון דער ארבייט. זיי האבען געשפארט א סענט צו א סענט, און עס האט זיך געקליבען געלד אויף געלד. און מארדזשי, שוין א מאמע פון א קינד, איז געווען גליקליך מיט איהר לעבען דא און נאך מעהר גליקליך מיט איהר חלום צו זיין צוריק אין דארף, וואו דאס לעבען וועט נאך בעסער זיין.

— טויזענד מאל בעסער, — פלעגט מארדזשי צו זיך אליין רעדען.

מארדזשי פלעגט כמעט יעדען טאג געהן אין פאבריק אריין איהר מאן עסען ברייגנען. אריינגעהן אין פאבריק האט זי ניט געקענט. לעבען פאבריק איז דא א הויכער שטאהלענער טויער, און נאר די, וועלכע ארבייטען הינטער'ן טויער קענען אריינקומען אהין. פלעגט מארדזשי מיט'ן קינד אין „קערידזש" און א טעפעלע געקעכטס אין האנד, צוקומען מיטאג־צייט צום הויכען טויער, און דער מאן פלעגט צוקומען נעהמען דאס עסען ביי איהר.

דעם טויער האט מארדזשי פיינט געהאט. אקוראט אזוי ווי א טורמע האט עס איהר אויסגעזעהן. און ווען דער מאן פלעגט דאס עסען צונעהמען און צוריק פארשווינדען הינטער די געביידען מיט

די סך פארשמירטע פענסטער, און מאסען הויכע קוימענס אויף די דעכער, פלעגט זיך די בענקשאפט ביי איהר נאכ'ן פוילישען דארף פארשטארקערען. זי פלעגט געהן צוריק, שטופענדיג דעם „קערידזש״ מיט'ן קינד, פרעפלענדיג צו זיך אליין, אז סוף יאהר מוזען זיי זיך געזעגענען מיט אמעריקא, און פאהרען צוריק אהיים...

אבער א סטרייק איז געקומען. — „עך, דער סטרייק!״ — יאמערט מארדזשי אין דער שטיל, און דער גאנצער גוף איהרער קארטשעט זיך פון וועהטאג.

דער מאן איהרער איז געפאלען א קרבן פון דעם סטרייק. מ'האט איהם צו'הרג'עט; געלעגען א לאנגע צייט קראנק, און געשטאר־בען! — „עך, דער סטרייק!״ — יאמערט מארדזשי.

און מארדזשי געהט ווייטער טאג־איין טאג־אוים מיט איהר קינ' צו דעם הויכען שטאהלענעם טויער לעבען די געביידען, מיט די סך פארשמירטע פענסטערלאך, און שווארצע קוימענס אויף די דעכער. מ'האט זיך איינגעשטעלט פאר איהר, און זי האט אויסגע'־פועל'ט, אז זי זאל קענען יעדען טאג אויפקלייבען שטיקלאך האלץ און פארהארטעוועטע ראסט אין א ווינקעל אויפ'ן הויף לעבען די פאבריקען, און פון דעם האט זי צו געבען עסען איהר קינד און אויך א דאך איבער'ן קאפ. קומט אזוי מארדזשי יעדען טאג אין א באשטימטער שטונדע לעבען דער פאבריק, מיט'ן קינד, וואס שלעפט זיך איהר נאך דאס קלייד, און קלייבט העלצלאך און פארהארטע־וועטע דאסט, און פאקט עס אין פארטוך אריין, און דאס הארץ געהט אוים פאר מורא, טאמער וועט זי עס נאך פארלירען, און דאן וועט זי גאר אונטערגעהן...

פון דארף טראכט זי שוין מעהר ניט. איהר טרוים און איהר בענקשאפט האט צוגענומען דער הויכער שטאהלענער טויער ביי דער פאבריק אין האמסטעד. דער טויער דערמאנט איהר דעם מאן, און די גליקליכע טעג און וואכען נאך דער חתונה. און אז טויער איז אנגעהאנגען איהר גאנצער ווייטערדיגער לעבען. ווארים, ווען זי זאל חלילה פארלירען דאס רעכט אריינצוקומען הינטער'ן טויער, וואס וועט דאן זיין?...

און ווען די הויכע שווארצע קוימענס אויף די שווערע געביי־דען צופייפען זיך בעת מארדזשי קלייבט די העלצלאך און ראַסט אין איהר פארטוך אריין, און דאָס קינד איהר'ס טוליעט זיך דאן פאר שרעק צו איהר קלייד, מיט א פינגער אין מיילכעל, הויבט מארדזשי אויף דעם קאָפּ און גלאָצט מיט די אויגען. דאָס בעט זי גאָט — ניט צו ברענגען איהר אין דאָרף, ווי זי האָט אמאָל געבעטען, נאָר אז דער הויכער שטאָהלענער טויער זאָל פאר איהר ניט פארמאכט ווערען, און אז אייביג, אייביג זאָל זיך פון די געביידען, מיט די סך פענסטערלאך און הויכע קוימענס, טראָגען דער געבראַזג פון שטאָהל... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

# קריסטשען בוירק מיט זיין טאָכטער

1.

ווען קריסטשען בוירק האָט זיך נאָך אַלע ערוואַרטונגען געפונען אַליין, האָט ער זיך אַ ווײַלע אַרומגעקוקט אַרום זיך, געוואָרפן אַ פאַר־עכטליכען בליק אויף דער פאַבריק, און איז אַ האַלב־צוטראָגענער אַוועק. קריסטשען בוירק האָט זיך געריכט אויף אַ גרויסען טאָג. אין דער יוניאָן האָט ער געהערט, אַז ווען דער רוף צום סטרייק וועט אַרויסגעלאָזען ווערען, וועלען אַלע באַהן־פאַבריקען ווערען אָפּגע־שטעלט. איבער'ן גאַנצען לאַנד אַזוי. און די פאַבריק, וואו ער אַרבייט, אויך. און ס'וועט זיך עס אַ היבש ביסעל קאָכען אין זיין שטעטעל אַרקאַנסאַ. די גרויסע פאַבריק, וואָס הערט ניט אויף אַרויסצוואַרפען גראָהע זיילען רויך פון די קוימענס, און פלאַמיגע פייערען אין דעם רויך, וועט פּלוצלונג ווערען שטיל, און די מע־נעדזשערס פון פאַבריק וועלען אַרומלויפען ווי משוגע. אַז דער סטרייק־רוף וועט אָט באַלד - באַלד אַרויסגעלאָזען ווערען, האָט קריסטשען בוירק געוואוסט דורך די צייטונגען. דורך די צייטונגען מעהרער, ווי דורך דער יוניאָן. און ער האָט זיך געריכט אויפ'ן גרויסען טאָג. אבער, ווען דער טאָג איז געקומען, און קריסטשען בוירק האָט זיך אָנגעטאָן זונטאַג'דיג און איז אַוועק זעהן ווי די פאַבריק שטעהט שטיל, און גאָר געפונען אַלעמען ביי דער אַרבייט, און די קוימענס וואַרפען פון זיך רויך און פלאַמען, ווי גאָר ניט וואָלט פּאַסירט, האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז עפּעס אַ „אימיצער“ אין איהם האָט איהם אָפּגענאַרט. אָבער שולדיג איז ניט דער „אימיצער“, נאָר די אַלע, וואָס ליגען דאָרטען אונטער'ן רויך און פייער־פלאַמען...

קריסטשען בוירק איז אוועק פון דער פאבריק א וואקעלדי־גער. זיינע טריט זיינען איהם לייז געוואָרען. האָט ער זיך עט־ליכע מאָל אומגעקוקט אויף היינטערווייליעכם, און זעהענדיג, ווי דער רויך וויקעלט זיך און וויקעלט זיך, און יעדע ווײלע גיט עס א שפּאר, האָט ער א טראכט געטאָן: „וואָס וועט דען העלפען זיין אייגענער ווילען, ער וועט דאך, ווי אלע, בלייבען ארבייטען“... אָבער...

— ניין, אַרוים אין סטרייק, קעהרט מען זיך ניט אום צוריק גלאַט אין דער וועלט אריין...

קריסטשען בוירק האָט עס ארויסגערעדט צו זיך אליין מיט פּאַרביסענקייט.

עס האָט איהם שטאַרק געקרענקט, פּאַרוואָס זיינע פּאַבריק־חברים האָבען איהם אָפּגענאַרט. אלע האָבען דאָך גערעדט פון געהן אין סטרייק. און ווען עס איז געקומען צו דעם, איז קיינער ניט ארוים — ער איז דער איינציגער... עס האָט איהם וועה גע־טאָן, און אין דערזעלבער צייט איז ער אויך געווען אומצופרידען מיט זיך אליין...

אויפ׳ן צווייטען טאָג האָט ער אָפּגעוואַרט עטליכע ארביי־טער פון דער פאבריק און פּרובירט איינ׳טענה׳ן מיט זיי. אבער עס האָט ניט געהאָלפען. זיי האָבען איהם אויסגעלאַכט, און זיך ניט געוואָלט אפילו אָפּשטעלען מיט איהם צו לאַנג...

קריסטשען בוירק איז געוואָרען נאָך מעהר פּארביטערט, סאַי אויף די „ברידער“, די פאבריק־חברים, און סאַי אויף די פּאָרלייט און די מענעדזשערס פון דער פאבריק. און ס׳האָט זיך איהם אין הארצען גענומען זאַמלען א האַס אויף זיי אַלעמען, פּונקט אַזוי ווי אויף די גאַר רייכע באהן־מאגנאטען, וועגען וועלכע ער האָט אלע מאָל געהערט, אז מ׳דארף זיי האסען. ער האָט באַשלאָסען ווערען אוים באַהן־ארבייטער אינגאַנצען.

א פּאַרם מיט אן אייגען שטיבעל האָט ער? קיין גרויסע פאַ־מיליע צו ערנעהרען האָט ער ניט? בלויז פאַר זיך און זיין איינ־ציגער יונגער טאָכטער דארף ער האָבען צו לעבען — טאָ, צום טייוועל מיט דער גאַנצער פאבריק־ארבייט!...

און קריסטשען בוירק האָט זיך באַזעצט אין זיין שטיבעל, איז מעהר צו דער פאַבריק ניט געגאַנגען, און האָט באַשלאָסען, אַז ער און זיין טאָכטער וועלען ווערען „בעלי־בתים“ פאַר זיך אליין. זיי וועלען זיך ערנעהרען פון זייער פאַרם — און אין דער זעלבער צייט זיין „אייביגע סטרייקער“...

דער אייביגער סטרייק וועט באַשטעהן אין דעם, וואָס זיי וועלען ה א ס ע ן די אייזענבאַהן קאָמפּאַניע, און ה א ס ע ן יעדען ארבייטער, וואָס וועט זיין באַשעפטיגט ביי דער קאָמפּאַניע.

און אַזוי איז עס אויך געווען. פאַטער און טאָכטער האבען געשוואָרען נקמה, און די נקמה האָט זיך אויסגעדריקט אין האַסען זיי און פאַראַכטען זיי. פאַטער און טאָכטער האָבען עס גלייך אויך אנגעפאַנגען „פּראַקטיצירען“. מיט יעדען טאָג האָט זיך אריינגעגאָסען מעהר שנאה אין זייערע הערצער.

2.

קריסטשען בוירק איז שוין געווען אין די עלטערע יאָהרען — אין די פופציגער. זיין טאָכטער, רוטה, איז ערשט אויפ'ן זיבעצעהנטען יאָהר געגאַנגען. אבערביידע גלייך האָבען געהאַט דעמזעלבען געפיהל צו דער גאַנצער פאַסירונג. קריסטשען בוירק האָט נאָכ'ן טויט פון זיין פרוי, און רוטה'ס מאמע, אויסגעהאָדעוועט רוטה'ן, צו זיין תמיד זעלבסטשטענדיג, און ווי שטאַרק זי וועט האָבען פאַרטרויען אין פריינד, זאָל זי אויך אַזוי שטאַרק האַסען די שונאים.

— אַז ניט איז שווער דורכצומאַכען די וועלט — האָט דער פאָטער געלערענט דער טאָכטער.

און רוטה האָט אנגעהויבען האַסען די פאַבריק פונקט ווי דער פאָטער. ווען איהר איז אויסגעקומען צו געהן אין שטאָט אריין, און זי האָט געדאַרפט פאַרבייגעהן דעם פּלאַץ, וואו די פאַבריק געפינט זיך, איז זי געגאַנגען מיט עטליכע גאַסען ווייטער, און אַנגעלעגט וועג, אבי ניט צוקומען נאָהענט צו דער פאַבריק...

אזוי האט זיך אויך דער טאטע געפיהרט.

נאך ארבייטער, גאר א סך, און פון דער זעלבער פאבריק, האבען פארמס און שטיבלאך; און זייערע פארמס און שטיבלאך זיינען ניט ווייט פון דער פארם און שטיבעל פון קריסטשען בוירק; האט קריסטשען בוירק ארומגעצאמט זיין פארם און שטיבעל מיט א הויכען צאם, כדי ער זאל ניט דארפען אנקוקען די פאררעטער, און זיי, די פאררעטער, זאלען איהם ניט קענען זעהן.

בוירק'ס פארם איז ניט ווייט פון וועג, אויף וועלכען מען פאהרט צו ווייטערע פארמס. אלע מאל, ביז'ן סטרייק, פלעגט ער אויפ־פאסען אויפ'ן וועג. דער וועג איז א לעהמיגער, ניט קיין געפלאס־טערטער, פלעגט ער נאך א גרויסען רעגען ארומפאהרען מיט דעם פערד און וואגען זיינעם הין־און־צוריק עטליכע מאל, כדי „איינ־צופאהרען" דעם וועג, איינצוטרעטען די לעהם. ווען ער האט אבער ערקלערט זיין „אייביגען סטרייק", האט ער עס אויפגעהערט.

די שכנים האבען זיין פאראכטונג און שנאה צו זיי גענומען ביסלאכווייז פיהלען, און דאס האט איהם אביסעל צופרידענגע־שטעלט. עס האט בארוהיגט זיין אויפגעברויזט הארץ...

זיינען אזוי אוועק וואכען און וואכען. בוירק האט געלעבט צוריק־געצויגען פון אלעמען, און אזוי אויך זיין טאכטער.

אבער אויך די שונאים זיינע, עס הייסט, די, צו וועמען ער איז געווארען א שונא, האבען ניט געשוויגען. בוירק'ס האס איז געווען געגען זיי א שטארקע וואפע. זיי האבען, נאטיר־ליך, געקענט אויסקומען אהן זיין פריינדשאפט. אבער וואס הייסט. ער שטעלט זיך געגען אלעמען? און מיט אזא פארביסענקייט? דער מענעדזשער פון דער פאבריק וועמען עס איז אויסגעקומען פארבייצופאהרען אלע טאג פאר בוירק'ס ארומגעצאמטען פארם, האט געשוימט און געזאדען.

— אזוי פיעל חוצפה!...

די ארבייטער, וואס האבען פאררעטען דעם סטרייק־רוף פון דער יוניאן, האבען איהם אונטערגעהאלפען, און אלע טאג פלעגט

מען קומען אין דער פאבריק אריין מיט מעשיות, אז בוירק גזהט עפּעס טאָן, אז בוירק ווערט גאָר „געפערלאך”; כאָטש וואָס־ווען — האָט מען ניט געהאט צו דערצעהלען! מען האָט אויסגעטראכט זאכען, און עס האָבען זיך אזוי גענומען ארומטראָגען לעגענדעס וועגען איהם.

ביז מען האָט דערצעהלט אין דער פאבריק, אז בוירק איז אראָפּ פון זינען — און מען מוז איהם צונעהמען פון געגענט!

פּאָטער און טאָכטער האָבען, פארשטעהט זיך, ניט געוואוסט, וואָס פאר אַ טייוועלשע שטיקעל ארבייט מ׳קלייבט זיך אָפּצוטאָן געגען זיי. מ׳האָט עס אָבער אָפּגעטאָן. און איין טאָג, ווען די טאָכ־טער איז געווען אוועק אין שטאָט, און בוירק איז ארוים אַ ווײַלע פון הינטער׳ן פּארקען ארום זיין פּארם, האָט מען איהם ארייגגע־כאַפּט אין אַ פארמאכטען אָטאָמאָביל און ערגעץ פארשלעפּט...

אין דער זעלבער נאכט האָט מען געהערט הינטער׳ן פּארקען אַ וויינען פון דאָס מיידעל, אַן ארומלויפען איבער׳ן פארצוימטען פּארם מיט אַ צושראָקענעם, יאָמערדיגען קול:

— העי, העי פּאָפּ, העי פּאָפּ... פּאָפּאָ, פּ־אַ־פּ־אָ...

און שפּעטער האָט מען באמערקט, אז הינטער׳ן פּארקען אויפ׳ן פּארם, איז אין גאנצען שטיל געוואָרען. גאָר שטיל...

אויף מאָרגען האָבען שכנים־פּארמער, און טהיילווייז דיזעלבע ארבייטער, וואָס האָבען געהאָלפען בוירק׳ען ערגעץ פארשלעפּען, געטרייסט די טאָכטער. האָבען איהר פארזיכערט, אז דער פּאָטער איהרער לעבט, ער איז נאָר קראַנק געוואָרען און געפינט זיך אין אַ האָספּיטאַל, שפּעטער אביסעל, אין עטליכע וואָכען ארום, וועלען זיי איהר ברענגען צו איהם...

דאָס מיידעל האָט אויסגעהערט די טרייסט־רייד און זיי ניט געגלויבט. זי האָט זיך אוועקגעלאָזען איבער דער שטאָט, און גע־זוכט און געפאָרשט, און אזוי טאָג־איין טאָג־אויס. נאָר אין די נעכט פלעגט זי קומען אויפ׳ן פּארם אין שטיבעל. און זי פלעגט זיין שטיל, גאָר שטיל. עס איז געווען פינסטער אין שטיבעל, און שטיל.

די געשיכטע האָט אָבער ערגעץ אנגעשלאָגען. מ׳האָט אנגע־

הויבן העלפן דער טאָכטער זוכן, נישטערן, און מ׳האָט אויס־געפונען, אַז דעם פאָטער פון דער עלענד געבליבענער מיידעל האָט אימיצער אריינגעגעבן אין א משוגעים־הויז...

ווער, וואָס — האָט מען ניט געקענט דערגעהן. מ׳איז בלויז דערגאַנגען, אַז מ׳האָט איהם אין משוגעים־הויז אריינגעצוואונגען, און אַז אין דער אמת׳ען איז ער גראָד געזונט... מ׳האָט אנגעהויבען צוצוגרייטען די מעגליכקייט איהם פון דאָרטען ארויסצוקריגען.

רוטה האָט פון די אַלע אויסגעפינאכצען ניט געוואוסט. מ׳האָט איהר נאָר אָנגעזאָגט, אַז „פאפא איז אַלרייט״, און היינט־מאָרגען וועט מען איהר ברייגגען צו איהם.

3.

רוטה איז געווען א קאָפּיע פון פאָטער. הויך־געוואקסען, ווי דער פאָטער, און בוירק׳ס שמאָלע אויגען, און אויך דעם פּאַפּאַ׳ס לענגליכע פינגער. בוירק האָט געהאט א צייכען אונטער׳ן רעכטען אויער, און מיט אזא צייכען איז אויך רוטה געבוירען גע־וואָרען. א ברוין בלימעל אזא. און אויך דעם פּאַפּאַ׳ס לענגליכע און שפּיציגע מאָרדע האָט רוטה געהאט. אין די פּאָר וואָכען, וואָס רוטה איז ארומגעלאָפען זוכען דעם פּאַפּאַ׳ן, האָט זי זיך פיעל פארעלטערט. גאָר ניט געווען צו דערקענען, אַז זי איז נאָך קיין צוואַנציג יאָהר ניט אַלט. די אויערען האָבען זיך אויסגעצויגען, און די אויגען זיינען ביי איהר פארלאָשען געוואָרען. מ׳האָט געקענט גיכער אָננעהמען, אַז רוטה איז דעם אלטען בוירק׳ס א שוועסטער, און ניט פיעל אינגער פון איהם...

ווען אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט, אַז מ׳זאָל בוירק׳ען ארויסלאָזען פון משוגעים־הויז, האָט מען אראַנזשירט, אַז רוטה זאָל זיך באַגעגענען מיט איהם אין קאָרידאָר פון דער „אינסטיטושאָן״. ווען מען האָט איהר געפיהרט אהין, האָט זי ניט געוואוסט, וואוהין זי געהט. אויפ׳ן וועג איז זי אָבער געוואָרען בלאסער און בלאסער, און אין די אויגען האָבען זיך צוברענט קרענקליכע פייערלאַך.

ווען טאטע און טאכטער האבען זיך ארומגעכאפט אין קארי־
דאר, האט רוטה פאלענדיג אויפ'ן פאטער'ס ברוסט א ווילדען קרעכץ
געגעבען, און איז צוזאמענגעבראכען. אין א פאר שטונדען ארום
איז זי געווען טויט.

בוירק איז געבליבען אליין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

געהט ער ארום אין שטיבעל ביי איהם, דער אלטער בוירק,
ארבייט לאנגזאם אויפ'ן פארם זיינעם, און איז איינגאנצען אין זיך...
מורא'דיג אריינגעצויגען אין זיך...

ער פיהרט ווייטער זיין אייביגען סטרייק...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# „טשאַנטשעלאַ“

איידער ט ש א נ ט ש ע ל א איז אין דער פריה ארויס פון הויז, האָט זי זיך עטליכע מאָל אָפּגעשטעלט ביים שפּיגעל, מיט וועלכען ט ש אַ נ ט ש ע ל אַ האָט זיך שטארק גע'חבר'ט ביי יעדען מאָל ארויסגעהן און אריינקומען. דאָס מאָל האָט ט ש א נ־ט ש ע ל א פארבראכט מיט'ן שפּיגעל לענגער און געדולדיגער ווי אלע מאָל.

די מאמע האָט טאקי געוואָרטשעט:

— ס'איז שפּעט; וועסט פארלירען דעם דזשאָב...

אָבער ט ש אַ נ ט ש ע ל אַ האָט געהאט א תירוץ:

— ס'איז פינסטער און זי זעהט ניט גוט, צי אלעס ליגט אויף איהר גלאַט.

ט ש א נ ט ש ע ל אַ האָט אָבער געהאט אן אנדער אורזאכע, פאר איהר היינטיגען שפּיגלען זיך. זי האָט אויף איהרע ליפּען און אין די אויגען געוואָלט געפינען ס א ק י ' ס נעכטען־אָווענדיקע בליקען. עס איז דאָך איהר אזוי גוט, ווען סאקי קוקט אויף איהר... עפּעס גיסט זיך דאַן אין הארצען אזאַ זיסער ווייַן...

ט ש אַ נ ט ש ע ל אַ איז ארויס פון הויז מיט א שירעמעל אין די הענד, זיך וויגענדיג און אונטערטאַנצענדיג. אין הארצען האָט עפּעס געזונגען. און דער גרויסער שנור רויטע קרעלען, וואָס איז געווען עטליכע מאָל ארומגעוויקעלט ארום איהר חן'עוודיגען שלאַנ־קען האלז, און דערגרייכט ביז דער טאליע אראָפּ, האָט זיך לייכט געוואָרפען. ווי צום טאקט פון דער מוזיק אין הארצען.

ביים זאָגען, „גוד באַי“ צו דער מאמען, וואָס געדיינקט נאָך גוט איהר באַליבאַטישקייט אין דער אלטער היים, אין איטאליען, און

איז דערפאר כסדר פארבענקט און דערצארענט, האט טשאנטשעלא א פאך געטאן מיט דעם בלאה־זיידען שירעמעל אין דער הויך, אזוי ווי א פויגעל הויבט אמאל אויף א פליגעל צו זשעסטיקולירען אין דער לופט. די מאמע איז געשטאנען האלב אנגעטאן אין א ווינ־קעל, וואו עס האט נאך פון דער נאכט געצאנקט א פלעמעל אונטער א הייליגען קריסטוס־בילד, און געענטפערט אויף טשאנטשע־לא׳ס „גוד באי" מיט א לייכטען שאקעל מיט׳ן קאפ.

די ברוקלינער גאס, וואו טשאנטשעלא האט געוואוינט, האט איהר יונגע שכן׳טע באגעגענט מיט א קרעכץ פון ווענגן, וועלכע האבען זיך פויל געשלעפט אויפ׳ן נאסען ברוק. אין דער לופט האבען זיך געטראגען אלערליי קולות, אבער אונטער דעם בלייערנעם הימעל, מיט דעם קלעפעדיגען רעגען זיינען זיי געפא־לען מיט א גלייכען טעמפען אפקלאנג. טשאנטשעלא׳ן האט עס אבער אין קיין מיעדע פוילקייט ניט ארייגעבראכט. פאר טשאנטשעלא׳ן האט אלעם געלויכטען און די הייזעריגע קולות פון גאס האבען פאר איהר געקלונגען העל און פריי און זיי־נען געווען גאר א צושפיעל צו די ליעדער אין איהר זינגענדיגען הארצען.

אביסעל האט טשאנטשעלא׳ן באאונרוהיגט, דאס וואס די מיידלאך, די סטרייקערקעס שטעהען ביים טהיר פון איהר שאפ, און ווילען איהר אלע מאל פארהאלטען, אז זי זאל ניט ארויפ־געהן צו דער ארבייט. זי פיהלט, אז די מיידלאך זיינען אויף איהר בייז און שילטען זי. און ווען ניט דער „פאליסמאן", מיט׳ן יונגען בראון, דעם זוהן פון איהר באלעבאס, וועלכע נעהמען איבער ביים שאפ, יעדען איינעם, וואס וויל ארויפגהן צו דער ארבייט, וואלטען זיי איהר געווים געשלאגען. אבער געטראכט פיעל פון דעם האט זי ניט. זי האט איין מאל אפגעמאכט ביי זיך, אז זי וועט ניט סטרייקען, וועט זי ניט אנדערשען איהר באשלוס.

די מאמע איהרע האט מיט איהר איינגעשטימט:

— ווער ווייסט וואס פאר א מיידלאך עס זיינען די סטרייקער־קעס!...

ט ש א נ ט ש ע ל א האָט גאָר עפּעס אַנדערש, פון וואָס צו טראַכ־טען. ס א ק י וועט דאָך מיט איהר חתונה האָבען... אוי, איז ער א ברען... זיינע הענד זיינען דאָס אזעלכע שטארקע... און ער קוקט אויף איהר אזוי היים... און רעדט צו איהר אזוי זיס... די גאנצע צייט, וואָס זי איז נעבטען געזעסען לעבען איהם, האָט זי געפיהלט, ווי אין איהר וואָלט זיך געגאָסען געשמאַ־קער ווייו... ס א ק י וועט מיט איהר חתונה האָבען... ס א ק י האָט זי ליעב... אלע, וואָס קוקען אויף איהר, האָבען זי ליעב... זי איז דאָך אזוי שעהן... זיכער איז זי שעהן... זי ווייסט דאָס...

אלע מאָל ווען ט ש א נ ט ש ע ל א איז אריין אין א „קאר" האָבען מענער אוועקגעלייגט די צייטונגען און געקוקט אויף איהר. אפילו די מיידלאך אין „קאר" האָבען געקוקט אויף איהר.

— אָט, א שעהנע איטאַליענערין!... — האָט זי אָפט געהערט א באַמערקונג.

— ניין, זי זעהט ניט אויס ווי קיין איטאַליענערין — האָט זי אָפט אויך געהערט ווי מענער האָבען זיך ניט געקענט איינינען איבער איהר.

ט ש א נ ט ש ע ל א איז געווען שטארק צופרידען, וואָס זי נעהמט אזוי אויס ביי אלעמען. איינמאָהל האָט זי געהערט ווי א סיילסמאַן, וואָס קומט אריין אין איהר שאָפּ, האָט גערעדט צום יונגען ב ר א ו ן:

— וואָס, צום ביישפּיעל, געפעהלט דיר מעהר אין איהר... איז עס די אויגען איהרע, אדער די טאַליע, אָדער דער רונדער שעהן־געשניצטער פּנים'על, מיט דעם טונקעלען בלוט, וואָס שפּיעלט זיך אונטער איהר הויט?...

טשאַנטשעלא האָט דאַן געלאַכט אין זיך — „טונקעלע בלוט"...

אין דער אמת'ן, איז עס געווען אלעס צוזאמען, וואָס האָט פון איהר גע'כישופ'ט. ט ש א נ ט ש ע ל א איז געווען א שלאַנ־קע, מיט א בויגיגער פיגור און יונגע רונדע ברוסטען. שלאַנק איז אויך געווען איהר האלז. און אין די אָרעמס איהרע, ווי אין די טונ־קעל־ברוינע האָאר און טונקעל־ברוינע אויגען און ארום די זאפטיגע

יונגע ליפּען און דעם גאנצען אויסזעהן און גאנג איהרען, איז גע־ווען צוגאַסען אזא יונג - מיידעלשע שמעקעדיגקייט. האָט זי אַלעמען גע׳כישופ׳ט. און זי האָט עס געוואוסט. און דערפאר אי־מער ריכטיג צוגעפּאסט איהר קליידונג, און שטענדיג געטראכט און גע׳חלום׳ט, ווי זי באַזיגט אַלעמען און באצווינגט אַלעמען, און אלע מוזען קוקען אויף איהר, און אלע מוזען זי באַוואונדערען, און ווילען נאָך קוקען און נאָך... ווען זי וויל, האָט אפילו ב ר א ו ן, דער זוהן פון איהר באַלעבאָס, אויך חתונה מיט איהר... ווען זי וויל, האָבען אַלע מענער מיט איהר חתונה... מען וואָלט אוועקגעוואָרפען ווייבער פאר איהר...

ט ש א נ ט ש ע ל א האָט זיך פאַרנומען צום „שאַפּ" מיט פעסטע טריט. נעכטען, ווען זי איז פאַרנאכט ארוים פון „שאַפּ" מיט נאָך מיידלאַך, וואָס האָבען פאַרנומען די פלעצער פון די סטרייקערס, זיינען די סטרייקערקעס שוין ביים שאַפּ ניט געווען...

— זיי זיינען מיד געוואָרען, מ י ר האָבען אויסגעפיהרט, — האָט ט ש א נ ט ש ע ל א געזאָגט צו זיך אליין.

— וויפיעל איז טאקע דער שיעור צו שטעהן ביים „שאַפּ" ווי בעטלערקעס? זיי האָבען זיך דאָך ארומגעדרעהט ביים טהיר פון שאַפּ צוויי חדשים אודאי! — האָט ט ש א נ ט ש ע ל א פּרובירט מאכען א חשבון, ווי לאנג עס איז שוין, אז די „נארישע מיידלאַך" האָבען זיך איינגעשפּארט און סטרייקען...

זי האָט פאר די סטרייקערקעס קיינמאל קיין מורא ניט געהאַט. נאָר אנגענעם צו זעהן זיי איז אויך ניט... זי האָט זיי אַלע מאָל ארויסגעשטעלט א צונג... ווען זיי טשעפּען איהר, וואלט זי דאָס געזאָגט ס א ק י ׳ ן, וואָלטען זיי שוין געוואוסט... ער וואלט זיי צושאָסען... איין מאָל האָט א סטרייקערקע איהר א שלעפּ געטאָן פאר׳ן האַנד, האָט זי, די חוצפה׳דיגע, עס געכאַפּט פון פּאָ־ליסמאן!... ער האָט איהר א זעץ געטאָן מיט׳ן "קלאָב", אז די סטרייקערקע איז געפאלען אין חלשות... אלע סטרייקערקעס האָבען געקוויטשעט און געוויינט... מען האָט די געשלאָגענע סטרייקערקע צוגענומען אין האָספּיטאַל...

אזוי, מיט א צופרידענעם טראכטען, וואס קיינער קען איהר ניט טאן קיין בייז, און א זיגנענדיגען הארצען, וואס אלע באוואונ־דערען איהר שעהנקייט, האט ט ש א נ ט ש ע ל א געשפרייזט צום שאפ.

פלוצלונג...

עפעס האט איהר א קלונג געטאן פאר'ן פנים... עפעס האט זיך די גאס א דרעה געטאן... מענשען לויפען... עס שטעכט איהר אין קאפ... אין הארץ גיסט זיך עפעס... זי הערט קולות... אזוי פיעל... אזוי פיעל...

ווען מען האט ט ש א נ ט ש ע ל א ' ן אריינגעפיהרט אין שאפ, האט זי זיך קוים געקענט האלטען אויף די פיס. אין קאפ האט געשטאכען ווי מויזענד שפיזלען וואלטען דארט ארומגע־שוואומען. די אויגען האבען געברענט, ווי איטיצער וואלט מיט עפעס א היים אנגעגליהטע זאך געפיהרט איבער זיי. און אין גאנ־צען לייב האט זי געפיהלט א קעלט, א מורא'דיגען שווידער. מען האט איהר פון שאפ באלד אהיים געפיהרט. ב ר א ו ן, דער בא־לעבאס האט זיך געשראקען איהר צו האלטען ביי זיך. ער האט זיך געפיהלט שולדיג. זיינער א מענש האט ט ש א נ ט ש ע ל א ' ן דערלאנגט א קלאפ, און ווער ווייסט, אפשר אויף'ן גאנצען לעבען פאראונגליקט...

— אט א בולוואן — האט ב ר א ו ן נאכדעם גערעדט צו זיין זוהן — איך זאג איהם אן צו דערלאנגען די סטרייקערקעס, האט ער דורך א טעות דערלאנגט אן „אייגען מיידעל“...

און ט ש א נ ט ש ע ל א, איז אויף אלע מאל א קריפעל גע־ווארען. אוים שרעק פון פלוצלונגען קלאפ איבער'ן פנים, האט זיך דער גאנצער פנים איהרער צוקרימט. איין אויג איז געבליבען ווי אויסגעלאשען, און שטענדיג טרעהרט עס... די אונטערשטע ליפ הענגט אראפ צוצויגען און איז בלאה, בלייך־בלאה... דער גאנצער פנים איז פארדרעהט געווארען... און איהר פיגור איז איינגאנצען איינגעבראכען...

די מאמע האט באקומען פון ב ר א ו ז ' ע ז א סך געלד. ט ש א נ ט ש ע ל א ' ז שטילט עס אבער נים. ט ש א נ - ט ש ע ל א ליגט גאנצע טעג און נעכט אויף א בעטעל איינגע־דרעהט אין זיך, און חלום'ט פון דער אמאליגער ט ש א נ - ט ש ע ל א ' ז... עפעס האט זי א מאל געקענט א ט ש א נ - ט ש ע ל א, וואס איז געווען שעהן, און אלע האבען זי באוואונ־דערט... און איצט...

אמאל כאפט זיך ט ש א נ ט ש ע ל א אראפ פון בעטעל, שלעפט ארויס פון אן אלטען „הדעסער" איהר'ס אן אמאליג בילד, שלעפט זיך צו צום שפיגעל, און קוקט... קוקט... אט אויף דער אמאליגער ט ש א נ ט ש ע ל א, און אט אויף דער איצטיגער... זי גיט דאן א צופ איהר אונטערשטע אראפהענגענדע און פארגלי־ווערטע שטיק ליפ און לויפט צוריק צום בעטעל מיט א קווימשענדיג געוויין...

— מאמע... מאמע... — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און די מאמע, וועלכע געדיינקט נאך איהר באלעבאטישקייט אין אמאליגען איטאליען, און איז כסדר פארבענקט, און פארצא־רענט, שטעהט אין ווינקעל אונטער דעם בלייך־הייליגען קריסטוס־בילד, און שאקעלט מיט'ן קאפ...

# גלאָקען - קלאַנג

טרינידאד האָט זיך געוואַשען אין זון־ליכט. די שפּיצען פון די בוימער, די גערטענדלאַך ביי די שטיבלאַך — אויף אַלעם איז געווען זון. אַפילו דער פולער אראָפּגעהאַנגענער צווייג, פון דעם אַלטען בוים, ביי אַרטשיבאַלד'ס שטיבעל, האָט קיין שאָטען ניט אָפּגעשלאָגען. אַלע בלעטער האָבען זיך אין זון געטונקט, און קוקענדיג צום צווייג פון שטירנער'ס גאַניק אַראָפּ, האָט זיך גערדאַכט, אַז דאָס זיינען גאָר ניט קיין בלעטער פון א בוים. דאָס איז עפּעס א מין געוועב פון א ווייסער בלאַנקענדיגקייט מיט אַן אָפּשלאָג אויף א סך פאַרבען...

טאָם מאָרפּין האָט זיך צוגעזעצט אויף די טרעפּלאַך פון שטירנער'ס גאַניק. איהם איז געווען שווער צו געהן. די פּוסטקייט אין הארצען פון די הונגעריגע טעג האָט אים אַ וועהטאָגדיג־לייכט געמאַכט, און אַ איהם גערדיקט, ווי א שווערע משא וואָלט דאָרטען געלעגען און געשלעפּט איהם כסדר צו דער ערד אַראָפּ. די זון האָט איהם געשטאָכען און אָנגעגאָסען די גלידער מיט נאָך מעהר שווערקייט. אָבער טאָם מאָרפּין האָט זיך צו דעם לאַנג ניט צוגעהערט. זיין מוח איז געווען פאַרנומען מיט דאָס, וואָס האָט געבריהט ביי איהם אין דער קעשענע.

— וועט ער עס נעהמען נקמה!... א שפּיי טהאָן אויף אַלעמען און א סוף, א סוף...

ער האָט א קוק געטהאָן אויף זיין אייגענעם הולך און זיך פאַרקרימט. אמאָל איז עס געווען א גוטער ראָק, און די הויזען פלעגען זיין אין א קנייטש, א גאַנצער „ספּאָרט" געווען... איצט אָבער, — ער האָט א צוקרימטען שמייכעל געטהאָן.

—טאם איז ניט קיין פייגלינג; זאגט ער, אז ער געהט עפּעס טהאָן, טהוט ער... וואָס דען, ווי זיי, די ווערים דאַרטען?... „מען דאַרף ניט“, האַ?... „מען טאָר ניט“, האַ?... פייגלינגע...

ער האָט זיך א טאָפּ געטהאָן ביי דער קעשענע.

— נו, וואָס? גאָר נישט! א ביסעל מוטה, דאָס אַלעס, און ג ע י נ אַ ר וועט ליגען...

ט א ם האָט זיך אויפגעהויבען, און איז צוגעגאנגען באטראכטען דעם זוניגען צווייג ביי א ר ט ש י ב א ל ד ׳ ס שטיבעל. עפּעס האָט איהם א שלאָג געטהאָן אין די אויגען א סך זילבער, ווען ער איז געזעסען אויף די טרעפּלאך פון ש ט י ר נ ע ר ׳ ס גאניק.

— א מאָדנער בוים דאַרטען — האָט ט א ם זיך געוואונדערט, און זיך אויפגעהויבען צו געהן איהם נעהנטער אָנקוקען.

עטליכע טויבען האָבען זיך א ריס געטהאָן פון א דערבייאיגען דאַך. ט א ם האָט אויפגעציטערט און זיך גלייך פארקירעוועט...

ס׳איז געווען א זונטאָג פריה־מאָרגען. די געסלאך אין ט ר י ־ נ י ד א ד האָבען זיך נאָך ניט געהאט אינגאנצען צונומען פון ביי־נאכטיגען שלאָף זייערען. און כאָטש די זון האָט שוין אין אלעמענס פענסטער ארייןגעקוקט, איז מען נאָך געלעגען אין די בעטען, און גע׳חלום׳ט די ט ר י נ י ד א ד ע ר זונטאָג־פריה־מאָרגען חלומות. עס איז געווען שטיל. און די ליכטיגע שטילקייט האָט ט א ם מ אָ ר פ י ן אינגאנצען צורודערט.

ט א ם מ אָ ר פ י ן איז אן ארבייטער פון ט ר י נ י ד ־ א ד ע ר זייף־פאבריק, וואָס רויכערט זיך פון יעדען מאָנטאָג פריה ביז אלע שבת פארנאכט, דורך א סך הויכע קוימענס, און שיקט ארוים א מאָדנעם זייף־ריח דורך איהרע גרויסע טהירען. יאָהרען האָט ט א ם געלעבט רוהיג. אן אייגען שטיבעל געהאט; און שעהנע חלומות האָבען זיך געשפּונען ארום איהם און דער ווייב זיינער. און די שטעטעל ט ר י נ י ד א ד ביים צופוסענס פון די „ראקי מאונטיינס“ איז געווען זיין גאנצע וועלט — א ליבע וועלט...

עס זיינען אבער אָנגעקומען אומגליקען, און איצט רעדט  ט אָ ם  מ אָ ר פ י ן  אָפּט צו זיך אליין:

— הע, הע, אַלץ אוועק, אַלץ... פריהער דאָס קינד, שפּעטער דאָס ווייב, און דאַן דאָס הייזעל. און גאָט איז אויך אוועק... יאָ, גאָט אויך...

אזוי האָט  ט אָ ם  מ אָ ר פ י ן  זיך כסדר געפּייניגט אין געדאַנק.

— און ווער איז שולדיג?... ווער?...

— ג ע י נ אָ ר  איז שולדיג. אָט א פויגעל...

— אָבער היינט, היינט נעהמט ער נקמה. ג ע י נ אָ ר וועט זיך דאָס פּאַהרען אין קירך אריין און גאָר ניט וויסען, אז דער טויט לויערט אויף איהם... כאַ, כאַ... אָט באַלד, ווי  ג ע י נ אָ ר  וועט צום טהיר פון קירך צוקומען... הע, הע, אַלץ אוועק, אַלץ...

ט אָ ם  מ אָ ר פ י ן  האָט זיך א טאַפּ געטהאָן די קעשענע... עס האָט איהם א בריה געטהאָן אין די פינגער... ער האָט זיך דערמאָהנט, אז אזוי האָבען די פינגער זיינע אויפגעציטערט, ווען ער האָט דאָס טויט הענטעל פון זיין פּלוצלונג געשטאָרבענעם קינד באַריהרט...

— אָבער פאַרוואָס האָבען זיי איהם געזאָגט, אז ער איז משוגע?... ווערים... לאָזען זיך טרעטען און הונגערען... הונגערען... ג ע י נ אָ ר  האָט זיי ארויסגעוואָרפען פון פאַבריק, זיינען ארום די אויגען זייערע געלע רעדער געוואָרען, און עס שלאָגט א שוויים פון זיי... און זיי, גאָר נישט... ווערים...

— סטרייקען וועט איהר? איך וועל אייך צושיסען ווי די הינט!

ט אָ ם  מ אָ ר פ י ן  געדענקט די ווערטער פון  ג ע י נ אָ ר׳ן  זעהר גוט. און סוף וואָך האָט דער גרויסער קוימען פון פאַבריק געברומט מעהר ווי אַלע מאָל. און נאָכדעם זיינען די ארבייטער געשטאַנען לעבען פאַבריק מיט די לעצטע שכירות אין די קעשענעס, און גע־רעדט מיט גאַל...

— כאַ, כאַ... און וואָכען אזוי... און איצט נאָך אויך...

כא, כא... ניט מעהר שכירות, — ניט מעהר... געלע רעדער ארום די אויגען און א שוויים אויף די פנים'ער, מעהר ניט... ווערים...

א קלאנג פון קירכען־גלאָקען האָט זיך צוגאָסען איבער ט ר י נ י ־ ד א ד. עס האָבען זיך געעפענט טהירען. און קינדער זיינען פון די גאָניקעס ארויסגעשפרונגען. ט א ם איז אוועק מיט פעסטע טריט צו דער גאַס פון קירך.

—ער'ט קומען מיט זיין זונטאָג'דיגער רוהיגקייט אויפ'ן פנים. געווים אַזוי. ער האָט איהם שוין אמאָל געזעהן אין א זונטאָג. ער האָט איהם איינגעלאדען צו זיך אין הויז. ער, ג ע י נ א ר, האָט איהם, ט א ם מ א ר פ י ן, געוואָלט האָבען פאר א חבר... כא, כא... איז זיך געינאר געזעסען אין זיין האלב־טונקעלען קאבינעט רו־ היג, און רוהיג האָט זיך געשלענגעלט א בלאָהער רויך פון זיין סיגאר. ער געדענקט עס גוט. און ווען ער איז ארוים האָבען איהם געברענט די טריט. ער געדענקט עס. און דורך זיין האנד, וועל־ כע ג ע י נ א ר האָט מיט א געמאכטער חבר'שאפט אָנגענומען ביים געזעגענען זיך מיט איהם, איז דורכגעלאָפען א הייסער ציטער... ער געדענקט עס... ער האָט באלד פארשטאנען... איהם גע־ וואָלט מאכען פאר א שפיאָן... הע, הע, דער רוהיגער רונדער ג ע י נ א ר, דער מיליאָנערסקער אריסטאָקראט, מיט דעם גלאטען, הויכען שטערען און די שארפע גראָהע אויגען, מיט איהם א חבר... געוואָלט איהם פאר א שפיאָן... הע, הע...

ט א ם מ א ר פ י ן האָט באגעגענט א פּאָרעל, וועלכע האָט זיך צו דער גאַס פון דער קירך פארנומען. א מאָדנע מאן און ווייב. ער, א הויכער, א לאַנג אויסגעצויגענער, מיט א קורץ נעזעל און א ברייטע הוט מיט גרויסע ברייטע ראנדען אויפ'ן שפּיציגען קאָפּ; און זי, א קליינינקע, גרייכט איהם קוים ביז די היפטען, א קייל'עכ־ דיגע, מיט א קליינעם היטעלע, און א שווארצען שירעמעל אין די הענד...

טאָם האָט אין זיך א שמייכעל געטהאָן.

ביים ראָג־גאַס פון דער קירך האָט ט א ם זיך פּלוצלונג געפונען אין א גרויסען מענשען שטראָם. פון אַלע ארומיגע גאַסען האָבען

זיך געצויגען מענשען אין קירך אריין. עס זיינען געגאנגען מענער מיט אָפּגעפּוצטע שיך און פרומע טריט, און פרויען, מיט איינ־ציגע ווייסע בלימלאַך און געבעט־ביכער אין שווארצע טאָוועלער אין די הענד, און ארום זיי קינדער, א סך קינדער: איינגלאַך, האַלב שטיפעריש און האַלב סטאַטעטשנע, מיט אָפּגעוואַשענע פּנים׳לאַך, און מיידלאַך קליינינקע, מיט ציכטיגע קליידעלאַך און שעהן פארקאַמטע בלאָנדע הערלאַך. טאַם האָט אראָפּגעלאָזט די אויגען. א סך פון זיי האָט ער געקענט.

— ווערים... פאַר גאָט שטעהען זיי מיט פאַר׳מרה־שחורה׳־טע אויגען, און צו גויינאָר׳ן שמייכלען זיי... ווערים... אָבער היינט... אַלץ אוועק... אַלץ...

טאַם איז אריין אין מענשען־שטראָם און מיט פעסטערע טריט זיך געלאָזען צו דער קירך. נאָר דער גלאָקען־קלאַנג, צו וועלכען ער האָט זיך אַלץ מעהר דערנעהנטערט, האָט איהם מאָדנע געריסען דאָס הארץ. עפּעס האָט דער גלאָק געוויינט... בליפּענ־דיגע קלאַנגען האָבען זיך פון איהם געגאָסען און געפאַלען אין טאַם׳ס הארצען... און אָט האָט דער גלאָק זיך צושריען מיט א בייזער, און די קלאַנגען זיינען געפאַלען שנעל, שנעל, אזוי ווי א האָגעל איבער טאַם מאָרפּין׳ס קאָפּ... גלין־גלאָן, גלין־גלאָן, גלין־גלאָן...

און אָט האָט דער גלאָק גערופען ווי א מאַמע איהרע קינדער, מיט א בעטענד קול... גלי—ן, גלאָ—ן, גלי—ן, גלאָ—ן, גלאָ—ן—ן...

דער גלאָק איז זיך צעגאַנגען אין א סך נאָכקלאַנגען. און נאָך א שווערערע מיעדקייט האָט זיך צוגאָסען אין טאַם׳ס אַלע גלידער. דער שאָטען פון דער הויכער גראָהער קירך אין וועלכען ער האָט זיך געפונען, האָט א ביסעל געקיהלט זיין אָנגעצונדען מאָרך. די בלאַסע פלעמלאַך פון די ליכט, וואָס האָבען ארויסגע־וואונקען דורך דער ברייט־אָפענער טיר פון קירך, האָבען איהם דער־מאָנט עפּעס ליעבעס, שטילעס און צארטעס. טאַם האָט זיך א צאַפּעל געטהאָן און אומבאוואוסט באריהרט די קעשענע, וואו א קאַלט שטיק אייזען מיט הייסען פולווער האָט זיך געטוליעט, און יעדע ווײַלע א צונד געטהאָן זיין קאָפּ און דעם גאַנצען גוף...

— היינט... אלץ אוועק... אלץ... — האט ווידער א בריה געטאן ביי ט א ם מ א ר פ י ן אין הארצען, אבער ס'איז באלד ווידער פארלאשען געווארען...

ג ע י נ א ר איז איהם פארבייגעגאנגען. ער האט איהם געזעהן. אט איז זיין רונדער רוקען, די ברייטע אקסלען. ער דערקענט זיי... א בייזער שנעלער קלאנג איז ארויסגעפאלען פון גלאק... גלין־גלאן!... און גלייך א ווייכער, א טרייסטענדער, מיט אן אומעט און א בענקשאפט...

גלי—ן גלאן — ן — ן...

ט א ם האט זיך אפגעשטעלט. עפעס איז לייז געווארען אין די קני ביי איהם. אין קאפ איז געווארען קאלט. און ניט וויסענדיג, וואס ער טהוט האט ער זיך אראפגעלאזען קניהען צו דער קירך, אזוי ווי אלע ארום איהם, אזוי ווי דער רונדער ג ע י נ א ר, דארטען, נאהענט ביים אריינגאנג אין קירך האט עס געטהאן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען אלע זיינען שוין געווען אין האלב טונקעלען קירך אריין, מיט די אויגען אין די געבעט־ביכער; און ארום זיי האבען געבליצט שוואך די בלאסע פלעמלאך פון די פרומע ליכט און די ווייסע מאנטלען פון די פריסטער, איז נאך ט א ם מ א ר פ י ן געלעגען צוזאמענגעדרעהט אויף די קני מיט'ן קאפ טיף געבויגען צו די מארמארנע טרעפלאך פון קירך. אין הארצען און אין מוח ביי איהם איז אלץ געווארען קיהלער און קיהלער. עפעס האט דארטען געפלאסען א קיהלע פליסיגקייט, ווײלע־ווייז שנעל און שטראמיג, און ווײלע־ווייז לאנגזאם און קלעפעדיג. און די קלאנגען פון קירכען־גלאק האבען געוויגט און געטרייסט:

— אט אזוי, בעסער, בעסער, האסט געוואלט א מענשען אומברײנגען, א מענשליך לעבען, בעסער ניט, בעסער ניט... און אזוי אריינקלינגענדיג איהם אין די אויערען, האבען זיך די גלאקען־קלאנגען אוועקגעטראגען הויך איבער די שטילע זונטאג'דיגע געסלאך פון ט ר י נ י ד א ד. און דארטען זיך מיט דעם גאלדיגען

זון־ליכט צונויפגעגאסען... — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ט א ם  מ אַ ר פ י ן  איז שפּעטער צוגענומען געוואָרען אין שטעטעלשען „מאָרג", וואו מען פארפיהרט טויט־געפאלענע, וועגען וועלכע מען ווייסט ניט, ווער זיי זיינען...

און  ג ע י נ אָ ר  האָט ביים זונטאג־מיטאָג פאר א גאסט ביי איהם, דערציעהלט פון עפּעס א פּלוצלונגען טויטען־פאַל ביי דעם ארייגגאַנג צו זיין קירך...

— עפּעס איינער א טרעמפּ איז פּלוצלונג געשטאָרבען...

# „ב י י ב י"

## 1.

„בייבי" האָט זיך מיט רעכט ערוואָרבען אַן עהרען פּלאַץ אין דער אַמעריקאַנער יוניאָן־וועלט.

„בייבי" — אַ קליין ווייס שפּיעל־הינטעל, מיט אַ ווייס גע־קרויזטען פּודעל־קאָפּ, אַ קליין פּנים'על, און איינגעגראָבענע אבער גלאַנציגע אויגעלאַך.

„בייבי'ס" בעלי בתים, די דזשעקסאָנס, זיינען געווען אַר־בייטער פיהרער אין סיאַטעל. סאַי דער מאַן און סאַי די פרוי דזשעקסאָן, ביי וועמען „בייבי" האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון אַ קינד, זיינען כסדר געווען פאַרנומענע מענשען. זעהר זעלטען זיי־נען זיי געווען אין דער שטילער קליינער היים זייערער. פלעגט „ביי־בי" זיצען אַ גאַנצען טאָג, אויף די הינטערשטע פיסלאַך אויף אַ טיש ביים פענסטער און וואַרטען אויף די בעלי בתים זיינע. „בייבי'ן" איז געווען גוט ביי זיינע בעלי בתים. ער האָט געפיהלט, אַז מען צערטעלט איהם, און אַז מען שפּיעלט זיך מיט איהם ווי מיט אַ קינד.

די דזשעקסאָנס האָבען געוואָהנט אין אַ קליין שטיבעלע, פון עטליכע צימערען, ווייט אַרויס פון די קאָכעדיגע גאַסען. פאַר'ן שטיבעל איז געשטאַנען אַן אַלטער פאַרגאַנדערגעצווייגטער בוים, מיט אַרויסגעשטאַרטשטע וואָרצלען פון דער ערד. און „בייבי" האָט באַטראַכט דעם בוים פאַר זיינעם אַ גרויסען חבר. עפּעס ער און דער בוים בלייבען אליין, ווען די דזשעקסאָנס געהען אוועק אין שטאָדט. ס'האָט זיך ביי איהם אין מוח'ל אויסגעביל־דעט אַ פאָרשטעלונג, אַז דער בוים האָט מיט די בעלי בתים זיינע פּונקט אַזאַ שייכות, ווי ער.

אָט ווייסט ער, אז ווען עס איז הייס, און פון הימעל פאַלט א הייסע ליכטיגע בלאַנקעדיגקייט, און די באַלעבאָסטע בלייבט אין דער היים, טהוט זי זיך אָן א לייכטע קלייד, א ברייטע און א דינע, און זעצט זיך אוועק אונטער׳ן בוים, מיט איהם, מיט „בייבי׳ן״, אין שוים איהרען. „בייבי״ איז דאַן די גליקליכסטע באַשעפעניש אויף דער וועלט. ער נורעט דאָס קעפעל זיינס אין שוים פון דער באַלעבאָסטע, דראַפּעט זיך מיט די פיסלאַך אויף איהר בוזעם, און קייקעלט זיך ארום אויף איהרע קני. בעת אזא שפּיעל זיינעם, האַלט „בייבי״ איין אויגעל האַלב פאַרמאַכט, אזוי ווי ער וואָלט געוואונקען און געבעטען זיך: „ליעב מיך מעהר, מעהר... אָט אזוי וואָלט איך אלע מאָל געוואָלט פאַרברענגען״... „בייבי״ ווייסט אויך, אז אויך דער באַלעבאָס זיינער האָט איהם ליב... דער באַלעבאָס טראָגט איהם אָפּט ארום אויפ׳ן פּלייצע, שטעלט איהם אמאָל אוועק אויף א צווייג פון בוים, און זיך אָפּרו־קענדיג, שרייט ער עפּעס צו איהם, און ער, „בייבי״, ענטפערט איהם אָפּ מיט א פרעהליכער בילעריי, פון וואָס זיי ביידע, ער און דער באַלעבאָס זיינען שטאַרק צופרידען...

דער בוים מיט׳ן קיהלען שאָטען, וואָס עס פאַלט פון די באַ־בלעטערטע צווייגען האָט זיך דערפאַר אין „בייבי׳ס״ מוח׳על אָפּ־געדריקט, אלס דער בעסטער פריינד זיינער. האָט ער זיך מיט׳ן בוים געפיהלט אייגען. און ווען עס פלעגט איהם אויסקומען אין קאַלטע רעגענדיגע טעג זיצען אליין אין שטיבעל און קוקען אין פענסטער, פלעגט ער זיך אזוי ווי דורכשמועסען מיט׳ן בוים.

דער אַלטער גרויסער בוים איז דאַן נאַקעט. קיין בלעטער אויף די צווייגען זיינען ניטאָ. אין דרויסען הענגט א גראָהער הי־מעל, און עפּעס גיסט זיך אין דער גראָהער לופט, וואָס מאכט דעם בוים נאַס, און קאַלט, און אומעטיג. פלעגט „בייבי״ קוקען דורכ׳ן פענסטער אויפ׳ן בוים. אין הערצעל האָט עפּעס גענאָגט, און עס פלעגט זיך איהם בייןקען נאָך דאָס אהיים קומען פון זיינע בעלי־בתים, וועלכע מאכען איהם פיהלען אזוי גוט און אזוי היימ־לאַך...

„בייבי“ פלעגט אזוי אפּויצען גאנצע טעג און אווענדען. ווי נאר די דזשעקסאנס פלעגען ארויס פון הויז אוועקצוגעהן אין שטאדט, אזוי איז „בייבי“ גלייך ארויף אויפ'ן טישעל. ביים פענס־טער, זיך אוועקגעזעצט אויף די הינטערשטע פיסלאך, מיט'ן פּנים אין דרויסען ארויס, און — אנגעפאנגעןווארטען...

אראפּ פון טישעל פלעגט נאר „בייבי“ דאן, ווען ער פלעגט דערשפירען א הונגער, אדער דערהערען עפּעס א שארך, אדער א סקריפּ. ווען ער איז געווארען הונגעריג, האט ער געוואוסט, וואו עס שטעהט דאס אנגעגרייטע עסען פאר איהם, געגעסען האט ער אבער נים. ער פלעגט נאר אראפּ פון טישעל, זיך ארומדרעהען עטליכע מאל ארום דעם טעלער שפּייז, דאס גוט אנשמעקען, און אזוי ווי באשליסענדיג, אז עסען וועט ער, ווען די בעלי־בתים וועלען אהיים קומען, איז ער צוריק ארויף אויפ'ן טישעל ביים פענס־טער. און ווען ער פלעגט דערהערען א שארך, פלעגט זיך איהם באלד איין אויער ארויפקאשערען און אוועקשטעלען אין דער הויך. דאס האט ער זיך אזוי אנגעשטרענגט צו הערען, וואס דער שארך באדייט. ער פלעגט דאן געבען א לייכטען ביל, נאכדעם א ביי־זערען געשריי, און עטליכע מאל זיך ארומדרעהען ארום זיך, און זיך אומקוקען פון אלע זייטען. און ווען ער האט געשפּירט, אז אין דעם שארך איז קיין שום געפאהר ניטא, פלעגט ער זיך מיט דער רעכ־טער פאדערשטער פיסעל א שאר טאן איבער'ן פּנים און זיך וויע־דער פארטראכטען אין פענסטער...

צוויי זאכען האט „בייבי“ נים געקענט פארטראגען ביי זיינע בעלי־בתים: ווען די „וויקטראלא“ האט אין דעם קליינעם ציכ־טיגען שטיבעל געשפּיעלט „כל נדרי“, און ווען עס פלעגט מיט די בעלי־בתים זיינע קומען דער מענשעל מיט די גראבע קורצע הענט...

2.

די דזשעקסאנס זיינען אידען. אבער זיי קומען זיך , זעלטען צוזאמען מיט אידען. ער איז א פּיהרער פון שיף - בוי ארבייטער, און זי, די פרוי דזשעקסאן, איז אן ארגא־

ניזאָטאָרין פון פרויען־אַרבייטערינס. די מענשען, וועלכע זיי קומט אוים צו באַגעגענען, זיינען כמעט דורכאוים קריסטען.

ווייט פון אידען און אידישקייט זיינען די דזשעקסאָנס אויך געווען, ווען זיי האָבען זיך צום ערשטען מאָל באַגעגענט. ער, אפילו אַן אַריבערגעקומענער פון דער „אנדערער זייט“, האָט זיך אָבער באַלד אין גאַנצען אמעריקאַניזירט, אריין אין א געזעלשאַפט פון דורכאוים ניט־אידען. און כאָטש ער געדענקט נאָך, ווי אזוי ער איז געקומען אהער אין לאַנד, און געקומען א אידי־שער בחור׳ל, מיט טאַטע־מאַמען, האָט ער זיך אָבער שנעל אָפּגעריסען פון זיי, פאַרפרעמדט געוואָרען, און אלע זיינע אידישע איבערלעבונגען האָבען איהם גענומען שפּעטער פאָרקומען אזוי ווי ווייטע פאַרגאַנגענע חלומות. זייט די עלטערען זיינע זיינען געשטאָרבען, און ער האָט ניט געדאַרפט מעהר טראַכטען פון העל־פען זיי מיט עפּעס, האָט ער זיך גאָר גענומען פיהלען אָפּגעריסען פון אַלעס, וואָס האָט איהם אמאָל מיט זיי פאַרבונדען. אזוי איז אויך געווען מיט דער פרוי דזשעקסאָן. זי איז נאָך צו דעם געווען א היגע געבאָרענע, און איהרע עלטערען זיינען אויך געווען היגע גע־באָרענע. קיין סך אידישקייט האָט זי אַלזאָ אפילו אין איהרע קינ־דער יאָהרען ניט געזעהן.

דאָס איינציגע, וואָס האָט זיי צוגעבונדען צו אי־דישקייט, און צו זייערע אמאָליגע „אידישע“ יאָהרען, איז געווען דער „רעקאָרד“ פון „כל נדרי“, וואָס זיי האָבען גע־האַט פאַר זייער „וויקטראָלא“. האָט מען אָנגעשטעלט די „וויקט־ראָלא“ מיט׳ן „כל נדרי“ געזאַנג, פלעגט דזשעקסאָן׳ען אנהויבען צופּען דאָס הארץ. עפּעס האָט זיך אויף די ווענט פון שטיבעל דאָן צולעגט א מאָדנער אומעט און א בענקעניש, און עפּעס פלעגט עס מאָדנע קלעמען און וועה טאָן... די פרוי דזשעקסאָן פלעגט עס אויך „צונעהמען“. זי פלעגט דאָן פאַרוואַרפען אָן א זייט איהר בלאָנ־דען קאָפּ און א מאָדנע מיעדקייט פלעגט אַרויסקוקען פון איהרע שטילע פרומע אויגען.

און הערען „כל נדרי“ האָט זיך זיי געוואָלט גאַנץ אָפט. סאָי

ווען זיי פלעגען זיין אליין אין הויז, און סאי ווען עס פלעגען קומען צו זיי געסט, האבען זיי אפט אנגעשטעלט די „וויקטראלא" מיט'ן „כל נדרי רעקארד".

ווען זיי זיינען געווען אליין, פלעגען זיי נאכ'ן אפשפיעלען „כל נדרי", זיך פארנאנדערשמועסען וועגען די פאמיליען זייערע. ער, מר. דזשעקסאן, פלעגט עפעס דערצעהלען פון דער מאמען, און פון אן עלטערע שוועסטער, וועלכע איז איבערגעבליבען אויף דער „אנדערער זייט", און זי, די פרוי דזשעקסאן, פלעגט זיך מאכען פארוואורפען, פארוואס זי פארוואורפט ניט א בריוועל צו טאטע מאמען, אדער כאפט זיך ניט אמאל אריבער „אין דער איסט" צו זיי צו גאסט. פלעגט מען שפילען דעם „כל נדרי רעקארד" פאר געסט, פלעגט נאך דעם ווערען א דיסקוסיע מיט פארגלייכונגען, וועלכער סארט געזאנג עס פארנעהמט מעהר די הארץ. מ'פלעגט דעם „כל נדרי" פארגלייכען מיט אירישע רעליגיעזע פאלקס-לידער, און אזוי פלעגט דער „כל נדרי" אימער אריינברענגען א מאד־נע שטימונג אין הויז.

הויפטזעכליך פלעגט דאס אבער נאטירליך זיין, ווען מאן און פרוי זיינען געווען אליין. פארקומען פלעגט עס געוועהנליך אין די אווענדען, ווען אויף די ווענט פון שטיבעל פלעגען זיך צולעגען שאטענס, און דורך די פענסטער פלעגט אריינווינקען א שטיק דיקע פינסטערניס. דאן ווען פרוי דזשעקסאן פלעגט אנשטעלען די „וויקטראלא" מיט'ן „כל נדרי רעקארד", איז סאי זי און סאי איהר מאן באהערשט געווארען פון א מאדנעם געפיהל. זייער גאנצער רוישיגער און אינטערעסאנטער לעבען, אלס ארבייטער פיה־רער, האט זיי גענומען אויסווייזען, ווי זיי וואלטען זיך גע־טראגען אויף א ווינט אין א גרויסען ברייטען פעלד. יע־דער איז געזעסען פאר זיך און געטראכט, אז די גאנצע ארבייט זייערע וועט זיי קיינמאל ניט ברענגען צו א צופרידענעם אפשטעל; און אז עס זעהט זיך אין דעם ניט קיין שום דערגרייכבארער ציעל...

די שטילע הילפלאז־בעטענדע און יאמערליך־צוואוועהטאגטע

טענער פון „כל נדרי" האבען ווייך אבער צער'דיג געשניטען זייערע הערצער. און זייער נעסט, דאס קליינע שטילע און ציכטיג־אויפגע־ראמטע שטיבעל איז פון דעם „כל נדרי" פול געווארען מיט עפעס א פרומע פורכט און א מאדנע צערטליכקייט און א שטילע פיינליך־זיסע רוה...

„בייבי" האט אבער אזא שטימונג ניט געקענט דולדען. ער פלעגט דערפאר ניט לאזען שפילען אט דעם געזאנג... „בייבי" האט ניט געקענט פארטראגען קיין וויינענדיגע טענער. ער האט אויך ניט געקענט פארטראגען, ווען ער פלעגט אמאל ערגעץ אויפ'ן גאס דערהערען א קינד וויינען. און דערפאר, ווי נאר עס פלעגט זיך דערהערען דער ערשטער טאן פון „כל נדרי", אזוי האט ער שוין ניט געקענט בלייבען רוהיג. ער פלעגט אנפאנגען ארומשפרינגען ארום דער „וויקטראלא", ארום דער באלעבאסטע, און ארום דעם באלעבאס זיינעם, מר. דזשעקסאן, און זיך דראפען מיט די פיסלאך און זיך נאר־רען, און יאמערליך קוויטשען און וויינען. „בייבי'ס" קוויטש איז אלע מאל געווען א דינער, עהנליך צו דאס פיפטשען פון א פויגעלע. די פרוי דזשעקסאן האט איהם טאקי גערופען: „מיין זינג־פויגעלע"... און ווען ער פלעגט זיך צוואוויינען ביים „כל נדרי" שפילען, איז עס ארויסגעקומען, ווי א קינד וואלט זיך צוכליפעט. די דזשעקסאנס האט עס אמוזירט, און אויך די געסט, וועלכע פלעגען קומען צו זיי, פלעגען זיך אמוזירען מיט דעם. פלעגט „בייבי" דאן ארויפשפרינגען אויף דער „וויקטראלא" און מאכען א פאר־זור אפצוהאלטען מיט די פיסלאך דעם „רעקארד". און ווען די „וויקטראלא" איז געווען פארמאכט און די „כל נדרי" טענער זיינען דערפאר ארויסגעקומען נאך וווייכער, נאך בעטענדער, נאך וויינענדער, פלעגט „בייבי" פויקען מיט די פיסלאך אין די טהירלאך פון דער „וויקטראלא". און דאס טהוענדיג, פלעגט ער האלטען דאס קעפעל אומגעדרעהט צו די בעלי־בתים זיינע, און מיט די אויגלאך בעטען: „האט רחמנות: הערט אויף. איהר זעהט דאך, אז איך קען דאס ניט פארטראגען"...

ווען די בעלי־בתים האבען איהם נאכגעגעבען, און אפגעשטעלט

דעם „רעקאָרד" אין מיטען שפּילען, פלעגט „בייבי" דאן צו־שפּרינגען צו זיי, און קושען זיי די הענד דערפאר. און ווען דער „רעקאָרד" איז „אויסגעגאנגען" פון זיך אליין, פלעגט ער ווע־רען ווי צוטומעלט, ניט וויסענדיג, וואָס עס איז געשעהן, מיינענדיג, אז זיין בעטען־זיך האָט גלאָט געהאָלפען. און אָפּוואַרטענדיג א ווײַלע, צו זעהן, צי עס וועט ניט ווידער אָנפאַנגען צו שפּילען, פלעגט ער אוועקגעהן האלב פארשעהמט און האלב שטאָלץ מעשה זי־גער...

ניט איין מאָל איז אויך דער שלאָף פון „בייבי'ן" געווארען איבערגעריסען צוליעב דעם „כל נדרי" שפּילען. טאָמער האָט מען אנגעשטעלט דעם „רעקאָרד", ווען די דזשעקסאָנס זיינען געווען זי־כער, אז „בייבי" שלאָפט, פלעגט זיך אבער „בייבי" פלוצלונג א שטעל טאָן אין דעם ווינקעל, וואו ער איז געלעגען, און זיך אָפּ־טרייסלענדיג דעם וויים געקרויזטען קאָפּ זיינעם, אָנפאַנגען ארומ־שפּרינגען און וויינען ווי א קראַנק קינד, וואָס כאַפּט זיך אויף פון שלאָף דורך א שלעכטען חלום...

און אזוי ווי ער פלעגט וויינען, ווען מ'האָט געשפּילט „כל נדרי", אזוי פלעגט ער ווערען א דערצאָרענטער, ווען עס פלעגט אין שטיבעל אריינקומען „דער מענשעל מיט די גראָבע, קורצע הענד". דער גאַסט, וועמען ער האָט פיינט געהאַט, איז גע־ווען „דאָופּי" פון די מאַשיניסטען. „דאָופּי'ן" האָט „בייבי" פיינט געהאַט אזוי ווי „כל נדרי". נאָר ביי „כל נדרי" שפּילען האָט ער געוויינט, און אויף „דאָופּי'ן" האָט ער זיך גע'כעס'ט און געבייזערט. אזוי שנעל ווי „דאָופּי" פלעגט זיך באווייזען, אזוי פלעגט „בייבי" נעמען לויפען איבער'ן הויז און האווקען און בילען. טאָמער איז געשטאַנען וואו א טעלער מיט אָנגעגרייטע עסען פאַר איהם, פלעגט ער צולויפען צום טעלער, אריבערוואַרפען די פאָדערשטע פיס־לאך און נאָכקוקענדיג „דאָופּי'ס" טריט, מאַכען גוואַלדען. עפּעס האָט ער געפיהלט, אז ווען „דאָופּי" איז אין הויז, מוז ער באַשיצען זיין עסען אפילו... ער האָט איהם ניט געקענט פארטראַגען.

די דזשעקסאָנס און „דאָופּי" אליין פלעגען פון דעם האָבען

שפּאָס. די פרוי דזשעקסאָן פלעגט דאַן זיך פאַרנאַנדערלאַכען אַזוי הארציג, אַז עס פלעגען ארויס געלעכטער־טרעהרען פון איהרע אויגען. אָבער אָפט פלעגט עס זיי אויך פאַרדריסען.

— וואָס הייסט א הינטעל טשעפּעט זיך איין אין א מענשען, וועלכער קומט אָפּט אריין אין הויז?...

אין כעס פלעגט הויפּטזעכליך ווערען מר. דזשעקסאָן. און ער פלעגט „בייבי'ן“ נעהמען טרייבען, און טופּענען אויף איהם מיט די פיס. „בייבי“ פלעגט דאַן לויפען נאָך שוין צו מרס. דזשעקסאָן, און ער איז געווען שטארק צופרידען, וואָס זי פלעגט איהם דאַן ארויסלאָזען פון הויז, אָדער אריינלאָזען אין א צווייטען צימער און פאַרמאַכען די טהיר...

3.

מיט „דאָופּי'ן“ האָבען זיך די דזשעקסאָנס געקענט פון זייער יוניאָן פּאַרקער. ער איז געווען אַלט א יאָהר דרייסיג, א נידעריג־געוואַקסענער מיט ברייטע פּלייצעס, און געהאַט א גרויסען שווערען קאָפּ, מיט א ברייטע מויל און גרויע שפּיטציגע אויגען. זיינע קורצע, דיקע הענד זיינען שטענדיג אראָפּגעהאָנגען ווי שטיקער שווערע אראָפּהענגענדע קלעצער. ער איז אָבער געווען א פרעהליכער און א צוגעלאָזענער, און פון די דזשעקסאָנס האָט ער געהאַלטען א וועלט. ער פלעגט זיך מיט די דזשעקסאָנס צוזאַמענטרעפען ביי די פאַרזאַמלונגען פון דער צענטראַלער יוניאָן קערפּערשאַפט אין סיאַטעל. אַליין איז ער קיין יוניאָן באַאַמטער ניט געווען. קיין דעלעגאַט פון זיין מאַשיניסטען יוניאָן אין דער צענטראַל־קערפּערשאַפט איז ער אויך ניט געווען. ער פלעגט זיך אָבער ארומדרעהען ארום יוניאָן באַאַמטע, און איז געווען אַלעמענס „פּאַטריאָט“. די דזשעקסאָנס האָט ער פאַרעהרט מעהר פון אַלעמען. זיי איהם האָבען אויך ליעב געקראָגען. „אָט, א פראָסטער גוטער סאָלדאַט“, פלעגען זיי רעדען וועגען איהם, און זיי זיינען געווען פריינד, און „דאָופּי“ איז געווען אַן איינגעהער ביי זיי אין הויז.

איין מאָל איז „בייבי" געוואָרען אזוי דערצאָרענט אויף „דאָופּי'ן", אז ער האָט איהם א שטאַרקען בים געטאָן אין האַנט. „בייבי" האָט דערפאַר געכאַפּט קלעפּ פון זיינע בעלי־בתים. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס זיינע בעלי בתים זאָלען איהם שלאָגען. די פרוי דזשעקסאָן האָט עס נאָכהער פאַרדראָסען, און ווען „דאָופּי" איז געווען אהיים געגאַנגען און „בייבי" איז נאָך אלץ געלעגען אין ווינקעל א שטילער און א צואוועהטאָגטער, זיינען פרוי דזשעקסאָנ'ס אויגען ווײלע־ווייז פול געוואָרען מיט טרעהרען, צו־ליעב „בייבי'ס" שלעכטען טאָג...

און די דזשעקסאָנס האָבען דאן גערעדט צווישען זיך:

— וואָס קען דאָס זיין? פאַרוואָס האָט „בייבי" אזוי פיינט „דאָופּי'ן"?...

זיי האָבען עס אָבער אָנגענומען פאַר גלאַט א מאָדנעם צופאַל. נאָר פון זינען איז עס זיי ניט אַרויס. און זיי האָבען ניט קלעהרענדיג אָנגעפאַנגען נעהענטער זיך צוקוקען צו „דאָופּי'ן".

און אזוי קוקענדיג האָבען זיי דערזעהן מאָדנע שטריכען אין דאָופּי'ס פּנים, עפּעס אזעלכע, וועלכע שטויסען אָפּ. און אין זיין האַל־טונג האָבען זיי אָנגעפאַנגען שפּירען א מאָדנעם פאַרדאַכט. וואָס אזוינס, האָבען זיי ניט געוואוסט, נאָר עפּעס, וואָס האָט זיי ניט געקענט געפעהלען... זיין גאַנג האָט זיי אויך גענומען אויס־קוקען מאָדנע. און אין זיין אָפּטען געלעכטער'ל האָבען זיי אָנגעפאַנ־גען זעהן עפּעס מיאוס'עס, עפּעס להכעיס'דיגעס... עפּעס האָט זיין געלעכטער זיי אָנגעפאַנגען קלינגען ווי מען וואָלט געריסען שטי־קער בלעך...

די פרוי דזשעקסאָן האָט אפילו אָנגעפאַנגען מורא האָבען פאַר איהם. און כאָטש „דאָופּי" איז נאָך אלץ געווען אן איינגעהער ביי זיי, און זיי האָבען איהם גאָרנישט געלאָזען מערקען פון עפּעס אן ענדערונג, האָט זי אָבער דאָך שווין אויסגעמידען צו בלייבען מיט איהם אליין... אז זי האָט טאקי מורא, האָט זי ניט געוואָלט צולאָזען צו זיך דעם געדאַנק. פרוי דזשעקסאָן איז ניט פון די פרויען, וועלכע האָבען מורא, נאָר אז זי פיהלט אן עקעל צו איהם — דאָס האָט

זי אָפּגעמאכט ביי זיך... עפּעס האָט ער איהר גענומען אָפּשטוי־
סען...

און איהם, מר. דזשעקסאָן, אויך.

אָבער זיך אָפּקעהרען פון איהם אין גאַנצען האָבען זיי ניט געקענט, וואָרים וואָס האָבען זיי אין דער אמת׳ן צו איהם?... און אז „בייבי” האָט איהם פיינט, איז וואָס?...

די דזשעקסאָנס האָבען דערפאַר צווישען זיך אָנגעהויבען עפטער רעדען וועגען דאָופּי׳ן, און ס׳איז זיי געוואָרען אינטערעסאַנט צו דער־געהן, וואו ער וואָהנט, און וואָס זאָגט די פרוי זיינע, וואָס ער פאַר־ברייגגט זעלטען אין דער היים... ער האָט זיך זיי אָנגעגעבען פאַר א פאַרהייראַטען, און קיינמאָל האָבען זיי ניט געזעהן זיין פרוי און אויך ניט געהערט, אז ער זאָל עפּעס ריידען פון איהר... אמאָל פלעגט ער דערמאָנען אין א געשפּרעך די ווערטער „מיין פרוי”, אבער זעהר זעלטען. פּונקט ווי ער וואָלט מורא געהאַט. און ווי פיהרט ער זיך אויף, ווען ער איז ניט אין זייער געזעלשאַפט? און וואָס ליגט ער אזוי כסדר צווישען אלע ארבייטער פיהרער? פון וואָס טראַכט ער, ווען ער איז מיט זיך? און ארבייט ער? און וואו ארבייט ער? עפּעס האָבען זיי איהם וועגען דעם קיינמאָל ניט געפרעגט. זיי האָבען וועגען דעם גאָר קיינמאָל ניט געטראַכט...

אזוי האָבען די דזשעקסאָנס גערעדט צווישען זיך און אריינגע־וואָרפען ווערטער אויך אין געשפּרעכען מיט אַנדערע. און וואָס מעהר זיי האָבען זיך צוגעקוקט און געפאָרשט וועגען איהם, אלץ ווייניגער איז ער זיי געוועזען געפעהלען...

און ווען מען האָט אין די נאָהענטע קרייזען איין מאָל אָנגע־פאַנגען צו רעדען וועגען שפּיאָנען אין די יוניאָנס, האָבען זיך די דזשעקסאָנס, מאַן און פרוי, אָנגעקוקט איינע די אנדערע און ביי יעדען איז גלייך אריין אין קאָפּ:

„דאָופּי”.

פאַרוואָס — האָבען זיי אקוראַט ניט געוואוסט. עס האָט זיי נאָר א ברען געטאָן אין מוח.

געוועזען איז דאָס ביי א געשפּרעך מיט פריינד אין א קאַפּע

נאך א פארזאמלונג. „דאָופּי" איז דערביי ניט געווען. און אהיים געהענדיג האָבען זיי דעם גאנצען וועג גערעדט וועגען דעם. די פרוי דזשעקסאָן האט געהענדיג זיך געטוליעט צו איהר מאַן'ס אָרים, און יעדע ווײַלע איהם ארײנגעקוקט אין די אויגען מיט א פראגע:

— חבר'ען מיר זיך מיט א שפּיאָן?...

ארײנקומענדיג אין זייער שטיבעל, איז „בייבי", ווי געוועהנ־ליך, זיי געשפּרונגען אנטקעגען, און די פרוי דזשעקסאָן האט זיך דערמאָנט אָן יענעם אווענד, ווען „בייבי" האָט „דאָופּי'ן" א ביס געטאָן, און זי האָט דאָן דעם ליבען שפּיעל־הינטעל איהרען גע־שלאָגען. זי האָט דערפאר גלייך „בייבי'ן" א כאַפּ געטאָן אויף די הענד, און געקוקט איהם אין זיינע קלײנע אויגעלאַך אריין, ווי זי וואָלט געוואָלט אין זיי דערגעהן דעם סוד, צו „דאופּי" איז ווירקליך א שפּיאָן...

„דאָופּי" האָט זיך שפּעטער טאַקי ארויסגעוויזען פאר א שפּיאָן. קיין אויסערגעוועהנליכעס איהם צו קענען אנטדעקען האָט ניט פּאַ־סירט. נאָר זוכענדיג און פאַרשענדיג האָט מען עס אויסגעפונען. און מען האָט זיך אויך דערוואוסט, אז „דאָופּי" איז בלויז איינער פון א גאַנצער חברה, וועלכע שפּינען א נעץ אויף עטליכע ארביי־טער פיהרער...

„בייבי" האָט זיך אזוי ערוואָרבען אן עהרען־פּלאַץ אין דער יוניאָן־וועלט...

# מים אָ'נעיל.

איהר'ט אודאי מיינען, עס איז אַן אויסגעטראַכטע געשיכטע, אויב איך איז עס ליעב, מיינט אַזוי.

אין דער צענטראַלער יוניאָן־קערפערשאַפט פון אינדיאַנאַפּאָ־ליס האָבען אונזערע מענשען איינמאָל פלוצלונג באַמערקט, אַז צו די פערזאַמלונגען קומט אַ מיידעל, וועמען קיינער פון אונז האָט פריהער ניט געזעהן. דאָס ערשטע מאָל איז זי געקומען מיט אַ פאַרשטעהער פון די ברויערי־אַרבייטער. ער האָט זיך מיט איהר ערגעץ באַקענט, און ווערענדיג פאַראינטערעסירט אין איהר, האָט ער אָנגעפאַנגען זיך מיט איהר צו טרעפען, און איהר אויך געבראַכט צו אַ פאַרזאַמלונג פון דער אַלגעמיינער יוניאָן קערפערשאַפט, וואו די טהירען זיינען אָפען פאַר אַלעמען.

זי האָט אויסגעזעהן צו זיין אַ ליבליכע מיידעל, און עס האָט ניט גענומען לאַנג, ביז אַלע אַרבייטער־פיהרער פון שטאָט האָבען איהר אמת ליעב געקראָגען, און זיך מיט איהר גע'חבר'ט. זי האָט זיך פאַר אונז פאַרגעשטעלט אַלס מים אָ'נעיל. און מים אָ'נעיל איז געוואָרען שנעל פּאָפּולער צווישען אונז.

עפּעס איז געווען אויסגעגאָסען אויף איהר אַזאַ האַרציגקייט, אַז מען האָט איהר געמוזט ליעב קריגען.

זי איז טאַקע געווען אַ שעהן מיידעל אויך. איז געווען הויך, שלאַנק און יונג. זי איז געווען אַ בלאָנדע. גאָלדיג בלאָנדע האָר האָט זי געהאַט און אַ צאַרטען ליכטיגען פּנים מיט צוויי ליבע שמייכעלדיגע אויגען. צוויי פון איהרע פאָדערשטע ציינער זיי־נען געווען לענגער פון די אַנדערע. און ווען זי פלעגט לאַכען פלעגען די צוויי לאַנגע ציינער אַזוי ווי אַריבערפאַלען איבער דער אונטערשטער ליפּ, וואָס איז אימער געווען פול־בלוטיג, און אויס־

געזעהן ווי א פרישער קארש. און דאס האט איהר צוגעגעבען א סך חן.

ווער זי איז און פון וואנען זי קומט, איז אונז קיינמאל גאר ניט איינגעפאלען צו טראכטען. זי האט זיך אזוי שנעל איינגע־לעבט מיט אונז, אז מיר האבען פאר איהר זיך מיט גאר ניט באהאלטען. אין אונזער פאליטיק האט זי זיך באטהייליגט אזוי ווי א מאן. זי איז געווען קלוג און געשיקט, און וואס מיר האבען ניט אונטערנומען, איז געווען אין דעם מים א׳נעיל.

געוועהנליך, ווען א פרוי דרעהט זיך אריין אין אונזער גע־זעלשאפט, ווערט זי אונז מיט דער צייט א לאסט. איהר ווייסט דאך אונזערע חברה. פריהער איז אונז א פרוי אינטערעסאנט, און אביסעל שפעטער ווערט זי אונז איבעריג...

אבער ניט מים א׳נעיל. זי איז אונז קיין לאסט קיינמאל ניט געווען. מיר האבען, נאטירליך, קיינמאל ניט פארגעסען, אז זי איז א פרוי, און צוליעב דעם האבען מיר זיך אלע מאל געמוזט אויסהיטען פון געוויסע אויסדרוקען. מיר האבען אבער ניט גע־פיהלט, אז דאס זאל אונז זיין א לאסט. יעדער פון אונז האט געוואלט זיין וואס נעהנטער באפריינדעט מיט מים א׳נעיל, און יעדער האט געוואלט, אז מים א׳נעיל זאל האבען וועגען איהם א גוטע מיינונג. אפט פלעגט זיך גאר אויסדאכטען, אז אהן איהר, אהן דער בלאנדער, ליבליכער מיידעל, וואלט אונזער גאנצע חברה אין אינדיאנאפאלים זיך געפיהלט עלענד, און די גאנצע אר־בייט אונזערע וואלט געווען ניט אינטערעסאנט. וואס דארפט איהר מעהר? עס איז געקומען אזוי ווייט, אז קוים האט זי אויס־געפעהלט ביי א פארזאמלונג, איז געווען אומעטיג. אונזערע מענשען פלעגען גאר ריידען בעסער, ריידען מיט מעהר פייער, ווען זי איז דערביי געווען...

א סך פון אונז האבען פאנטאזירט פון פארפיהרען מיט מים א׳נעיל א ראמאן... ווער קען עס פארדיינקען?... איהר ווייסט דאך, א שעהנע, לאבעדיגע מיידעל, און א „פרייע” דערצו, פאר־וואס ניט?...

אָבער קיינער האָט ניט געוואָגט צו געבען איהר וועלכע עס איז אָנצוהערענישען אויף דעם. יעדער האָט זיך באַצויגען צו איהר מיט רעספּעקט. אַמאָל האָט ווער אַ שטיף געטהאָן מיט איהר; אָבער ווייטער פון פריינדשאַפט און אַן אומשולדיגען שפּאַס איז עס ניט געגאַנגען...

זי איז געווען ביי אונז פאַררעכענט פאַר אַן אייגענע אין דער פאַמיליע פון פיהרער, און מעהר גאָר ניט...

אַזוי זיינען אַוועק אַ פּאָר חדשים צייט, און עס איז געווען אַ אינטערעסאַנטע צייט. מיר האָבען דאָן שטילערהייט אָרגאַניזירט די ארבייטער, וואָס האָבען געשמידט רעדער פאַר אייזענבאַהנען אין אַ פאַבריק, אויסער'ן שטאָדט. די פאַרזאַמלונגען, וואָס מיר האָבען געהאַט מיט די ערשטע גרופּען ארבייטער, האָבען געמוזט זיין אין געהיים, כדי די בעלי־בתים זאָלען זיך ניט דערוויסען און ענטזאָגען זיי פון דער ארבייט. מיר פלעגען די פאַרזאַמלונגען האָבען שפּעט ביינאַכט אין אַ „סאַלון“, לעבען דער פאַבריק. און כדי אונזערע רעדנער זאָלען ניט ציהען אויף זיך קיין אויפ־מערקזאַמקייט, פלעגט זיי מיס אָ'נעיל פיהרען צו דער פאַרזאַמלונג, און קומען זיי אָפּנעהמען...

עס האָבען זיך אָבער גענומען דערטראָגען צו אונז גרוסען, אַז די מענעדזשערס פון דער פאַבריק דערוויסען זיך פון אַלץ, וואָס ווערט פון אונז געפּלאַנט. מיר האָבען גענומען זוכען פון וואַנען זיי דערוויסען זיך, און אימיצער האָט אונז אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז מיר זאָלען אַקאָרשט נאָכפאָרשען די מיס אָ'נעיל...

אָבער ווער האָט עס געוואָלט הערען?... זי, מיס אָ'נעיל?...

אַ חשד אין האַרצען האָט זיך אָבער פאַרט פאַר'גנב'עט, און עס האָט געצופּט און געריסען, ביז מיר האָבען באַשלאָסען איהר וועגען דעם צו זאָגען. דער גורל איז געפאַלען אויף עד. סאַליוואַן, וועלכער האָט איהר אריינגעבראַכט אין אונזער געזעלשאַפט, און מיט וועמען זי פלעגט זיך האַלטען נעהענטער ווי מיט אַלעמען. „עד“ האָט עס איהר געזאָגט אויף אַ קלוגען אַרט. פון אָנפאַנג איז זי אריינגעפאַלען אין אַ היסטעריקע. זי האָט קלינגענדיג און

ניט־נאטירליך געלאכט, און דאן געוויינט, אמת׳דיג געוויינט, ביז זי האט עד׳ן דערצעהלט א מאדנע געשיכטע.

זי האט זיך פארליבט אין א יונגענמאן, און שפעטער איז זי געוואהר געווארען, אז דער געליבטער איהרער איז דער אנפיהרער פון א „דעטעקטיוו ביורא". עד האט איהר שוין אבער געהאט אזוי ארייגענומען אין די הענט, דאס ער האט איהר געצוואונגען צו ווערען א „דעטעקטיוו"... און ער האט עס איהר געשיקט זיך צו באקענען מיט אונז, מיט די ארבייטער־פיהרער, און איהם איי־בערגעבען אלעס וואס מיר טהוען און פלאנעווען. קומענדיג אבער צו אונז, האט זי געפיהלט וואס פאר א ניט זויבערע ארבייט זי טהוט. זי האט זיך באקענט מיט אונזערע מענשען, און איז אין אונז אלעמען באמת פארליבט. זי האט זיך אבער ניט גע־קענט העלפען. זי איז געווען אין א נעץ. און איצט, אז מיר ווייסען שוין, וויל זי, אז מיר זאלען איהר געבען אן עצה, ווי אזוי פטור צו ווערען פון איהר פייניגער...

„עד" האט זי דעמאלט צונויפגעבראכט מיט א גאנצער גרו־פע פון אונז, און מיס א׳נעיל האט די געשיכטע איהרע ווידער־האלט. מיר האבען געזעהן פאר זיך אן אומגליקליכע באשעפעניש, און מיר האבען איהר אלעס געגלויבט. ווען זי האט זיך בא־רוהיגט, האט זי אונז דערצעהלט אלע סודות פון איהר „געליב־טענ׳ס" „דעטעקטיוו ביורא". מיר זיינען מיט איהר אפגעזעסען אין א צימער א גאנצען טאג מיט א נאכט. יענעם מעת־לעת וועט קיינער פון אונז קיינמאל ניט פארגעסען.

נאר מיר, ווי מיר — עד. סאליוואן איז געווען טויט־בלאס און זיינע אויגען האבען מאדנע געפינקעלט. עד. סאליוואן איז טאקע געווען אויף אז אמת׳ן פארליבט אין מיס א׳נעיל, און ער האט גע־האפט, אז פריהער אדער שפעטער וועט ער איהר געווינען. „עד" איז געזעסען פארגליווערט, נאר די אויגען האבען געטאנצט ביי איהם...

מיר האבען געהאט אפגערעדט מיט איהר, אז זי זאל צושטעלען איהר „געליבטען" פאלשע אינפארמאציע און זי האט עס געטהאן.

עטליכע טעג שפּעטער האָט מען געפונען די מים אַ'נעיל אַן ערמאָרדעטע. פאַר אונז איז געווען קלאָהר, אַז דער באַצווינגער איהרער, דער אַנפיהרער פון דער „דעטעקטיוו ביוראָ", האָט עס געטהאָן, נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערוואוסט, וואָס עס איז פאָר־געקומען צווישען איהר און אונז.

א צייט שפּעטער איז אַרעסטירט געוואָרען ער. סאָליוואַן. די „דעטעקטיוו ביוראָ" האָט פּרובירט אויף איהם אַרויפוואַרפען דעם מאָרד־בלבול. אין זיין פאַרטהיידיגונג האָבען מיר געמוזט ארויס־ברייגנען אין געריכט די גאַנצע געשיכטע, און געמוזט אַנווייזען, אַז „עד" איז גראָד געווען פאַרליבט אין מים אַ'נעיל, און געמוזט אויך אַנגעבען פלעצער, וואו „עד" און מים אַ'נעיל פלעגען אָפט פאַרברייגען אליין. „עד" איז אָבער געווען א פאַרהייראַטער, און זיין פרוי איז דערפון געוואָרען אויפגעבראַכט. נאָכדעם, ווען עד איז פריי געשפּראָכען געוואָרען, האָט די פרוי זיינע פאַרלאַנגט פון איהם א גט. און ער האָט עס איהר אויך געמוזט געבען...

האָט איהר, אלזאָ, א יוניאָן־געשיכטע, וואָס קען זיין אַן אויס־געצייכענטע טעמע פאַר א גאַנצען ראָמאַן, צי פאַר א „שונד־ראָמאַן"... ווי איהר ווילט...

# ער האָט זיך אויפגעהאָנגען.

1.

טשייז פּוירקינס איז געווען א באַאַמטער אין זיין יוניאָן עט־ליכע יאָהר. איז געווען באַליעבט ביי אַלע מיטגלידער, כאָטש, ווען ער איז אריין אין אַמט האָט מען שטאַרק געצווייפעלט, צי ער וועט זיך האַלטען לאַנג. וואָרים פריהער איז ער גראד געווען א שטילער, ווייניג וואָס גערעדט, געווען אַלעמאָל אין זיך, און אימער זיך גע־האַלטען אָן דער זייט.

א באַאַמטער איז ער געוואָרען אויף א מאָדנעם אופן. ער איז געווען א נאָכגעהער פון א פריהערדיגען באַאמטען, בוירק מעקפאַר־לאַנד. וואו מען האָט פריהער געזעהן בוירק מעקפאַרלאַנד, האָט מען אויך געזעהן טשייז פּוירקינס. וואו מעקפאַרלאַנד האָט זיך אויפגעזוכט פּוירקינס׳ען, האָט מען כמעט ניט געוואוסט און קיי־נער האָט זיך עס אויך ניט געפרעגט. ס׳איז געווען עפּעס א נאַ־טירליכע זאַך. אָהן פּוירקינס׳ען האָט מען מעקפאַרלאַנד׳ן קיינמאָל ניט באַגעגענט. און דאָס איז געווען גענוג.

טשייז פּוירקינס איז געווען ווי מעקפאַרלאַנד׳ס שאָטען. און פּונקט אזוי ווי א שאָטען איז די אומגעלומפּערטע פּאָטאָגראַפיע פון איינעם, אזוי איז טשייז פּוירקינס געווען אן אומגעלומפּערטע קאָפּיע פון בוירק מעקפאַרלאַנד. הויך און שלאַנק און בלאָנד, ווי עס איז געווען בוירק מעקפאַרלאַנד, מיט אן עדעל רונדען פּנים און גרויסע בלויע אויגען — אזוי איז טשייז פּוירקינס געווען נידעריג געוואַקסען, גראָב אין דער ברייט, מיט אומגעלומפּערטע פּלייצעס און שווערע הענט, א לענגליכען ביינערדיגען פּנים, קליינע, שמאָלע אויגעלאַך און געלע האָר...

ווען בוירק מעקפארלאנד איז געווען פארנומען מיט עפעס, געווען אין א פריוואט קאנפערענץ מיט װעמען, איז טשייז פוירקינס אימער געשטאנען אין דרויסען, ביים טיר. ביי א פארזאמלונג, וואו בוירק מעקפארלאנד איז געווען א רעדנער, א באריכט־אפגע־בער, איז פוירקינס געשטאנען אין א ווינקעל און געווארט. ווען בוירק מעקפארלאנד איז פארטיג געווארען און ארויסגערופען צו־פרידענהייט און צושטימונג, אדער פארקעהרט, געגנערשאפט — פלעגט טשייז פוירקינס נאכדעם צונעהמען זיין העלד מיט הונגע־ריגע אויגען; פלעגט איהם באגעגענען שטיל, מיט א נאכגעביגקייט, און אונטערטהעניגקייט. נאר נאך א ווײלע שטילשטייגען, ווען זיי פלעגען שויןביידע זיין אויף דער גאס, פלעגט טשייז פוירקינס א זאג טהאן אייןווארט:

— „דזשיזוס“!...

און פלעגט דערביי א שפיי טאן.

אמאל איז דער אויסרוף „דזשיזוס“ מיט'ן שפיי געווען מיט ווארימקייט, פון אן אינערליכער צופרידענהייט; און אמאל איז עס ארויסגעקומען אויס כעס, אויס ביטערקייט...

האט זיך אבער געמאכט, אז ארום בוירק מעקפארלאנד האבען זיך גענומען טראגען קלאנגען:

— מעקפארלאנד איז ניט עהרליך...

— לעבט א גוטען טאג מיט בעלי־בתים...

— איז ניט מיט אונז...

— פארקויפט אונז...

די מאסע מיטגלידער האט גענומען אזוי רעדען אליין עפטער און העכער.

טשייז פוירקינס'ען האט עס געקרענקט, פארוואס מען רעדט אזוי וועגען מעקפארלאנד'ען. פלעגט ער דאס הערענדיג, זיך א טרייסעל טאן, א זאג טאן מיט ביטערקייט:

— „דזשיזוס! “

און א שפיי טאן.

ער האט זיך אבער אין דערזעלבער צייט, אויף זיין פראסטען

שטייגער גענומען צוקוקען צו בוירק מעקפארלאנד. און פלוצלונג האט מען אנגעפאנגען באמערקען, אז טשייז פוירקינס נעהמט זיך אפציהען פון זיין פריינד און זיין העלד. פלעגט אפילו צייטענווייז כמעט ווי אין גאנצען פארשווינדען...

---

איין מאל, ווען טשייז פוירקינס איז געקומען צו דער וועכענט־ליכער פארזאמלונג פון דער יוניאן, האט ער געטראפען אן איבער־קעהרעניש. בוירק מעקפארלאנד איז אוועק... אין גאנצען אוועק... און ער וועט זיך שוין מעהר ניט אומקעהרען... אוועק מיט אלץ... ניט איבערלאזענדיג קיין שום שפור פון זיך...

— הייסט עס, ס'איז אמת געווען, וואס מ'האט געזאגט. מ'האט איהם אפגעקויפט, און ער איז אוועק... — האבען די יוניאן מיט־גלידער גע'רעש'ט.

— אפגעקויפט מיט טויזענדער — האט מען גערעדט מיט אויפ־רעגונג.

— מיט א סך טויזענדער — האט אימיצער צוגעלעגט מיט זיכערקייט...

און נאך וואכען פון כעס'דיגע פארזאמלונגען, בייזע אויסגע־שרייען און צופלאמטע געפילדערס, האט מען זיך ארומגעזעהן, אז א פיהרער מוז מען דאך האבען, איז געפאלען א געדאנק — נעהמען טשייז פוירקינס...

— אבער, טשייז פוירקינס?...

— יא. טשייז פוירקינס איז עהרליך.

— ער איז דאך אבער א שווייגער...

— ער'ט זיך אויסלערנען.

— ווער וועט איהם וועלען?

— אלע וועלען איהם וועלען.

ווען מ'האט עס טשייז פוירקינס'ען פארגעלעגט, האט ער גע־ענטפערט קורץ:

— „דזשיזוס"!

און א שארפען שפיי געטאן.

## 2.

ווען טשייז פּוירקינס האָט באַרנומען דעם פּלאַץ פון זיין פריינד מעקפּארלאנד, איז ער די ערשטע צייט געווען הילפלאָז. אבער גראָד זיין הילפלאָזיגקייט איז איהם אנטקעגענגעקומען, און ער האָט אלע מאָל אויסגעפיהרט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט און געדאַרפט. וואָס מעקפּארלאַנד האָט צו זיך אַרויסגערופען אין צוטרויען און עהרווירדיגקייט מיט זיינע שעהנע מאַניערען און שעהנע רייד, האָט טשייז פּוירקינס עס ארויסגערופען מיט זיין פּראַסטקייט און אומ־געלומפּערטקייט.

ארבייטסגעבער האָבען זיך מיט פּוירקינס'ען גערעכענט, פיה־לענדיג אומבאוואוסט, אז דורך איהם רעדט די מאַסע, אָט די, וועלכע ארבייטען ביי זיי; די מיטגלידער ווידער, האָבען אין איהם טאַקע געזעהן אן אייגענעם, אן אמת'ען אייגענעם; און ווידערשפּעניגע, גאָר ווידערשפּעניגע, סאַי בעלי־בתים און סאַי ארבייטער, האָבען געוואוסט, אז מיט טשייז פּוירקינס „טאָר מען זיך ניט שפּילען". ער „גיט א הויב א פּלייצע און דו בלייבסט מיט א צושפּאָלטענער באַק"...

ביסלאַכווייז איז טשייז פּוירקינס אויך געוואָרען א „רעדנער"... האָט ארויסגעברומט האַלבע און גאַנצע ווערטער, האָט די ווערטער צוריסען און צוזאַמענגעלעגט זיי און ווידער צוריסען, ביז עס איז געוואָרען א זאַץ, א געדאַנק, און א גאַנצע רעדע...

און דוקא פון דעם סאָרט רעדעס, האָבען די יוניאָן מעמבערס איינגעזעהן, אז זייער נייער פיהרער איז אָפּענהערציג, דערצעהלט זיי שטענדיג דעם אמת, זאָגט וואָס ער ווייסט און וואָס ער פיהלט. און זיי האָבען איהם אלץ מעהר ליעב געקראָגען.

ער אליין, טשייז פּוירקינס, האָט זיך מאַמענטענווייז ניט גע־פיהלט איבריגנס גליקליך. זיין נייער לעבען האָט איהם כסדר גע־האַלטען אויפגערעגט. אין זיין הוים האָט זיך טאַקע גענומען פיה־לען אביסעל פרייער. די ווייב איז פריהער אַלעמאָל געווען דער־צאַרענט און איז געווען ביטער און קרענקליך. מ'שטיינס געזאָגט,

וואס פאר א לעבען האט ער איהר פריהער געגעבען?... א ביסעל נעארבייט, א ביסעל פארדינט לעבען בוירק מעקפארלאנד, אבער וואס איז פון דעם געווען? און אין דער היים איז ער דאך אלעמאל געווען פרעמד. ערשט חתונה געהאט, און אזא שווער לעבען גלייך געווארען. פאסקודנע געווען. איצט איז זיין לעבען פרייער. פאר־דינט בעסער. די ווייב האט א לוסטיגען קוק און — ס'וועט זיין א קינד אויך... אבער אלע מאל איז איצט אזוי פיעל אויפרעגונג ארום איהם!... ער קען עס ניט באנעמען. און ווער, ווער, ער אליין ווייסט דאך — מ'האט מורא פאר איהם... עס הייסט, אז ער קען געבען א קלאפ און דערפאר ציטערט מען פאר איהם... דערפאר האט מען איהם דאך פאר א באאמטען גענומען... ווארים אויב ניט פאר זיין „שטארקייט", פארוואס דען האט מען איהם ערוועהלט פאר'ן פיהרער?... פוירקינס האט מאמענטענווייז געפיהלט א פיין אין דער נשמה.

---

מיט די יאהרען איז אבער אויך געוואקסען די הערשפאט פון טשייז פוירקינס איבער זיין יוניאן. ס'זיינען געקומען פריהלינגס אין שטעדטעל, און פון דעם דערבייאיגען האדסאן האט זיך געטראגען א פרישע שמעקעדיגקייט פון די פריהלינגס־וואסערען; עס זיינען אנגעקומען זומערס, און די איינוואוינער פון שטעדטעל זיינען אין די פארנאכטען געזעסען אויף די גאניקעס אהן רעק, מיט פארקא־שערטע ארבעל, און אפגעוואשענע האריגע הענד. עס זיינען פאר־ביינעלאפען חשד'דיגע הערבסטען, און די שיפען אויפ'ן האדסאן האבען געברומט מיט א גרויל, און עס זיינען אוועק ווינטערס, ווען פון די פארשנייטע קוימענס אויף די שטיבלאך האט זיך גע־וויקעלט א גראהער רויך איבער די ווייסע דעכער. טשייז פויר־קינס האט אין די אלע זוניגע טעג און פאראומערטע פארנאכטען זיך געהאדעוועט לעבען דער ווייב מיט זייער ליעב קינד און האט אין הערזעלבער צייט אנטוויקעלט זיין הערשאפט איבער דער יוני־אן.

אין די אלע צייטען זיינען אויך געווען סטרייקס און אלערליי

געפילדערס, וואָס דער יוניאָן־לעבען רופט ארויס. טשייז פּוירקינס איז געווען געטריי צו זיינע פליכטען און האָט אין אלע געשעהעניששען געשפּיעלט די הויפּט־ראָלע. געווען איז אין דער צייט אויך גאר א גרויסער גערודער, און פּוירקינס האָט געשפּיעלט א גרויסע ראָלע אין פּארבינדען די יוניאָן מיט גרויסע פּאָליטישענס, אָבער אין דערזעלבער צייט האָט איהם אויך ניט אויפגעהערט צו מאַטערען דער געדאַנק, אז א הויפּט־ראָלע שפּיעלט ער דערפאר, ווייל מען האַלט פון זיינע פלייצעס, וואָס „קענען זיך געבען א הויב און אי־בערלאָזען ביי עמיצען א צושפּאָלטענעם פּנים"... און אָט איז דאָך טאַקי איינער וואָס האָט זיך מיט איהם פּארטשעפּעט צו'ממית'ט געוואָרען!... האָט זיין אייגענע פּראַסטקייט איהם גערייצט און וואָס מעהר ער האָט געוואָלט ארייננעבען אלעמען ארום איהם אַן עדעלערען געפיהל צו זיך, האָט זיך זיין פּראַסטקייט אַנגעזעהן נאָך מעהר... ער איז געווארען אלץ באפעהלענדער, אלץ מעהר הער־שעריש, און די ברומענדיגע ווערטער זיינע, וואָס ער האָט ארויס־געזאָגט, האָבען געגומען פאַלען, ווי א ביטערער סטראַשענען, און דאָס האָט נאָך מעהר פאראורזאכט א שרעקעדיגע באציהונג צו איהם.

דורך דער צורייצטקייט, וואָס האָט זיך געשמאָלצען אין זיין בלוט, האָט טשייז פּוירקינס זיך גענומען ארייננציהען אין זיך, אזוי ווי ער איז געווען אמאָל, איידער ער איז דערהויבען געוואָרען צו זיין אמט. און בלויז מיט דער ווייב האָט ער זיך ווען ניט ווען איבער־געוואָרפען מיט עטליכע ווערטער.

טשייז פּוירקינס פלעגט אהיים קומען שפּעט ביינאַכט, אויסגע־מאַטערט, און פון פארביטערטקייט צו זיך אליין, אויך פאר'שכור'ט. אין דער פריה, פאר'ן אוועקגעהן צוריק אין גאַס, פלעגט ער אפילו ווארטען אויפ'ן פריהשטיק, וואָס די וויב האָט איהם צוגעגרייט. אבער כסדר א שווייגענדיגער, מיט זיין אומגעלומפּערטען קאָפּ צווישען די פעסטע הענט, וועלכע ער האָט געהאַלטען אַנגעשפּארט אויפ'ן טיש.

— מעגסט זיין אביסעל רוהיגער — האָט די וויב אין אזא מאָמענט געפּרואווט איהם זאָגען מוסר.

— זיי ווילן איך זאָל פלעמען, פלעם איך... — האָט טשייז פוירקינס אַלעמאָל געענטפערט אויף אַזאַ מוסר פון דער ווייב, און דאָס האָט געוויזן, אַז ער האָט גענומען אויפכאַפּן אַלץ, וואָס מען רעדט וועגן איהם.

מאַנכע האָבען טאַקע גערעדט פון איהם ווי פון אַ פּראָסטען שלעגער. אַנדערע, ווידער, האָט ער געהערט דערציילן גאַנצע לעגענדעס וועגען זיין גבורה, און זיין געוואַגטקייט, און ווי ער „פלעמט" עם מיט זיינע אייזערנע הענט" די, וועלכע ווילן ניט פאָלגען די יוניאָן...

— א י ך שלאָג? ו ו ע מ ע ן שלאָג איך? און אַז איך שלאָג, איז וואָס? פ א ר ו ו א ס שלאָג איך? הינט זיינען זיי... ווילן ניט קיין יוניאָן... פאַרדאַמטע הינטישע זיהן...

טשייז פוירקינס האָט עס אָפט צו זיך אַליין געברומט, און גע־פיהלט אין דערזעלבער צייט, ווי אַלץ וויגט זיך אַרום איהם... און ער אַליין אויך... און אַז אין האַרצען ביי איהם און אַרום די ליפּען זיינע דרעהט זיך עפּעס אַזאַ מין קרעמפּפען... און ס'ווערט איהם אַ לייכט אין אַלע אברים, אַ שווער... און אין די ברעמען אַרום די אויגען ווערט איהם אַט קאַלט, און אַט הייס...

3.

און ווידער זיינען געקומען פריהלינגס און זומערס, און הערבס־טען און ווינטערס זיינען אַוועק — און אין שטעדטעל ווי אין דער יוניאָן האָבען פּאַסירט אַ סך זאַכען. פריהער זיך סוד'ענדיג און שפּעטער אין דער הויך האָט מען אָנגעהויבען וואַרפען ווערטער:

— געגנוג טשייז פוירקינס!... גענוג!...

— מיר דאַרפען ניט קיין שלעגער!...

וואָרים, די אומשטענדען האָבען זיך געביטען. אין דער אַרבייט זיינען אַריין אַנדערע סאָרטען בעלי־בתים. מ'האָט אָנגעהויבען שמועסען וועגען באַגעגענישען מיט „גרויסע לייט". און די „גרויסע לייט" זאָגען:

— שיקט וועמען, מיר זאָלען קענען רעדען מיט איהם; טשייז פּוירקינס קוקט אויס ווי א „גענג"־פיהרער... א שלעגער...

און נאָך א סך געפּילדערס און שטויסענישען און פּייפערייען און א געשלעג דאָ און דאָרט — האָט זיך טשייז פּוירקינס געפונען, איין פריהמאָרגען, אז ער איז אויס...

ניט מעהר פיהרער...

האָט ער דעם טאָג און אלע טאָג נאָכדעם גע'שיכור'ט און גע־שוויגען...

— עה, טשייזי, האָסט ניט מער קיין בלעכלאַך, הא? — האָט איהם א געוועזענער פריינד איין מאָל געפרעגט, באגעגענענדיג, מיט א שפּאָטישען שמייכעל.

— דזשיזוס!... — האָט פּוירקינס ארויסגעכאָרכעלט און דער־ביי אויסגעשפּיגען...

עס האָבען זיך אָנגעהויבען גאָר פינסטערע טעג פאַר פּוירקינס'ען. אין דער היים האָט די ווייב געפּייניגט ז י ך און א י ה ם, זיצט ער דערפאַר ניט אין שטוב. ארבייטען?...כע־כע, ארביי־טען?... מ'וויל איהם ניט. קיינער וויל איהם ניט! א „גענגסטער"! א שלעגער!... און זיי, די ברידער אליין?... זיי אויך!... אלע איין שווארץ יאָהר!... אלע!... רעדט אזוי טשייז פּוירקינס צו זיך אליין, פארביסען און פארביטערט, און שפּייט, קריצענדיג מיט די ציינער:

— „דזשיזוס!"

---

איז אונטערגעקומען א שווערער ווינטער אין שטעדטעל. שיפען האָבען הייזעריג און מיט רציחה געשריען אויפ'ן האָדסאָן, און שניי־איגע ווינטען האָבען זייערע געשרייען צוטראָגען איבער די שטיב־לאך און שטאהלען, צווישען וועלכע טשייז פּוירקינס האָט זיך ארומ־געדרעהט, מיט א צוריסענעם ראָק און א צוריסענער האַרץ.

— ניטאָ קיין ווארימקייט אין הויז...

— הונגער, אָט וואָס!... דזשיזוס!...

— און דאָס קינד איז דאָך קראַנק!... שוין לאַנג, אַז דאָס קינד איז קראַנק!...

— כע־כע... — איז טשייז פּוירקינס איינמאָל פאַרגאַנגען אין אַ ביטערען געלעכטער, צוקומענדיג צום ברעג פון האָדסאָן, פון וואַנען אַ ווינט האָט איהם געשניטען אין האַרטען פּנים אַריין. דערביי האָט דער ווינט אויך געבראַכט אַ געברום פון עטליכע שיפען, וואָס האָבען מיט זייערע קולות זיך געקריגט מיט'ן ווינט און מיט די שטיקער אייז אויף די וואַסערען.

כע־כע־כע — האָט פּוירקינס ביטער געלאַכט אין ווינט אַריין...

און ווען די קראַנקהייטען האָבען דאָס קינד בלינד געמאַכט,— אַ קליין שוואַך נפש'ל און בלינד!—האָט טשייז פּוירקינס זיך גענר־מען רוקען צום האָדסאָן זעהר אָפט, און אימער געברומט צום שנייאייגען ווינט.

— עי, טשייז פּוירקינס, כע־כע־כע, עי ,בלינד, האַ, בלינד! אַ בלינד קינד האָב איך געקראָגען! — — — — — — — —

4.

אונטער דער צייט האָט טשייז פּוירקינס געקראָגען אויף אַ ווייל א „דזשאָב". ער האָט געשלעפּט קלעצער ביים האָדסאָן. אָבער באַלד האָט ער דעם „דזשאָב" פאַרלאָרען, און איז ווידער געבליבען אָהן ברויט פאַר'ן ווייב און קינד.

נאָר אַ פּאָר מאָל האָט ער באַמערקט די ווייב — — — — — — — שיכור... יאָ, יאָ, שיכור... האָט ער צו זיך אַליין געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. און זי לאַכט גראָב... עס קלינגט איהם איהר געלעכטער אַלע ווײַלע... און ווען זי האָט געזעהן, אַז ער שטעלט אויס אַ פּאָר אויגען אויף איהר, און ווייל עפּעס אויספאָרשען פון איהר, האָט זי איהם גאָר גענומען טרייבען פון הויז... „אימיצער" דאַרף קומען... האָט זי איהם געזאָגט. ווער? — — — אַ בראָך אויף דיר, חיה, דו, אַ סך „אימיצערס" קו־מען און זיי גיבען געלד... פאַרשטעהסט, חיה. דו!...— אַזוי האָט זי איהם געזאָגט, די ווייב זיינע.

דאן האט זיך שוין טשייז פוירקינס מיט די פויסטען אין איי־געגעם הארצען געשלאגען און מיט דער פעסטער האנט דעם איי־גענעם הארטען פנים געצופט.

דאס טאקע?

די ווייב איז אויפ'ן גאס אוועק. כע־כע־כע... „דזשיזוס!"...

ער נים... וועלען אנדערע געבען צום לעבען... און צו שיכור'ען אויך!... א „גאס־פויגעלע" געווארען!.. דזשיזוס!...

טשייז פוירקינס האט איהר דערלאנגט א פלעם איבער'ן קאפ און דאס בלינדע קינד אין זיינע שטארקע ארימס געדריקט...

---

ווען דער ווינטער איז שוין געווען אוועק, און די זון האט אין א פריהמארגען געווארפען א ווארימען גאלדיגען שטראהל אויפ'ן הארסאן, האבען צוויי ארבייטער, וועלכע זיינען געגאנגען מיט בלעכענע קעסעלאך געקעכטס צו זייער טעגליכער ארבייט, דערזעהן אויף קלעצער א מענש מיט א שטריק אויפ'ן האלז...

— טויט?

— יא.

און זיי זיינען א ווײלע געבליבען שטעהן מיט די בלע־כענע קעסעלאך געקעכטס אין די הענד, און צווישען זיי אן אלטע איינגעבויגענע פרוי, מיט שטיקער צוזאמענגעקליבענע האלץ אין איהר פארטוך.

אויפ'ן הארסאן האט זיך צושריען א שיף...

## „טשאַרלי“

איהר טרעפט איהם כסדר ביי דער טהיר פון דעם אָפיס פון דער שטאָהל־ארבייטער יוניאָן אין איינעם פון די פילע שטאָהל־שטעדט־לאַך פון פּענסילווייניע. ווען נאָר איהר קומט אַהין טרעפט איהר איהם דאָרטען. איהר קענט איהם ניט פארבייגעהן. איהר מוזט זיך אָפּשטעלען און אויף איהם קוקען. און קוקט איהר אויף איהם, קענט איהר ניט באשליסען, צי דאָס איז א פיגור אויסגעקנאָטען פון וואקס, אויסגעגאָסען פון בראָנז, אויסגעהאקט פון שטיין, אָדער אויסגעשמידט פון אייזען. א מאָדנע באשעפעניש זעהט איהר.

ער איז הויך, אויסערגעוועהנליך הויך און דאַר. זיינע אַקסלען זיינען אבער ברייטע, און די ברייטע אַקסלען מיט דער פלאַכער ברוסט מאַכען דעם איינדרוק ווי עס וואָלט געשטאַנען א ברעט, אָדער א ברייטע שטיק בלעך. זיינע הענד און פיס זיינען לאַנגע, און עס דאַכט זיך, אז עס איז ניטאָ קיין אונטערשיעד צווי־שען זיי. די הענד האָבען געקענט דינען פאר פיס, און די פיס האָבען געקענט דינען פאר הענד... די הענד הענ־גען ביי איהם אַראָפּ, אזוי ווי זיי וואָלטען מיט עפּעס געווען צוגע־קלעפּט צו די אַקסלען, ניט ארויסגעוואַקסען פון זיי. פון אויבען, ביי די אָריִמס זיינען די הענד דין, אבער פון די עלענבויגענס אַראָפּ זיינען זיי ברייט, ווי ברעטלאַך... די פינגער, ווידער, זיינען אומנאַ־טירליך גראָב, אזוי ווי זיי וואָלטען געווען געשוואָלען... גראָב און געשוואָלען קוקט אויך אויס דער פּנים... גראָב און רונד, אזוי ווי אויפגעבלאָזען. די אויערען זיינען לאַנגע און צוצויגענע, און דער נאָז איז קליין און ארויפגעקאַשערט. די אויגען זיינען גרויסע, נאָר טויטע, אָהן לעבען. עפּעס זיינען זיי פארגליווערט. זיי האָבען

א גראָהען קאָליער, און מען ווייסט קיינמאָל ניט, צי זיי קוקען אויף עפּעס, אדער ניט. מ'קען איבערהויפּט ניט וויסען, צי ער שענקט וועמען אדער וואָס אויפמערקזאמקייט...

און אָט אזוי שטעהט ער שטיל און שטום, מיט א בלאָהליך־פארגליווערטען און פארשוואָלענעם פּנים.

יעדער ארבייטער פיהרער, וועלכער געהט איהם פארביי, באַגריסט אָט די באשעפעניש מיט א באזונדערער סאָרט חבר'שאַפט, און כאָטש קיינער קריגט פון דער באשעפעניש ניט קיין ענטפער, פונדעסטוועגען מאכט מען א מינע, אזוי ווי עס וואָלט יאָ געקומען אן ענטפער. נאָר ווען מען געהט אָפּ א פּאָר טריט זיפצט מען ארויס:

— „פּור טשארלי“...

און אזוי רופען איהם טאָקע אלע שטאָל־ארבייטער:

— „טשארלי דער אומגליקליכער“...

„טשארלי“ איז טויב און שטום. פון וואַנען ער האָט זיך גענומען, ווייסט מען ניט. שטאָהל ארבייטער פון א באשטימטער פאבריק דערצעהלען, אז ווען זיי זיינען אָנגעקומען ארביי־טען, האָבען זיי איהם שוין אין דער פאבריק געפונען. די גאָר עלטערע שטאָהל־ארבייטער פארזיכערען, אז „טשארלי“ איז געבאָרען געווארען אן „אונגעזעצליך קינד“, און די מאמע זיינע האָט איהם, ווען ער איז נאָך אין די וויקעלאך געווען, אין דער פאבריק אריינגעוואָרפען, אימיצער האָט איהם געפונען, איהם א רוף גע־טהאָן: „טשארלי“, און אזוי האָט ער זיך אין פאבריק אויסגעהאָ־דעוועט...

פון דער בראזגעריי אין פאבריק, איז „טשארלי“ פארטויבט גע־וואָרען, און אויך זיין שפּראך איז געוואָרען אָפּגענומען. און אזוי איז ער געוואקסען צווישען די שמעלץ־אויוועננס, שטום און טויב, אָהן אויפפּאסונג און אָהן א פריינדליכען שמייכעל פון וועמען. אר־בייטער פלעגען איהם צוואוואָרפען עפּעס צום עסען, און ער האָט ארומגעפּויזעט ארום די שטאָהלענע שטאנגען און די פייער־שפּרי־צענדע קעסלען, אזוי ווי א חיה'לע, וואָס איז אין דעם רויך פון

פאבריק געבארען געווארען. אין די שטאהל־פאבריקען זיינען דא אויוועגס, פון וועלכע עס רייסען זיך ארויס לענגליכע פייערען, און זיי שוועבען פון איין שמעלץ־קעסעל צום צווייטען. זיי זיינען געצאמטע פלאמען, וואס קענען זיך ניט אוועקרייסען אן דער זייט. זיי ציהען זיך אויף איין ליניע. זיי שוועבען שנעל, און עס מאכט דעם איינדרוק, ווי עס וואלטען געלאפען לאנגע רייהען „פייערדיגע מייז“, און ארום אט די „פייערדיגע מייז“ האט זיך „טשארלי“ געהאדעוועט טעג און נעכט, וואכען און יאהרען, אזוי ווי ער וואלט אליין א פאבריק־מויז אין דעם שטאהל־שטויב געוועזן...

ווען „טשארלי“ איז עלטער געווארען, איז ער אין דער זעלבער פאבריק, אין דעם שטאהל־שטויב, וואו ער האט זיך געהאדעוועט, געווארען א קויהלען־שארער. ער איז שוין איצט אלט א יאהר פערציג, און אלע זיינע יאהרען איז ער אין פאבריק געלעגען. אין דער זעלבער פאבריק. דארטען געארבייט, דארטען געגעסען, דארטען געשלאפען, און דארטען אלעמאל פארבראכט. די שטאהל־פאבריק ווערט קיינמאל ניט שטיל. מען ארבייט דארטען טאג און נאכט; אבער „טשארלי׳ן“ האט עס ניט געקימערט... איז איהם ווען באפאלען א שלאף, מאכט ניט אויס אין וואס פאר א צייט פון טאג, אדער פון דער נאכט, האט ער זיך אנידערגעווארפען שלאפען. עס האט איהם אויך ניט געארט, וואו ער פאלט. וואו ער איז געפאלען, איז ער געשלאפען... און אזוי איז ער אויך געוועזן מיט דער ארבייט. וואו מען האט איהם אוועקגעשטעלט, דארטען האט ער געארבייט...

צי „טשארלי“ קריגט באצאהלט פאר זיין ארבייט, צי ער האט עפעס א באהאלטענעם פארלאנג אויסער דער פאבריק, האט מען ניט געוואוסט, און קיינער האט זיך אויך מיט דעם ניט אינטערעסירט. ווען ניט ווען, פלעגען די ארבייטער זיך מיט איהם לוסטיג מאכען. „טשארלי“ פלעגט זיי אבער דאן פארגליווערט אנקוקען, פלעגען זיי זיך דערשרעקען, און איהם לאזען צורוה...

איז אבער געוועזן א סטרייק פון שטאהל־ארבייטער, א גרויסער סטרייק, און „טשארלי“ האט דערשפירט, אז עפעס אויסערגעוועהנליכעס קומט פאר. וואס, האט ער ניט געוואוסט. נאר אז די פאבריק איז פלוצלונג שטיל געווארען, און די אויוועגס זיינען געווארען

אויסגעלאָשען, האָט „טשארלי“ דערלאַנגט א קוויטש, א ווילדען גע־שריי. אפשר צום ערשטען מאָל, זייט ער לעבט, האָט מען געהערט פון איהם א קול, און ער איז אויך אוועק פון דאָרטען. „טשארלי“ איז אוועק צו דעם פּלאַץ, וואו אלע ארבייטער זיינען אוועק, און עס איז איהם קענטיג געפעהלען געוואָרען. עפּעס זעהט ער די זעלבע ארבייטער, וועלכע ער האָט געזעהן אלע טאָג, אבער עס איז ניט דאָס, וואָס אלע טאָג... „טשארלי“ איז געוואָרען „באַגייסטערט“ פון דעם גאַנצען „אויפטהו“, כאָטש ער האָט גאָר ניט פארשטאַנען, וואָס עס טהוט זיך ארום איהם. און אפשר פארשטעהט ער יאָ?...

א פּאָר מאָל דורכ׳ן סטרייק האָט ער אוועקגעקלעטערט צוריק צו דער פאבריק, וואו ער האָט זיך אלע יאָהרען געהאָרעוועט. און איז פון דאָרטען אימער געקומען א צוטראָגענער... ער איז ארויס פון זיין שטענדיגען ווינקעל; אָפּגעשטעלט בעקאַנטע פּנים׳־ער; און געהייבען די הענד אין דער הויך... ער האָט ניט געקענט ריכטיג איבערגעבען, וואָס עס באַאונרוהיגט איהם... מ׳איז אָבער דערגאַנגען... ער האָט דערזעהן א נייעם מין פויגעל אין געגענט. ס׳איז איהם געווען טשיקאווע. ווען אלע פאבריקען ארום זיין פּא־בריק, און זיין פאבריק גופא, האָבען געארבייט, און דאָס קלאַפּען פון אייזען און שטאָהל האָט זיך געהערט העט ווייט, ווען דאָס גרילצען פון די שמעלץ־קעסלען האָט געריסען די לופט, און גיהנם־פייערען האָבען זיך געשפּיעלט מיט די ווינטען, און דער רויך פון די פאבריקען האָט זיך געקנוילט צום הימעל ארויף, און זיך אראָפּ־לאָזענדיג אויף די בארג־שפּיצען געשטיקט דאָרטען בוים און בלום, בלאַט און גראָז, דאַן זיינען געווען ווייניג פויגלען אין געגענט. די פויגלען האָבען געוויכט פון דאָרטען. און טאָמער האָט זיך דאָרטען באַוויזען א פויגעל, זיינען די פּעדערען פאררויכערטע געווען, און דער פויגעל פלעגט א כריפּענדיגען קרעכץ ארייננשרייען אין דער לופט...

„טשארלי“ האָט עס אלץ באמערקט מיט זיין טונקעלען באַ־וואוסטזיין, ווען ער פלעגט א מאָל פארטאָג ארויספויזענע פון דער פאבריק, אַז א ווינטעל זאָל איהם קיהלען... איצט אָבער, ווען די

פאַבריקען האָבען אויפגעהערט אַרויסלאָזען אַזוי פיעל רויך, און אַרום און אַרום איז געוואָרען שטיל, האָט „טשאַרלי" באַמערקט אַ נייעם פויגעל... עס קוקט אויס אַנדערש... יענער פויגעל, וואָס האָט זיך איינגעלעבט מיט די גיהנום־פייערען, איז פאַרשוואונדען... ער איז אַוועק מיט'ן לעצטען רויך פון די פאַבריק־קוימענס... דער נייער פויגעל איז עפּעס אַזאַ צאַרט בריאה'לע... איז „טשאַרלי" אַוועק צום אָפיס פון דער יוניאָן, וואו עס האָבען זיך געפונען אַלע אַרבייטער, וועלכע ער האָט אַלע מאָל געזעהן, און אויף אַן אומפאַר־שטענדליכען אופן גערופען אַלעמען צו געהן מיט איהם... ער האָט עס אַלעמען געוואָלט וויזען... אָבער, ווען מען האָט איהם מיט „טשאַרלי"ן [illegible] נעם געוויזען, אַז קיינער וועט ניט געהן צו דער פאַבריק, האָט ער זיך גלייך, אין זיין נאַטירליכער פאַרגליווערטקייט, ווידער אַוועקגעשטעלט ביים טיהר פון יוניאָן־אָפיס, און איז געשטאַנען טאָג נאָך טאָג, אָהן אַ צוועק און אָהן אַ ציעל...

ער ווייסט יאָ זיין ציעל... ער היט אַלעמען...

ווען עס ווערט נאַכט, פאַרקלייבט זיך „טשאַרלי" אין אַ ווינקעל פון אָפיס, און שלאָפט דאָרטען איבער. אויך זיינע מאָהלצייטען האָט ער אין דעם ווינקעל פון אָפיס. אימיצער דערלאַנגט איהם אַ שטיק ברויט, פאַרקלייבט ער זיך אין ווינקעל און גריזשעט עס, צור־האַלטענדיג מיט ביידע אומגעלומפּערטע הענט...

די באַאַמטע פון דער יוניאָן, די פיהרער פון סטרייק, די רעד־נער, אַט די, וועלכע „טשאַרלי" זעהט, אַז ווען זיי קומען פּאַטשען אַלע אַרבייטער מיט די הענט, זיי אַלעמען האָט „טשאַרלי" ליעב. ער דערקענט זיי. און ווען זיי געהען איהם פאַרביי, גיט ער זיך אַ צאַפּעל. פיהרער שענקען איהם אַ חבר'שען שמייכעל, — די ערשטע שמייכלען, וואָס „טשאַרלי" קריגט, זייט ער איז געבאָרען געוואָרען...

# דאָס שטעטל

.1

אין מילוואַלי פאַלען שוין די בלעטער. פון'ם דערבייאיגען ריווער, וואָס שפּרייט זיך אַוועק ביז אַ געדיכטען וועלדעל, טראָגען זיך שוין הערבסט־ווינטלאַך. לייכטע נאָך, אָבער ווען זיי קומען אין מילוואַלי אַריין, לאָזען זיי זיך שטילערהייט אַוועק איבער די גאַסען און צופּען אָפּ די בלעטער פון די ביימער. מילוואַלי איז דערפאַר איינגעטונקט אין אַראָפּגעפאַלענע בלעטער. די דעכער פון די שטיבלאַך, די גאַניקעס, די „סיידוואָקס“ אין מיטען גאַס — אומעטום אַראָפּגעפאַלענע בלעטער. אַזוי ווי אָנגעפלויגענע פויגלען, וואָס האָבען די פליגעל פאַרלאָרען. מ'טרעט אויף בלעטער. די ביימער, וואָס האָבען מיט אַזעלכע ברייטע צווייגען אַ גאַנץ זומער געהאַלטען מילוואַלי אונטער אַ גרינעם דאַך, ווערען איצט ליידיגלאַך. די בלעטער רייסען זיך אָפּ און לאָזען זיך פאַרטראָגען. אפילו אויף מעין סטריט, וואו גאָט און מענשען האָבען שותפות געמאַכט, אַז קיין ביימער זאָלען ניט זיין, פלאָנטערען זיך אויך בלעטער אונטער די פיס. זיי קומען אַהין סיי פון „היל“ אַראָפּ, און סיי פון די זייטיגע געסלאַך.

מילוואַלי איז ניט ווייט פון גרויסע שטעט, וואו דאָס לעבען ברומט מיט'ן ברום פון דונערען און לאַכט מיט שטאָלענע געלעכטערס. אָבער די קולות פון די שטעט גרייכען ניט קיין מילוואַלי. פאַר די ברעגען פון מילוואַלי יאָגען זיך פאַרביי צוגען, שטעלען זיך אָפּ, און יאָגען זיך ווייטער. אָבער דעם געפילדער, וואָס די צוגען ברענגען מיט זיך, נעהמען זיי אַליין גלייך צו, כדי עס צו ברייגנען דאָרטען, אין די שטעט, וואוהין זיי יאָגען זיך...

ביי א צווייטען זייט מילוואָלי, לעבען ריווער, וואָס שפּרייט זיך ביז א וועלדעל אוועק, בויט מען שיפען; פּרייכען דאָרטען מאַשינען, און העק שפּאַלטען די לופט, און קלעצער קרעכצען, און שטאַנגען פאַרגעהען זיך אין א שאַרפער בראַזגערייי, און א סך קולות פון מענשליכע ברוסטען הערען זיך. אָבער די שטילקייט אין מילוואָלי צושטערט עס ניט. די קולות צעוואָרפען זיך איבער'ן ריווער און קלינגען אָפּ אין ווייטען וועלדעל. אין מילוואָלי קומען זיי ניט אַריין.

צו מילוואָלי גרייכען אפילו ניט אריין די באַנומענע קולות, וואָס רייסען זיך ארויס פון די קוימענס פון דער באַהן־פאַבריק, וואָס געפינט זיך לעבען דעם שיף־געבוי.

די שטיבלאַך מיט די גאַניקעס אונטער די פאַרצווייגטע בוימער אין מילוואָלי לאָזען זיך זייערע חלומות ניט איבעררייסען. און אויך מעין סטריט לאָזט ניט איהר רוהיגקייט צושטערען.

.2

אין מילוואָלי וואוינען שיף־ארבייטער און באַהן־ארבייטער. די „פּראָסטע" ארבייטער, די וואָס הייצען די אויוועוס אין דער באַהן־פאַבריק, און שלעפּען קלעצער פאַר די שיפען, און לאָדען אויס וועגענער און וואַרפען אָן קויהלען, און געהען צו דער אר־בייט מיט צושפּילעטע העמדער — זיי וואוינען אויף דער זייט מעין סטריט, וואָס פיהרט צום ריווער אוועק, און אין די פאַבריק־געסלאַך אַריין. די „בעסערע" ארבייטער, די וואָס קריגען „ווייד־זשעס" אויפ'ן וואָך און ניט אויף דער שטונדע, און געהען צו דער ארבייט פאַרקעמט און אָפּגעראַזירט, מיט א קוש פון ווייב און קינד אויף די ליפּען — זיי וואוינען אויף דער זייט מעין סטריט, וואו א חוץ בוימער לעבען די שטיבלאַך, זיינען אויך דאָ גערטענדלאַך ביי די גאַניקעס, און פּרוכטען אויף די בוימער־צווייגען קוקען אין די פענסטער אַריין.

גאַנץ מילוואָלי געהט אין דער פריה צו דער ארבייט. אפילו די איינוואויהנער פון „הילל", וועלכע קענען רוהען אין דער וואָ־

רימקייט פון דער זון, אָדער אין שאָטענס פון גערטנער, און זיין זאַט, און געהן אין זייד. די איינוואוינער פון „הילל“ זיינען גאר עלעגאנטער אָנגעטאָן, און די גאַניקעס ביי די שטיבלאך זייערע זיי־נען טאָקי מיט בלומען ארומגעוויקעלט; אָבער צו דער ארבייט געהען אלע פון „הילל“ פאָהרט ווער אראָפּ מיט אן אָטאָמאָביל. וואָרים, דאָרטען וואוינען די אויפפּאסער איבער די ארבייטער, און די איג־נערע געשעפטס־לייט פון מעין סטריט. אויך בעאמטע פון שטעטעל. דער מעיאָר, און דער דזשאָדזש. און עטליכע לאָיערס פון שטעטעל. אָבער פונ׳ם „הילל“ קומען אויך אראָפּ ארבייטער, וועלכע שטעלען זיך ביים ראָג מעין סטריט און רוזוועלט ראָוד, וואו זיי קריגען א קאר, וואָס פיהרט זיי צו דער ארבייט אוועק. דאָס איז די איינציגע קאר, וואָס לויפט אין מילוואלי. זי קומט פון א דערבייאיג שטעטעל דורך רוזוועלט ראָוד, כדי אריינצופאָהרען אין מעין סטריט, מוז זי פארבייפאָהרען דעם „הילל“. שטעלט זי זיך דאָרטען אָפּ אין א באַ־שטימטער צייט ארויפצונעהמען פּאסאזשירען.

די קאָר קומט אָן אין דער זעלבער צייט יעדען פריהמארגען, און אזוי פּינקטליך אויך דורכ׳ן טאָג און פארנאכט, אין דער באַ־שטימטער צייט, ווען זי פאָהרט דורך. די פּאסאזשירען קענען זיך איינע מיט די אנדערע. אויך זיי פאָהרען יעדען טאָג אין איין און דערזעלבער צייט. אלע פריהמאָרגען־פּאסאזשירען קענען זיך און אלע בייטאָג־פּאסאזשירען קענען זיך. נאָר פארנאכט טרעפען זיך אָפּט צוזאמען סיי די פרימאָרגען־פּאסאזשירען, און סיי די בייטאָג־פּאסאזשירען. דאן איז די קאָר געפּאקט. און צוליעב דעם גע־דרענג קומט מען אָפּ מיט שטילע באגריסונגען איינע צו די אנדערע, און יעדער פארנעהמט זיך אין זיין צייטונג.

אין דער פריה איז די קאָר ניט געפּאקט, און די פּאסאזשירען צושמועסען זיך. די, וואָס קומען פון דער דערבייאיגער שטעטעל דורכ׳ן רוזוועלט ראָוד, ווייסען יעדען פריהמאָרגען, ווער עס וועט ארויפקומען אויפ׳ן קאר, ווען זי וועט זיך אָפּשטעלען ביים „הילל“. און אזוי ווייסען אויך די איינוואוינער פון „הילל“, און די שכנים ארום „הילל“, ועמען זיי וועלען טרעפען אויף דער קאר, פון דער

שטעטעל, וואס ליגט אויף יענער זייט רוזוועלט ראוד. באגריסט מען זיך מיט א ליכטיגען פרימארגען שמייכעל, און עס ווערט א שמועס.

— גוד מארנינג דזשאהן דזשיי.

— גוד מארנינג, גוד מארנינג.

און בלעטערענדיג צייטונגען, וואס מ'האט געפונען אויף די גאניקעס, וואו דער „ניוס דיילער" האט זיי איבערגעלאזען, צו־שמועסט מען זיך וועגען די לעצטע „ספארט געימס"; וועגען דעם גרויסען רעגען, וואס איז ביינאכט געפאלען און פארטרונקען וואו א גערטענדעל; וועגען דעם און דעם מיליאנער, וועלכען די צייטונגען באשרייבען; און אמאל אויך וועגען א גרויסען סטרייק איבער'ן לאנד. וועגען דער אייגענער ארבייט — זעלטען.

די אויגען ביי אלעמען זיינען אויסגערוהטע.

אן עלטערער מאן, פון דער שטעטעל אויף דער אנדער זייט רוז־וועלט ראוד, מיט א רונדען פנים און גרויסע פאנסנע־ברילען אנ־געהאנגען אויף א שווארצער שנור, דערצעהלט א וויציגע געשיכ־טע, און עטליכע ארום הערען זיך צו. יעדע ווילע נעהמט ער די פאנסנע־ברילען אראפ פון דער נאז, און דרעהט עס אין האנט, און פאסמאקעוועט זיך מיט זיין דערצעהלען, און ער טהוט זיי ווייטער אן, און דערצעהלט געלאסענער. און די צוהערער שמייכלען, און אמאל צולאכען זיך אלע אויפ'ן קול. און אזוי פיהרט די קאר איהרע פאסאזשירען, ביז — ווער עס געהט שפעטער אראפ אין מיטען מעין סטריט, און ווער עס פאהרט ביז די קאר שטעלט זיך איינגאנצען אפ. די לעצטע געהען ארונטער שוין מיט א ביסעל אנגעצויגענע פנים'ער. מען צושיידט זיך מיט האלבע שמייכלען.

די יונגווארג פון מילוואלי, די מיידלאך און יונגע־לייטלאך, געהען צו זייער באשעפטיגונג שפעטער ווי די טאטעס. זיי אר־בייטען אין די סטארס אויף מעין סטריט, און אין די אפיסעס, סיי אויף מעין סטריט און סיי אין די „יארדס" ביים ריווער. ווען זיי געהען ארויס פון די היימען צו דער ארבייט, שטעהען די מאמעס זייערע אין די גערטענדלאך און ביי די פרוכט־בוימער הינטער די שטיבלאך. די מאמעס קלייבען אפ די אייגענע איינגעזייהטע

„וועדזשעטייבעלס" אין די גערטענדלאַך, און נעהמען אַרונטער די צייטיגע פּרוכטען. די מאַמעס אין מילוואָלי שטעהען אויף גאַנץ פריה, און האַבענדיג אַרויסבאַגלייט די מענער, און פאַרטיג געוואָ־רען מיט דער גאַנצער קליינוואַרג, האָבען זיי נאָך צייט, אין די הויבען און ברייטע פאַרטיכער, זיך צו פאַרנעהמען אין די גערטענד־לאַך. די יונגוואַרג שטעלען זיך דאַן אויף די גאַניקעס, קווטשען אַרויס מיט יונגע קול'כעלאַך:

— באַי, מאַ.

און געהען אַוועק.

די מאַמעס הויבען אויף די קעפּ, קוקען נאָך די טעכטערלאַך און זיהנדלאַך מיט מאַמעשע שמייכלען, און אין די הערצער זייע־רע צולעגט זיך אַ נחת.

אין די געסלאַך באַגעגענען זיך איינעם'ס אַ טאָכטער מיט אַ צווייטענ'ס אַ זוהן, באַגריסט מען זיך מיט זינגענדיגע הערצער און מ'שמייכעלט מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגען, פון דער נעכטען־אָווענדיגער באַגעגעניש...

3.

אַ גאַנצען טאָג האַלט מילוואָלי אין איהר שטילקייט נאָך שטי־לער. די מענער זיינען ביי דער אַרבייט; די ווייבער אין די גערט־נער און אין די שטיבלאַך; די קליינע קינדער שפּיעלען זיך שטיל אויף די גאַניקעס. די פאָרהענגלאַך אויף די פענסטער פון די שטיב־לאַך זיינען אַראָפּגעלאָזען. דער איינציגער גערויש אין די געס־לאַך, איז, אַמאָל אַ פּלוצלונג דורכפאָהרענדער אויטאָמאָביל, און דאַן באַווייזען זיך אין די טהירען פרויען־קעפּ מיט הויבען, צו זעהן, ווער עס רייסט איבער די שטילקייט; אָדער פון אימיצענ'ס אַ דאַך לאָזט זיך אַוועק אַ מחנה טויבען, הערט זיך דאַן אַ לייכטער שאָרשקען אין דער לופט, און די קינדער שפּרינגען נאָך אַ ווײלע.

אויף מעין סטריט איז אויך שטיל בייטאָג. ביזנעס אויף מעין סטריט טהוט מען מעהרסטענס אין די אָווענדען, אָדער שבת נאָכ־

מיטאָג. די גאַנצע ביזנעס, וואָס מעין סטריט טהוט אין מיטען וואָך בייטאָג, איז פון די וויבער פון די אָרימערע געסלאַך. זיי קומען דאַן אהין אויפקויפען מציאות. קיין גערטענדלאַך ביי די שטיבלאַך אין די אָרימע געסלאַך זיינען ניטאָ, ראהמען די וויבער אויף די הייזער, לאָזען איבער די אונטערגעוואָקסענע מיידלאַך אויפצופאַסען אויף די גאָר קליינע, און געהען אויף מעין סטריט. עס הייסט, מ'געהט איינקויפען פאַר „סאַפּער" פאַר די מענער, אָבער אין איין גאַנג קויפט מען שוין אויך אנדערע זאַכען.

קיין גרויסע געראוישען הערט מען ניט אין מילוואָלי אויך אין אָוועגד, ווען אַלע זיינען פריי פון דער ארבייט. א חוץ, וואָס די מענער פיהלען זיך מיעד פון דער בייטאָגיגער ארבייט, איז מילוואָלי אין אָוועגד, אַזוי ווי א פאַרגעסענער פונקט פאַר די צרות פון דער וועלט. מען פאַרגעסט אַפילו, אַז עס איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ זאַך ווי ארבייט, וואָס מען דאַרף פאַר דעם קריגען אַלע וואָך א באַשטימטע געהאַלט. דער הימעל איז אויסגעשטערענט. די צושפּרייטע בוימער שטעהען ווי גרויסע טונקעלע און מאָדנע שמעקעדיגע שירעמס. אין די שטיבלאַך איז האַלב ליכטיג. מענער זיצען אויף די גאַניקעס אין ווייסע „שוירטס". גלייך נאָך דער ארבייט ,געהען זיי דורך די גערטענדלאַך זייערע, און מייסטרעווען עפּעס צו. נאָכדעם וואַשט מען זיך אָפּ, און מען טהוט זיך איבער, און נאָכ'ן סאַפּער זיצט מען אויף די גאַניקעס און מען רויכערט ליולקעס. און דערביי זיצען די וויבער, ווי זיי וואָלטען געווען היטערינס, אַז עס זאָל די מענער קיין שלעכטס ניט געשעהן... איידער עס ווערט פינסטער, בלעטערען די וויבער די ציייטונגען, וואָס די מענער האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך, און זיי פאַרקוקען זיך אויף די מאָדע-בילדער, און בילדער פון פאַמיליען-סקאַנדאַלען, וואָס די צייטונגען דרוקען. און דאַן אָטהעמען זיי שנעל, די וויבער. דער אינטערעס זייערער איז „פאַרכאַפּט"...

אין די אָרימערע געסלאַך שפּיעלען אין די שטיבלאַך פּאַנאָגראַפס אין די אָוועגדען.

די איינוואוינער אויפ'ן „הילל“ לאָזן זיך אין די אָוונטן אַרויס שפּאַצירן. דאָס איז די אַריסטאָקראַטיע פֿון שטעטל. געהן יונגע דאַמען אָנגעטהאָן אין לייכטע קליידער, און די מענער ביי דער זייט געהן אין ווייסע הויזן און זיידענע שוירטס. מאַנכע פֿיהרן הינטעלאך מיט זיך. אין מילוואַלי זיינען דאָ אַ סך הינטעלאך. פֿון אַ סך גאַניקעס קוקן אַראָפּ ווייסע און שוואַרצע הינטעלאך מיט פּודעל־קעפּלאך און אַרומגעשאָרן ביי די שטערנס.

דערפֿאַר אָבער איז כמעט די גאַנצע יונגוואַרג פֿון מילוואַלי אין די ערשטע אָוונד־שטונדן אויף מעין סטריט. עס קומען דאָרטן אויך מאַמעס, וועלכע לאָזן איבער די מענער אויף די גאַניקעס, אָדער ריידען זיי צו, זיי זאָלן געהן שלאָפֿן און אַליין געהן זיי אויף מעין סטריט. אויף מעין סטריט זיינען דאָ „מואווינג פּיקטשור“ הייזער. און אין מאַנכע אָוונדן קומען אַרויס שפּיעלן „לעבעדיגע אַקטיאָרן“, וועלכע טאַנצן און זינגען און זאָגן „דזשאָוקס“. געהט אַהין די יוגענד, און דערוויל בלייבן שוין די ווייבלאך אַ ווייל קוקן אין די סטאָר־פֿענסטער אַריין, און זיי כאַפּן זיך אַריין קויפֿן וואָס עס איז. קומען טאַקע נאָכדעם די ווייבער אַהיים מיט אָנגעקויפֿטע זאַכען. אַמאָל אויך מיט אַ „טאַי“ פֿאַר'ן מאַן און עפּעס אַ „שנירעל“ פֿאַר זיך...

די יונגוואַרג האָט אויך „אַפּאָינטמענטס“ אויף מעין סטריט. אויף ראָג־גאַסן שטעהן זיהנדלאך און פּייפֿן און זינגען אָדער שפּיעלן אויף אַ האַרמאָניקעל. קומען נאָכדעם אָן מיידלאך, עטליכע חבר'טעס צוזאַמען, ווערט דאָן אַ קוקעריי און אַ פֿאַרשטיקטער שמייכלען, ביז די מיידלאך געהען ווייטער אַפּ עטליכע שפּאַן, און שיסן דאָרטן אוים אין אַ געלעכטער...

אויף מעין סטריט צינדען זיך אָן אין די אָוונדן עלעקטרישע לאָמפּן. איז דאָרטן ליכטיג און אויפֿגעלעבט. געהען אַריין מאַמעס מיט טעכטער אויך אין „אייז־קריעם פּאַרלאָרס“ און בחורים'לאך נעהמען אַריין זייערע מיידלאך אויך אין אַ קאַפֿע, נאָך די „מואווינג פּיקטשורס“.

און ווען עס ווערט שפּעטלאַך, און די אויגן נעהמען זיך קלעפּען, און די פייערען אין די סטאַרס נעהמען זיך לעשען, געהט מען צוריק צו די שטילע געסלאַך, אונטער די שווארצע שמעקעדיגע שירעמס, די ביימער, און מען קלייבט זיך אין די שטיבלאַך אריין. פארשפּעטיגטע פּאָרלאַך פון איינעמס א טאַכטער מיט איינעמס א זוהן פאַרשטעקען זיך א מאָל אין א גערטענדעל, אָבער דאָס זיינען חתנים און כלות...

אויפגעלעבט ווערט מעין סטריט ערשט שבת. דאַן קומען אין מילוואלי אריין ארומיגע פאַרמערס. שטעהען וועגען מיט פערד אנגעבונדען אַן שטיינער ביי די ברעגען פון די „סיידוואָקס", און די בעלי־בתים זייערע געהען אין די „סטאָרס" אריין האנדלען.

באַקענטע פארמערס שטעלען זיך אָפּ און כאַפּען א שמועס. ווער וועמען דערצעהלט זיין ביסעל זאָרג, און ווער ביי וועמען שטעלט אָפּ זיין „קריטיק" אויף די שטעטעלדיגע ביזנעסלייט...

.4

גאָר אַן אנדער פּנים קריגט מילוואלי זונטאג. שטיל און פאַרטראַכט ווי די געסלאַך זיינען א גאַנצע וואָך, ווערען זיי נאָך שטילער און פאַרטראַכטער זונטאָג. זונטאָג ציהען זיי זיך איינ־גאַנצען אריין אין זיך. אפילו מעין סטריט איז פרום, אין זיך פאַר־טראַכט. און ווען אין דער פריה צוקלינגען זיך די „טשוירטש"־גלעק־קער, פאַלען די קלאַנגען ווייך אין דער פאַרטראַכטער שטילקייט אריין, און עס דאַכט זיך, אַז די קלאַנגען קומען ניט פון ערגעץ לעבען א הויז ארויס, נאָר זיי גיסען זיך פון הימעל ארונטער. די ערשטע קלאַנגען צוגיסען זיך זונטאָג איבער די אָרימערע געסלאַך. דאַן פאַנגען אַן אָפּצוענטפערען קלאַנגען איבער די געסלאַך מיט די גערטענדלאַך. און שפּעטער קלינגען אין זיי אריין אויך קלאַנ־גען, וואָס ווארפען זיך איבער'ן „היל", און קומען פון דאָרטען אראָפּ זיך צו פאַרברידערען מיט די קלאַנגען פון גאַנץ מילוואלי.

זונטאָג קומט דאַכט זיך ארויס גאָר אַן אנדער זון איבער מיל־

וואלי. צו דער ארבייט געהט מען נאטירליך ניט. די „יארדס" ביים ריווער און די באהן־פאבריק זיינען רוהיג, ווי זיי וואלטען מיט הכנעה זיך צוגעהערט צו די פרומע ווייכע קלאנגען, וואס נידערען אראפ פון הימעל און דערגרייכען זיי מיט שוואכע אפקלאנ־גען. דער ריווער מורמעלט, ווי ער וואלט מיט געבעט גערופען די קלאנגען צו זיך, נעהענטער צו זיך...

אין די ארימערע געסלאך פוצט מען וואו אפ א צלם'ל, וואס הענגט אויף א וואנט, און מאמעס פרעפלען שטיל ביים ארויסבא־גלייטען די מענער און די קינדער אין „טשוירטש" אריין. אויף די גאניקעס אין די געסלאך מיט די גערטענדלאך, באווייזען זיך פארפוצטע קליינע מיידעלאך, מיט ווייסע און ראזעווע שלייפען אין די העל־בלאנדע האר, און ווייסע און ראזעווע קליידלאך מיט ברייטע בענדער ארומגענומען. און לעבען זיי אינגלאך, פאר־קעמט און ארומגעוואשען, מיט בלאהע און פרעהליכע אויגעלאך, און געבעט־ביכלאך אין די הענד. זיי ווארטען אלע אויף טאטע־מאמען צו געהן אין „טשוירטש".

אויפ'ן „הילל" גופא איז קיין „טשוירטש" ניטא. די „טשוירטש" וואו עס געהען די איינוואוינער פון „הילל" געפינט זיך אונטען, ביים צופוסענס פון „הילל", אן דער זייט, אין א גארטען, מיט א געשניצטען אייזערנעם פארקען ארום. קומען אהין די זונ־טאגדיגע פון „הילל", לאנגזאם, מיט פרישע לויכטענדע פנים'ער, און מיט בלומען אין די הענד און אויף די קליידער. און ווען זיי קומען אראפ פון „הילל", און עס קומען זיי אנטקעגען די ווייכע גלאקען־קלאנגען, זעהט עס אויס, ווי א גאנצע פראצעסיע צו א הייליגען פלאץ מיט הייליגקייט אין די הערצער.

ביי די טהירען פון די „טשוירטשעס" שטעהען גלחים מיט לאנגע שווארצע רעק און ווייסע קראגענדלאך ארום די העלזער, און זיי באגריסען די געסט זייערע מיט צארטע בליקען און פרום־איידעלע שמייכלען.

ווען מילוואלי איז אין „טשוירטש", זינגען פויגעלאך ארום די בוימער, און די צווייגען וויגען זיך לאנגזאם, ווי זיי וואלטען גע־

בעטען, אז די ווינטלאך, וואס צופּען אפּ די בלעטער פון זיי, זאלען די בלעטער צוריקברענגען ווען גאָט וועט דעם צווייטען פריה־לינג אויף דער וועלט אויסגיסען.

נאָכ'ן „טשוירטש" שמעקען די שטיבלאך פון מילוואלי מיט זונטאָגדיגע „דינערס", און שכן צו שכן קומען איינע צו די אנדע־רע צו אויף א ווײַלע. אבער מען שטעהט ניט לאנג. די איינ־וואוינער פון מילוואלי זיינען אודאי ניט ברוגז איינע אויף די אנדערע. פארקעהרט, יעדער מילוואלער איינוואוינער איז א פּאַט־ריאָט פון זיינע שכנים. נאָר מילוואלי רעדט לאנג, און שכנים רע־דען היציג צו שכנים, נאָר דאן, ווען עס איז ערגעץ אנאָנסירט, אז מ'וועט ווייזען די לעצטע „רעטוירנס" פון א גרויסען „פּרייז־פייט" ערגעץ וואו אין די גרויסע שטעדט; אדער „רע־טוירנס" פון א „באלל־געים", וועגען וועלכען מען האט זיך אנ־געהערט א סך ביי דער ארבייט. דאן רעדט גאנץ מילוואלי אויף א הויכען קול, אפילו זונטאָג. אנדערש אבער, זעהען זיך טאָקי די שכנים, אבער מען געהט ניט אין די הייזער אויף לאנג.

וואָרים, וועגען וואס איז דען דאָ צו רעדען א סך? מילוואלי וויל וואס ווייניגער האבען צו טאָן מיט דער גרויסער וועלט. עפּעס אזוי ווי פון דעם גאנצען רויש פון דער וועלט האט זיך ערגעץ־וואו אפּגעשטעלט א פּינטעל, און אין אָט דעם פּינטעל לעבען מענשען, און די מענשען האבען ניט קיין הייסע באגערען. אזוי איז מילאָווי.

האט אבער מילוואלי פּאָרט געהאט שטורעמס. און ווען זי האט זיך צואוויגט, האט זי געוואָרפען פון זיך אן אמת'ן גרויל. עדות אויף דעם זיינען צוויי מצבות אויף דער „סעמעטערי".

.5

מילוואלי'ס „סעמעטערי" געפינט זיך אויף דער אנדער זייט „היל". רעכטס פון „רױזוועלט ראָוד" פארנעהמט זיך א ברייטע, ניט פּאַרבויטע גאס, וואס ליגט צווישען גערטנער און פיהרט צום

גלאַטען אויטאָמאָביל־וועג **„וויליאם פּען האיוועי“. און מיט אַט**
דעם גלאַטען אויטאָמאָביל־וועג קומט מען צו דער „סעמעטערי“

מילוואָלי האָט נאָך אַ „סעמעטערי“, אָבער יענע שטעהט „פאַרמאַכט“. מ'נוצט איהר מעהר ניט. זי געפינט זיך אויף אַ בערגעל, וואָס קוקט פון אַ זייט צום „שיפּיארד“, און צו דער באַהן־פאַבריק, וואָס געפינט זיך לעבען ריווער. מלחמה־צייט, ווען דער „שיפּיארד“ האָט געברענט מיט ארבייט, זיינען אין מילוואָלי געווען אַנגעקומען ארבייטער פון „גאַר דער וועלט“. ווי די שטענדיגע איינוואוינער האָבען זיך דאַן אויסגעדריקט. **צווישען זיי זיינען געווען אַ סך סלאַווען.** האָבען די סלאַווען געמיינט, אַז די מלחמה וועט זיין אייביג, און מען וועט זיי דאַרפען אַלע מאָהל, זיינען זיי געקומען קיין מילוואָלי מיט זייערע פרויען און קינדער, און ס'איז געוואָרען אַ נייע „טשוירטש“ מיט אַ נייער „סעמעטערי“. **נאָך דער מלחמה אָבער, זיינען די סלאַווען צופאָהרען.** „מיר האָבען זיי מעהר ניט געדאַרפט“, זאָגען די מילוואָלער איינוואוינער. און אַז די סלאַווען זיינען זיך צופאָרען, איז מיט זיי אויך „מיטגעפאָרען“ די „טשוירטש“ זייערע, און די „סעמעטערי“ האָט זיך „פאַרמאַכט“. די פריהערדיגע „טשוירטש“־שטיבעל שטייט פאַרקלאַפּט. קיינער קומט ניט אהין. און ווען ניט דער צלם, וואָס שטייט אויפ'ן שפּיץ דאַך, וואָלט מען שוין גאַר פאַרגעסען, אַז דאָרט איז אַמאָל געווען אַ „טשוירטש“. דערפאַר אָבער האָט מען שוין אין מילוואָלי אינגאַנצען פאַרגעסען אָן דער סלאַווישער „סעמעטערי“. קיין סך קברים זיינען דאָרט סיי־ווי־סיי קיינמאָל ניט געווען. אויף דעם צעהנדליג קברים'לאַך, וואו עס ליגען סלאַווישע קינדער פון די מלחמה־עפּידעמיעס, זיינען געשטעלט געוואָרען גאַר נידעריגע מצבה'לאַך, און זיי זיינען שוין לאַנג פאַרוואַקסען געוואָרען מיט הויכען זומערדיגען היי, און גלייך צו דער ערד געמאַכט געוואָרען פון הערבסטיגע רעגענס און ווינטערדיגע זאַווארוכעס. רעדט מען מעהר ניט פון דער „סעמעטערי“, און מען ווייסט, אַז אין מילוואָלי איז דאָ בלויז איין סעמעטערי — די אויף דער אנדער זייט „היל“, רעכטס פון „רוזוועלט ראָוד“, אויף „וויליאם פּען האי־וועי“.

פון „הילל“ זעהט זיך די סעמעטערי“ אַן ווי א ווייטער פאַר־חלום׳טער טהאַל, מיט קליינע, ווייסע שטיבעלעך, וואו עס לעבען אודאי רוהיגע מענשען... קיין אומעט ציהט זיך פון דאָרט ניט. ווען די זון בלאַנקט איבער די ווייסע מצבות, איז זייער אָפּשלאָג אויפ׳ן גראָז און צווישען די בוימער, אַזוי ווי גרויסע ווייסע פויג־לען וואָלטען זיך דאָרטען אויסגעשטעלט און וואַרטען אויף עפּעס... אָבער ביי די טויערען פון דער „סעמעטערי“ שפּירט מען יאָ אַן אונהיימליכע שטילקייט. עפּעס א שטילערע שטילקייט ווי עס איז אויפ׳ן גאַנצען שטילען געגענט אויסגעגאָסען. אַזוי ווי שטיל־קייט וואָלט זיך אין שטילקייט באַהאַלטען, און עס רופט ארויס אַן אונהיימליכקייט...

ווארים, עס זיינען אפילו ניטאָ קיין פויגעלאַך אונטער׳ן הי־מעל איבער דער מילוואָלער „סעמעטערי“. קיין צוויטשער ניט צו הערען. אַלטע איינוואוינער פון מילוואָלי פילאָזאָפירען:

— אין די שטעט וואו ציגעל און אייזען שפּאַרען די לופט, מוזען די פויגעלאַך צו די „סעמעטערים“ פליהען. אין מילוואָלי אבער האָבען די פויגעלאַך דעם גאַנצען הימעל פאַר זיך, און אַזוי פיעל זאַפטיגע צווייגען אומעטום, צו וואָס זאָלען זיי אויף דער „סעמעטערי“ זיין?...

דערפאַר צורווישען זיך אָפּט אויף דער „סעמעטערי“ די בוי־מער. ארום די שטיבלאַך און די גאַניקעס און אויף די גערטענד־לאַך אין שטעטעל מעג זיך זיין רוהיג. אויף דער „סעמעטערי“ אָבער צושטרייטען זיך אָפּט ווינטלאַך. וואַרפען זיי די צווייגען, און די בלעטער מורמלען און בייזערען זיך.

— די „וואהיפינג ווילאָוס“ — זאָגען דאָן צו זיך פאַרבייגעהער אָדער באַזוכער אויף דער „סעמעטערי“. — דאָס זיינען די „וואהי־פינג ווילאָוס“...

עס הייסט, אַז די „וואהיפינג ווילאָוס“, די „פּאַרוויינטע ווער־בעס“ זיינען שולדיג אין דעם געמורמעל אויף דער „סעמעטע־רי“...

.6

מעהר ווי צוויי אזעלכע בוימער וואָס מען רופט „וועהיפּינג־ווילאָוס“ זיינען אויף דער „סעמעטערי“ ניטאָ. זיי שטעהען איינער לעבען דעם אנדערען, אָבער ווייט אָפּגערוקט פון די איבעריגע בוי־מער. נאָהענט צו זייערע וואָרצלען געפינען זיך צוויי קברים, און די פאַרוויינטע ווערבעס באַשירמען די קברים. זיי האַלטען איבער זיי אויסגעשפּרייט זייערע אַראָפּגעהאַנגענע צווייגען, און די לאַנ־גע, שמאָלע בלעטלאַך זייערע, וואָס הענגען אַראָפּ אַזוי ווי מיעדע, פאַראומערטע אויגען־דעקלאַך נאָך א סך טרעהרען פאַרגיסען. די „וועהיפּינג ווילאָוס“ שטעהען איבער די צוויי קברים, אזוי ווי פאַר־וויינטע מאַמעס, וואָס שפּרייטען אויס די הענד, קיינעם צו זייערע טויטע קינדער ניט צוצולאָזען...

און אָט די צוויי קברים, אונטער די פאַרוויינטע בוימער, האָ־בען די שטילע מילוואָלי שוין עטליכע מאָל צעוויגט. די שטילע איינוואוינער זיינען דאַן שטאַרק אומרוהיג געווען, און אין זייע־רע הערצער האָט זיך געקליבען שרעק. און איינמאָל האָט אפילו א גרויל אַלעמענס גלידער צוזאַמענגעקרעמפּט...

ווער עס ליגען אין די צוויי קברים, אונטער די „וועהיפּינג ווי־לאָוס“, ווייסט מען ניט גענוי. אויף איין מצבה איז אויסגעקריצט — „מוטער יאָהאַנאַ“, און אויף דער צווייטער — „טאָכטער דאָ־ראָטהי“. די קברים זיינען אַלטע. מען ווייסט נאָר, אַז זיי גע־הערען זיך אָן מיט דעם „אַלטען דזשיימס“, וואָס וואוינט אויפ'ן „היל“, און אַז עלטערע דאַמע, וועמען ער רופט „טאַנטע“ און אַלע קינדער פון „היל“ רופען „טאַנטע“, פּאַסט אויף איהם אויף. עטליכע איינוואוינער פון מילוואָלי דערצעהלען אפילו, אַז מ'האָט ביידע קברים געגראָבען אין איין צייט, וואָס עס מיינט, אַז „מוטער יאָהאַנאַ“ און „טאָכטער דאָראָטהי“ זיינען געשטאָרבען אין איין טאָג. אָבער דאָס, ווייזט אויס, איז ניט מעהר ווי אַן השערה, וואָרים קיינער ווייסט ניט, ווער זיי זיינען געווען, און קיי־נער פון די עלטערע איינוואוינער פון מילוואָלי געדענקט ניט, ווען די לויה איז געווען, און וואָס פאַר א לויה עס איז

געווען. אַלט ווי עס זיינען די עלטערע איינוואוינער פון מיל־וואלי, איז דער „אַלטער דזשיימס" נאָך עלטער. ער איז דין און געבויגען; דער פּנים איז ווייס, ווי די אַלטע האָר אויפ'ן קאָפּ, און אָהן דער „טאַנטע" קען ער שוין אַליין ניט געהן. וועגען די קברים קען מען ביי איהם קיין וואָרט ניט אַרויסקריגען און אויך ניט ביי דער „טאַנטע". אויסגעהאַלטען ווערט דער „אַלטער" פון איינעם, וואָס געהערט זיך אָן מיט דער „שיפּיאַרד" אין שטעטעל, אָבער אַליין קומט ער קיינמאָל ניט אַהין. עס איז דאָ פּאַר איהם שטענדיג געלד אין דער באַנק, וואָס געפינט זיך אויף מעין סטריט. די „טאַנטע" געהט אַהין און קריגט עס, זאָגט מען. מ'שמועסט אויך, אַז דער „אַלטער" זאָל גאָר זיין דער ערשטער, וואָס האָט אָנגע־פאַנגען די „שיפּיאַרד" אין מילוואַלי. אָבער קיינער ווייסט ניט באַשטימט. אחוץ דער „טאַנטע", האָט צו איהם אַ צוטריט בלויז „פאַדהער מילטאָן", דער גלח פון „טשורטש", וואָס געפינט זיך לעבען „הילל". אָבער אויך מיט איהם רעדט דער „אַלטער" ווע־ניג. דער גלח רעדט צו איהם, און ער קוקט איהם שטיל און גוט־מוטהיג אין די אויגען אריין...

„פאַדהער מילטאָן", דערצעהלט מען, האָט איהם שוין איינמאָל געפרעגט ווי אַזוי עס געהערען זיך איהם אָן די צוויי קברים אונטער די „וויהיפּינג ווילאָוס". אָבער זיין ענטפער איז געווען אַ קורצער:

— ניט וויכטיג.

און נאָך אַ קליינער פּאוזע:

— וועט „פאַדהער מילטאָן" מיר מעהר ניט פרעגען וועגען דעם ?...

און „פאַדהער מילטאָן" האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, מיט אַ פרומען ענטשולדיגונגס־שמייכעל אין די אויגען.

.7

דאָס ערשטע מאָל וואָס מילוואַלי האָט אָנגעפאַנגען צו ריי־דען וועגען די צוויי קברים, איז געווען, ווען מ'האָט איינמאָל לע־

בען זיי געפונען ליגן א דערשטיקטען מענשען און א דערשטיקטען הונט לעבען איהם. זיי זיינען ביידע געווען פון דעם „שיפיארד". ביידע „וואטשלייט" געווען. דער מענש, „עמפּטי־סליוו־מעק" — „מעק מיט'ן פוסטען ארבעל", — אזוי האט מען איהם גערופען, ווייל ס'האט איהם געפעהלט א האנד, — און זיין הונט „פוירשי" זיינען געווען באקאנטע „פערזענליכקייטען" אין מילוואלי. איינעם אהן דעם צווייטען האט מען קיינמאל ניט געזעהן. „מעק מיט'ן פוסטען ארבעל" איז געווען א נאכט־„וואטשמאן" אין „שיפיארד", און דער הונט „פוירשי" איז דורך די נעכט אלעמאל געווען מיט איהם. זיי האבען ביידע געוואוינט אין איין „בודקע" — א קליין שטיבעל, גלייך ווי מ'קומט צו צום „שיפיארד".

„מעק מיט'ן פוסטען ארבעל" האבען אלע אין מילוואלי ליעב געהאט. און ער האט אלעמען ליעב געהאט. ער איז אלעמאל געווען גרייט וועמען צו דיענען. בייטאג פלעגט ער ניט האבען וואס צו טהאן אין „שיפיארד". אנדערע „וואטשלייט" געווען. נאר פון די בייטאגיקע „וואטשלייט", האט ער ווענינ וואס געהאלטען, און זיי זיינען געווען די איינציגע אין מילוואלי, וועמען „מעק מיט'ן פוסטען ארבעל" האט ניט ליעב געהאט.

— ניט געטריי... — פלעגט ער מורמלען. — קיינעם ניט געטריי... ניט די ארבייטער, ניט די בעלי־בתים... קיינעם ניט...

אין די טעג פלעגט ער נאכ'ן אויסשלאפען זיך אוועקשפּאצירען מיט „פוירשי'ן", איבער די געסלאך פון מילוואלי, און ברידערליך שמייכלענדיג, אנבאטען די ווייבער הילף אין די גערטענדלאך. און די ווייבער פלעגען זיין אנבאט גערן אננעהמען. אמאל פלעגט וועמעס א ווייב זיך אויך חכמה'נען מיט איהם:

— פארוואס האסטו ניט חתונה, מעק?... וועסט זיך אויפבויען א שטיבעל... וועסט אליין האבען א גערטענדעל... און קינדער אויך... ניט אמת, מעק?...

מעק פלעגט אויף דעם ענטפערען מיט א תם'עוואטען שמייכעל, און מיט זיין איינציגער האנד, וואס איז געווען זעהר פלינק,

א גלעט טהאן זיין „פוירשי׳ן" איבער׳ן קאפּ, ווי ער וואלט איהם פארזיכערט, אז ער וועט איהם אויף קיינעם ניט אויסבייטען...

און אט דעם „מעק מיט׳ן פוסטען ארבעל", און זיין חבר „פוירשי", האט מען איינמאל געפונען דערשטיקטע לעבען די צוויי קברים, אונטער די „וואהיפינג ווילאוס".

מילוואלי האט א לאנגע צייט גערעדט פון דעם. פאר די פּאַ־סאזשירען אויף דער קאר, וואס קומט פון דער אנדערער זייט „רוזוועלט ראוד" און לויפט איבער „מעין סטריט", איז דאס געווען א טהעמע פאר טעג און וואכען. אויך דער מאטארמאן פון דער קאר פלעגט זיך אומקעהרען מיט׳ן פנים צו די פאסא־זשירען און זיך באטהייליגען אין געשפּרעך. אבער גענוי, וואס־ווען, האט מען ניט געוואוסט...

צוליעב דעם האט מען שוין אויך גערעדט עפּטער פון די קברים אליין.

— ווער איז „מוטער יאהאנא" און ווער איז „טאכטער דא־ראטהי"?

— און פון וואנען נעהמט זיך דער „אלטער דזשיימס" אויפ׳ן „הילל"?...

אין יענע טעג פלעגען די מילוואלער מאמעס ניט לאזען די קינדער זייערע אפּטרעטען פון די גאניקעס...

8.

א גרויל איז אבער אריין אין די הערצער פון אלע מילוואלער איינוואוינער פון א צווייטער פּאסירונג ביי די קברים אונטער די „וואהיפינג ווילאוס".

דאס איז געווען, ווען די סלאווען האבען אנגעפאנגען צו קו־מען קיין מילוואלי, און מיט זיי איז אויך געקומען פייערדיגער יוניאניזם, מיט סטרייקס, און א סך ביטערקייט אין „שיפּיארד"...

עס זיינען אויך געווען אנגעקומען אנדערע נאציאנאליטע־טען. איטאליענער, צום ביישפּיעל. אבער די איינגעזעסענע איינ־וואוינער פון מילוואלי האבען אלע „נייע" אנגערופען „דהי סלאווס".

צוערשט האָבען די איינגעזעסענע איינוואוינער די „נייע" אויפ־גענומען מיט אַ ווידערווילען. זיך פאַרהאַלטען פרעמד צו זיי. און דערמיט זיי געוויזען, אַז זיי, די נייע ארבייטער, זיינען „פרעמדע" אין שטעטעל. אָבער עס האָט לאַנג ניט גענומען ביז מ'האָט זיך איינגעלעבט, כאָטש אַ פרעמדקייט איז צווישען זיי אַלעמאָל געבליבען. די „סלאַווען" האָבען זיך באַזעצט אין די אונטערשטע געסלאַך פון שטעטעל, אין אלטע שטיבלאַך, ניט ווייט פון „שיפּיאַרד", וואו זיי האָבען געפיהרט זייער אייגען לעבען און וועניג־וואָס געהאַט צו טהאָן מיט די אַנדערע געסלאַך. אָבער דורך די קינדער אין „סקוהל" און די שבת נאָכמיטאָגס און יום־טובים, וואָס מ'פלעגט זיך צונויפמישען ארום די סטאָרס אויף „מעין סטריט", איז די פרעמדקייט אַביסעל אָפּגעווישט געוואָרען. אין דעם האָבען אויך אַביסעל צוגעהאָלפען די יוניאָנס; אָבער די יוניאָנס האָבען אין דער זעלבער צייט אויך אַרויסגערופען שאַרפע קאָנטראַסטען צווישען די איינגעזעסענע איינוואוינער און די אָנ־געקומענע „פרעמדע".

יוניאָנס האָבען די איינגעזעסענע שיף־ און באַהן־אַרבייטער פון מילוואַלי אויך געהאַט פריהער. עס האָט אָבער קיין אָרט אין זייער לעבען ניט פאַרנומען. נאָכ'ן טאָג ארבייט האָבען די איינגע־זעסענע איינוואוינער וועניג־וואָס געטראַכט פון זייער ארבייט און נאָך וועניגער גערעדט וועגען דעם. צו אַ פאַרזאַמלונג פון דער יוניאָן פלעגט מען געהן נאָך וועניגער ווי צו דער פאַרזאַמלונג פון דער „לאָדזש". מען פלעגט געהן, ווען עס פלעגט זיין עפּעס אויסערגע־וועהנליכעס, ווי אַ צירקולאַר פון דער וויטער שטאָט, אַז מ'דאַרף העכערען די „דיוס" אין דער יוניאָן, אָדער עפּעס אַ יאָהר־צייט פון איינעם פון די ערשטע גרינדער פון דער יוניאָן, וואָס צוליעב דעם פלעגט מען אַמאָל מאַכען גאַנצע צערעמאָניעס, מיט אַ „פּאַדי"...

מיט'ן אָנקומען פון די „סלאַווען" איז פאַרגעקומען אַן איבערקערעניש אין דעם „יוניאָן־לעבען" פון מילוואַלי. די „סלאַווען" האָבען די ערשטע צייט ניט געוואָלט אריין אין די יוניאָנס. פרעמד־

קיט האָט באַשאַפֿען מיסטעריען, און זיי האָבען ניט געוואָלט. זיינען דאָן די איינגעזעסענע איינוואוינער געוואָרען „הייסע" יוניאָן־לייט.

— זיי זיינען געקומען אונזערע לעבענס צוברעכען.

— זיי ארבייטען פאַר ביליג.

— זיי זיינען אונזערע שונאים.

— אָדער ארויס פון מילוואָלי, אָדער אין יוניאָן אריין.

און נאָך אַזעלכע היציגע רייד האָט מען דאָן געהערט ביי די איינגעזעסענע איינוואוינער פון מילוואָלי.

עס זיינען דערפאַר אָנגעקומען יוניאָן־אַגיטאַטאָרס. די „שיפּ־יאַרד" האָט דערפאַר געהאַט „סענסאַציעס". און גאַנץ מילוואָלי האָט פון דעם גערעדט. עס איז אָבער געקומען צו דעם, אז די „סלאָווען" זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען—און עס איז דערפון געוואָרען א נייע איבערקעהרעניש.

די איינגעזעסענע ארבייטער האָבען זיך צוריק אריינגעצויגען אין זייער גלייכגילטיגקייט, און די „סלאָווען" זיינען געוואָרען די „הייסע" יוניאָן־לייט. אונטער דער גלייכגילטיגקייט פון די איינגעזעסענע איז אבער אויך געווען א שטיל ווארטען אויף עפּעס... קלאָהר וואָס, האָט מען ניט געוואוסט. נאָר עפּעס א פאַרבאָרגענער געפיהל איז ערגעץ געווען, אז עס וועט עפּעס געשעהן... די „סלאָווען" וועלען מיט זייער היציגקייט „עפּעס טהאָן", וואָס וועט צורודערען דעם שטילען לעבען אין מילוואָלי...

און עס איז געקומען א סטרייק.

מילוואָלי האָט זיך געוויגט.

דער „היל" האָט זיך אזוי ווי אָפּגערוקט פון שטעטעל, ווי מורא געהאַט צו זיין נאָהענט מיט די געסלאַך, וואו מ'האָט זיך שטאַרק געהיצט וואָרים די מענער פון די געסלאַך. כמעט אלע מע־נער פון שטעטעל, זיינען גאַנצענע טעג אדער אויף די גאַניקעס ארום זייערע שטיבלאַך געזעסען, אָדער אויף מעין סטריט, מיט ליולקעס אין די מיילער ארומשפּאַצירט...

מעין סטריט איז פון אָנפאַנג געווען צופרידען פון אזוי פיעל געסט ארום איהרע „סטאָרס"; אָבער גלייך נאָך די ערשטע צוויי־

דריי טעג האָט מען דאָרטען גענומען קוקען אויף די מענער מיט פאַרדאַכט, און אויף די ווייבער פון די סטרייקער מיט באַדויערען.

אַרום „שיפּיאַרד“ האָבען זיך רערווייל באַוויזען נייע פּנים'ער. צווישען זיי איינינע, מיט בלעכלאַך אויף די ברוסטען און „קלאַבס“ אין די הענד.

— שעריפס — האָט מען געמורמעלט. — צייטונגען שרייבען, אַ גאַנצען טויזענד וועט מען ברענגען...

— הינט! — האָבען אַנדערע בייז גערעדט.

און אין כעס זייענדיג אויפ'ן „שיפּיאַרד“, האָבען די איינגעזעסענע דאָן געקוואָלען, וואָס די „סלאַוועז“ היצען זיך נאָך מעהר. צוליעב דעם האָבען זיי אפילו מורא געהאַט פאַר עפּעס... זיי האָבען אבער אויך געפיהלט, ווי זיי וואָלטען דורך די „סלאַוועז“ באַקומען שוין פון „גאָר דער וועלט“ און זיי מעגען דערפאַר מיט אַלץ זיין זיכער...

די זיכערקייט איז אָבער באַלד פאַרשוואונדען.

איין נאַכט איז גאַנץ מילוואַלי געווען אַרוים אויפ'ן גאַס. מ'איז געלאָפען פון גאַניק צו גאַניק. מענער האָבען האַסטיג אָבער מיט ציטעריגע קני זיך געלאָזען צום „הילל“, און פון דאָרטען צום „וויליאַם פּען האיוועי“, צו דער „סעמעטערי“. ווייבער מיט הויבען אויף די קעפּ און אין ברייטע קימאָנאָס האָבען פון די גאַניקעס אַראָפּגעקוקט מיט די פּנימ'ער צו דער זייט פון „הילל“ געווענדעט, און גערעדט איינע צו די אַנדערע הויך. האָבען גערופען די מענער און געשיקט די מענער, און גערופען און געשיקט די זיהן. איבער די געסלאַך איז געווען אַ טויט־שרעק צושפּרייט.

דער „הילל“ און די נאָהענטע געסלאַך צום „הילל“ האָבען דערהערט מאוים'דיגע קולות זיך טראָגען פון דער זייט פון „סעמעטערי“. אַ הויכער יאָמערדיגער ברומען אַזאַ. איז מען אויף די גאַניקעס אַרוים, און אַזוי פון שטיבעל צו שטיבעל און פון געסעל צו געסעל איז צוטראָגען געוואָרען אַ שרעק, וואָס האָט אַלעמען פון די בעטען אויפגעהויבען און מיט גרויל אַלעמענס הערצער צוקראַמפּט.

עס איז געווען אין אַ סעפּטעמבער נאַכט. מילוואַלי איז געווען באַגאָסען מיט לבנה־ליכט. אַ גאַנצע רונדע לבנה האָט זיך גע־שיפּט איבער די ביימער און דעכער פון מילוואַלי און געגאָסען זילבער־ליכט אויף גערטנער און גאַניקעס. און אין דעם זילבער־ליכט האָבען זיך אויך געאיילט גרופּען מענער פון מילוואַלי צו דער „סעמעטערי“ צו. וואָס נעהנטער זיי זיינען געקומען, אַלץ זיכערער זיינען זיי געוואָרען, אַז דער יאָמערדיגער ברומען קומט טאַקע פון דער „סעמעטערי“, און אַלץ שנעלער זיך געאיילט אַהין. און אונטער'ן לבנה־ליכט אויף דער „סעמעטערי“ האָבען זיי מיט שרעק און גרויל געפונען אַ קערפּער זיך צאַפּלענדיג אין אַ לוזשע קלעפּיגע בלוט, וואָס האָט ווילען־ווייז אַ ווילדען כריפּ מיט אַ יאָ־מערדיגען ברומען ארויסגעלאָזען.

עס איז געווען סימס, דער סטרייק־אַגיטאַטאָר צווישען די „סלאַווען“.

אַלע סמנים פון אַ ווילדען מאָרד.

מ'האָט איהם געפונען ביי די צוויי קברים אונטער די „וועהי־פּינג ווילאָוס“.

ביז מ'האָט איהם אין שטאָדט אַריינגעבראַכט, איז ער שוין געווען מיט פאַרגלאָצטע אויגען, און אַלע פאַדערשטע צייהן איבער דער אונטערשטער ליפּ זיינען שוין געווען פאַרקרימט. אַרום אַ ברייטען שניט אויף דער נאַקעטער, טויט־געלער ברוסט איז געווען שוואַרץ...

מילוואַלי איז די נאַכט אין איהרע שטיבלאַך מעהר ניט אַריין. מ'איז געשטאַנען ביי די גאַניקעס, און אַלעמענס פּנים'ער זיינען געווען געל. מ'האָט זיך דאַן געכאַפּט, אַז די גלאָקען פון די „טשווירטשעס“ קלינגען. אין אויפרודערונג און אין דעם גרויל וואָס האָט אַלעמען ארומגעכאַפּט, האָבען די „פּאַדהערס“ געלאָזען קלינגען די גלאָקען, ווי זיי וואָלטען געוואָלט מיט דעם דערמאָנען, אַז גאָט, אויבען, ווייסט פון אַלץ, און בעט בארוהיגונג ביי אַלע־מען...

.9

דער „שיפּיארד" פון מילוואָלי האָט שוין לאנג אויפגעהערט רוי־שען. די ארבייט איז אָהן ברען. די מלחמה איז אוועק, זיינען פון מיל־וואָלי אויך אוועק די „סלאווען", איבערלאָזענדיג הינטער זיך א פאר־מאַכטע „טשווירטש" און א פארוואקסענע „סעמעטערי". צווערשט האָט זיך געדאכט, אז מיט זיי געהט אויך אוועק דער אָנדענק פון׳ם בלוט, וואָס זיי האָבען איבערגעלאָזען. סימס, דער ערמאָרדעטער סטרייק־אגיטאטאָר איז „זייערער" געווען. און מילוואָלי איז טאקי געקומען צוריק צו איהר אלטען שטילען לעבען אויף די גאניקעס און אין די גערטענדלאך. אָבער אין סעפּטעמבער־נעכט וועבט זיך הינטער דער שטילקייט אן אומרוהה. עס הויבען אָן פאַלען די בלע־טער פון די ביימער, רעדט מען פון די „וואהיפּינג ווילאָוס" אויף דער „סעמעטערי", און מ׳רעכענט דאן אלץ אויס, וואָס ביי די קברים פון „מוטער יאָהאנא" און „טאָכטער דאָראָטהי" איז שוין פאָרגעקומען. דער טויט פון׳ם סלאווישען יוניאָן־אגיטאטאָר ווערט איבערדערצעהלט און איבערדערצעהלט.

די אראָפּגעפאלענע בלעטער אין די געסלאך פון מילוואָלי זעהען אויס ווי פויגלען, וואָס האָבען זייערע פליגעל פארלאָרען...

# מיט די קינדער פון אונטער דער ערד

1.

קויהלען־גרובען פארשליסען זיך. די לעמפלאך אויף די שטע־רענס פון די קויהלען־גרעבער זיינען פארלאָשען. לעצטע פארדומ־פענע קולות הערען זיך אין די גרובען. אין די טיפעגישען פון דער ערד באוועגען זיך שאָטענס, שנעלע שאָטענס. מ'נעהמט גיך די גראָב־אייזענס אויף די אקסלען. אימיצער לאכט זיך פאנאנדער. דער געלעכטער קייקעלט זיך צום ארויסגאנג פון גרוב, און פאלט מיט א פארוואָרפענעם אָפקלאנג אויף צוריק. ווייט, ווייט אין גרוב אריין, וואו עס שטיקט פולוועך און בליי. אימיצער שעלט. דער קול כריפעט פון הארץ ארוים. מ'קוקט זיך אָן שטיל, מיט אונהיימליכע בליקען, און דאָן—לאכענדיג ארוים פון גרוב. א פארנאכטיגער הי־מעל; דאָ און דאָ אָנגעצונדענע וואָלקענדלאך ביי די ברעגען; דאָ און דאָ אָן אָנזאָג אויך אויף רעגען און ווינט; מ'אָטעמט אין זיך אריין א שטראָם לופט; מ'טרינקט מיט די אויגען די געגענט ארום דער גרוב; מ'געהט מיט שטילע און דאָך שאַרפע טריט צו דער ערד...

---

געהען מיר פון קויהלען־פעלד צו קויהלען־פעלד, און פון דעם גערויש פון ציוויליזירטען לעבען לאָזען מיר זיך אוועק אין ערטער, וואו עס איז אָן אייביגער שפיעל פון בייגאכטיגען פחד און זוניגע טרוימעריייען. מיר זיינען אין דער שטיבעל פון טאָני, דעם קויהלען־גרעבער, אין א גרוב לעבען צופלאָמטע פאַבריקען; און אין שטיבעל פון מאַררייי, דעם קויהלען־גרעבער, אין א גרוב אונטער א באַרג, אויף וועמענס רוקען עס פיטערען זיך זיך שעפסען. דערצעהלט אונז

טאַני'ס צופּרעסענער פּנים פון'ם שטויב אין די קויהלען־גרובען, וועגען דער גאַנצער אונהיימליכקייט פון די גערערים פון דער ערד; און מאָררי ווייזט אונז זיינע לעדערנע הויזען, באַפּוצט מיט פרישע שעפּסען־וואָל. און ווען אין טאַני'ס מח וועבען זיך לעגענדעס פון בייזע גייסטער, געהט מאָררי ארום מיט'ן ברייטען פעלטענעם הוט, וואָס פאַרדעקט זיין פאַרברוינטען שטערן, און זיין לעדערנער גאַר־טעל אויף די היפטען איז אָנגעלאָדען מיט רעוואָלווערען. מאָררי איז גרייט צו באַגעגענען די שונאים פון זיין הויז־געזינד אין אָפענער מלחמה...

---

אין טאַני'ס שטיבעל, וואו עס קומען זיך צוזאַמען אַ סך טאַני'ס מיט צופּרעסענע פּנימ'ער פון'ם שטויב אין די קויהלען־גרובען, הע־רען מיר ציטערדיגע געזאַנגען פון מיט פּחד איבערגעפילטע הערצער. די ווייבער זיצען און שאָקלען מיט די קעפּ. די קינדער טוליען זיך אין די שויסען פון די מאַמעס. און די טאַנים דערצעהלען:

...ווען די קויהלען־גרעבער פון קענטאַקי געהען ארויס פון די גרובען און עס באַגעגענט זיי אַ ווינט, געהען זיי ניט גלייך ווייטער. זיי בלייבען שטעהן אין ווינט. ערשט ווען דער ווינט שלאָגט זיי דורך די פּנימ'ער, אזש צום רויט ווערען, ווייסען זיי, אז זיי וועלען אין די נעכסטע טעג קיין אונגליקען אין די גרובען ניט האָבען...

אַ גלויבען אזאַ ביי די, וועלכע גראָבען זיך אין די גערערים פון דער קענטאַקי'ר ערד...

...אין די אינדיאַנאַ־גרובען קומען אין באַשטימטע צייטען „קלאַפּערס"... פּלוצלונג נעהמען זיך הערען פעסטע קלעפּ אין די ווענט פון די גרובען. עס ווערט אַ ווילדע קלאַפּעריי, ווי טויזענט שדים וואָלטען דאָרטען מיט שטעקענס איבער שטעקענס געשלאָ־גען... איז עס דאן אַ שלעכטע בשורה... און ווען די ברידער קויה־לען־גרעבער דערהערען עס, קאָרטשען זיי זיך פון שרעק... איינער זאָגט עס אָן אַ צווייטען, און אַלע פאַלען אויף די קני, און מורמלען תפילות צו גאָט...

און ארום די קויהלען־גרעבער פון אריזאָנאַ שפּינט זיך אַזוי און אַזוי —

...אַ ווילדע קאַץ ווערגט אוים קינדער פון קויהלען־גרעבער, ווען די טאַטעס קומען ניט א צייט־לאַנג אין די גרובען אריין....

און אין די הערצער פון די קויהלען־גרעבער פון וועסט־וויר־דזשיניא זינגט זיך א חלום:

...אַ הויכער מאַן מיט א ברייטער ברוסט, און א לאַנגער ווייסער באָרד, וואַרט ערגעץ הינטער א באַרג, און אין א פּאַסענדען מאָמענט וועט ער מיט זיינע מעכטיגע מוסקעלען פונאַנדעררייסען די קויהלען־גרובען און זיי, די קויהלען־גרעבער פון די טיפענישען פון דער ערד באַפרייען...

שאָקלען די ווייבער מיט די קעפּ, און קינדער טוליען זיך אין די שויסען פון די מאַמעס, און די טאַטעס דערציילען און דערציילען...

.2

לעבען מאַטעוואַן, די שטעדטעל אין וועסט־ווירדזשיניאַ, וואו עס זיינען פאַר־אַ־יאָהרען, און פאַר פינף יאָהרען, און פאַר צעהן יאָהרען פאָרגעקומען גרויסע שלאַכטען צווישען קויהלען־גרעבער און קויהלען־באַראָנען, וועלען שוין איצט מעהר קיין שלאַכטען נ ט פאָר־קומען. די קויהלען־גרוב לעבען מאַטעוואַן פוסטעוועט. קיינער וויל זיך דאָרטען אין דער ערד ניט אראָפּלאָזען. די קויהלען־באַראָנען האָבען שוין דאָרטען אַלערליי סטרייק־ברעכער געבראַכט. געהען זיי ביז דער גרוב — און לויפען באַלד צוריק...

און געהען זיי שוין יאָ פאַר אַ טאָג אין גרוב אריין, קומען זיי שוין אָבער ניט אויפ'ן צווייטען טאָג.

די קויהלען־באַראָנען האָבען שוין אַלץ געטהאָן, די גרוב זאָל ווייטער קויהלען ארויסגעבען. פאַרהאַן דאָרט אויף דורות גאַנצע צו גראָבען. אָבער קיינער וויל מיט דער האַק און לאָמפּע ניט געהן אַהין.

גבורה און שכל קענען מעהר די גרוב ניט באַהערשען...

געגענאיבער דער גרוב, לעבען מאַטעוואַן, עטליכע שפאַן די ווייט, איז דאַ אַ באַרג, א רונדער, בוזיגער באַרג, און אויפ'ן באַרג

איז א „סעמעטערי". אזוי שוין פון יאָהרען און יאָהרען. האָבען די מצבות און די צלמים מיט פאראומערטע בוימלאך געקוקט יעדען פריהמאָרגען אויף די קויהלען־גרעבער, וועלכע לאָזען זיך אין דער גרוב אראָפּ, און אין די פאַרנאַכטען, ווען זיי קומען פון דער ערד צוריק ארויס, און זיי האָבען געשוויגען. די קויהלען־גרעבער האָט עס אויך ניט געקימערט, וואָס זיי „קאָנקורירען" מיט די סקעלעטען אין דער ערד... זיי זיינען געקומען אין די פריהמאָרגענס צו דער גרוב און אין די פאַרנאַכטען זיינען זיי ארויס פון דער גרוב, ניט טראַכטענדיג אפילו, אז דאָרט אויפ'ן שטילען בויכיגען באַרג וועבען זיך אונהיימליכע סודות...

איז אבער צוגעקומען א קליין פריש קבר'ל. ווען מ'האָט די קויהלען־גרעבער געטריבען פון זייערע היימען, דאַן, ווען גרויסע סטרייק־שלאַכטען האָבען זיך אָנגעפאַנגען, איז א קויהלען־גרע־בער'ס קינד געשטאָרבען אויף דער מאַמעס הענט. די קויהלען־גרעבער האָבען דעם קינד א גרויסע לויה געמאַכט, און ווען דאָס קינד איז אַרונטערגעלאָזען געוואָרען אין פרישען קבר'ל אויפ'ן בויכיגען באַרג נעגענאיבער דער קויהלען־גרוב, האָבען זיי א קליין צלמ'ל ביי דעם קבר'ל אוועקגעשטעלט, און דערביי א יונג בוימעל איינגע־פלאַנצט.

דאָס בוימעל האָט זיך שנעל פאַנאַנדערגעבליהט און איז געוואַק־סען מיט אזא האַשיגקייט, ווי אימיצער וואָלט עס פון אונטער דער ערד געטריבען. בלויז עטליכע מאָנאַטען — און דאָס בוימעל האָט צווייגען באַקומען, מיט ברייטע בלעטער...

— אין געגענד טראָגען זיך ארום שדים... — האָט מען אָנ־געפאַנגען רעדען.

— ביינאַכט עפענט זיך דער קבר'ל...—האָט מען דערצעהלט.— און דאָס קינד הייבט זיך ארויס פון דאָרטען, און קלעטערט אויפ'ן יונגען, שנעל־אויסגעוואַקסענעם בוים ארויף, און רופט פון דאָרטען טאַטען און מאַמען, און עס וויינט מיט א קינדערש־באַנומענעם גע־וויין... און פון די טרעהרען פון קינד זאַפּטיגט זיך דער בוים און וואַקסט און וואַקסט...

און עס האבען אנגעהויבען ארומצירקולירען אנדערע געשיכ־טען.

— דא איז אין א דערבייאיג שטיבעל פלוצלונג א פענסטער ארויסגעפאלען; דא האט זיך פלוצלונג א גרוב באוויזען, און קיין מענשליכע הענד האבען זיך צו דעם ניט צוגעריהרט; פון דאנען זיינען געפאלען שטיינער — און קיינער האט זיי ניט געווארפען; און דא איז פלוצלונג א גרויסער ווינט געווארען, און דער ווינט האט זיך ווילד געדרעהט, ווי קיינמאל פריהער...

איינוואוינער פון מאטעוואן און ארום מאטעוואן האבען זיך אנגעפאנגען שרעקען. קויהלען־גרעבער האבען אנגעהויבען וויי־נען פון דער קויהלען־גרוב. ווער עס געהט אריין אין דער גרוב, וואו דעם קינד'ס טאטע האט געארבייט, און צוליעב וועלכער דאס קינד איז געשטארבען, וועט דארטען פארשלעפט ווערען אין די טי־פענישען פון דער ערד און קיינמאל ניט ארויסקומען צוריק. און טרעפט עס איהם ניט היינט, וועט עס איהם טרעפען מארגען. און עס זיינען שוין געוועזען אזעלכע פאלען. דער און דער איז געוועזען דארטען, האט זיך אנטקעגענגעשטעלט דעם קינד'ס וואונש, איז ער דארטען פלוצלונג שטייף געווארען — און געשטארבען...

— דאס בוימעל וואקסט אין דער טיעף ווי אין דער הויך. וואקסט אין דער טיעף נאך שנעלער ווי אין דער הויך. זיינע ווארצלען שפרייטען זיך ווייט ארום דעם בויכיגען „סעמעטערי"־בארג; שלענגלען זיך דארטען און ציהען אין זייער שלאנגען־נעץ אריין אלע, וועלכע וואגען אין גרוב ארונטערקומען...

אזוי גלויבען אלע.

און יעדערען גרוילט צוצוקומען נאהענט צו דער גרוב...

---

.8

און ווען די טאני'ס הערען אונז אויף צו דערצעהלען, געהען מיר צו מאררייי'ן אוועק — צו מאררייי'ן מיט די לעדערנע הויזען, באַ־פוצט מיט פרישען שעפסען־וואל. אין מאררייי'ס הארצען זינגען ניט

קיין ציטערדיגע פּחד־לידער. עס שטראָמט דאָרטען זודיג בלוט. דערצעהלט אונז מאָרדריי אזוי און אזוי:

...בין איך אָנגעקומען קיין קיסטאָן, אין מאָנאט מאי. געוועזן דאָרט פריהער א מאָרד אויף איינעם פון אונזעריגע... האָב איך געהאַט א שליחות פון דער אָרגאַניזאַציע, דאָרטען צו פאַרבלייבען, און זעהן, וואָס און ווען.

מיין גאַנצער באַגאַזש איז געוועזן א קליין פּעקעלע פון א ברוי־נער „שוירט” פאר דער ארבייט, און א פּאָר געל־באַפּעלצטע הייזען צו טראָגען זונטאג.

איך בין פאַרפאַהרען צו א רעקאָמענדירטער פאַמיליע...

אראָפּשטייגענדיג פון צוג, האָב איך אויף דער סטאנ־ציע באַגעגענט א מיידעל, וועגען וועלכער איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז זי איז א „גראָסערימאַנ׳ס” א טאָכטער, און איז באַקאַנט אין גאַנצען געגענט, ווייל זי איז די גאַנצע אויפטהוערין אין איהר פאָטער׳ס „סטאָר”. זי פאָהרט צו דער באַהן אָפּנעהמען פּעקלאַך וואארע פאַר׳ן פאָטער, און איז די גאַנצע באַלעבאָסטע פון „סטאָר”. איהר קוק אויף מיר, בעת איך בין אראָפּ פון באַהן, איז מיר ניט געפעלען געוואָרען. עפּעס האָב איך באַמערקט א נערוועזען ציטער אויף איהר געזיכט, און איהר בליק האָט מיר געשיינט צו זיין טראַציג און סאַרקאַסטיש, אזוי ווי זי וואָלט צו זיך געזאָגט:

— א נייער העלד אין שטעטעל; מיר וועלען אָקאָרשט זעהן וואָס ער קען אויפטהאָן...

איך האָב זיך געהאַלטען ווי איך וואָלט געווען אַן אייגענער אין געגענט. אָבער עס קען זיין, אַז גראָד דערפאַר, ווייל איך האָב זיך אָנגעשטרענגט צו האַלטען ווי אַן אייגענער מענש, איז אַלץ מעהר געווען צו דערקענען מיין פרעמדקייט. ווען זי האָט אָפּגעווענדעט איהר בליק פון מיר, איז עס געווען מיט א מינע:

— איך וועל איהם שוין דערקענען. איכ׳ל איהם האַלטען אויפ׳ן אויג...

פאר וואָכען און וואָכען האָט זי מיר נאָכגעקוקט און איך האָב

איהר נאָכגעקוקט. עס איז אָנגעגאַנגען אַן עקשנות'דיגער קאַמפּף צווישען אונז ביידען, ווער וועט ווער פריהער ענטדעקען. און געוואונען האָבען מיר ביידע. זי, אָבער, פריהער. פּלוצלונג האָט מען אָנגעפאַנגען פאַר מיר זיך צו היטען. קויהלען - גרעבער האָבען מורא געקראָגען מיט מיר צו רעדען. און אז איך בין אריינגעקומען אין „סאלון" פון „מאַינינג־קעמפּ" און געוואָלט זיך באַטייליגען אין אַ קאָרטען־שפּיעל, איז מיר שווער געווען צו קריגען מיט־שפּיעלער. איך האָב זיך דאַן דערוואוסט, אַז די „גראָססערי"־מיידעל פאַרשפּרייט וועגען מיר קלאַנגען, אַז איך בין געקומען „מאַכען טראָבעל", און אַז איך וועל נאָך אַריינברענגען דעם גאַנצען „מאַינינג־קעמפּ" אין אַ צרה. אַזוי פלעגט זי טאָן מיט אַלע יוניאָן־אַגיטאַטאָרס, וועלכע פלעגען קומען אהין, ביז די קויהלען־גרעבער אַליין, אונטערגעהעצט פון איהר, פלעגען באַפעהלען די יוניאָן־אַגיטאַטאָרס זיך אָפּצוטראָגען וואָס גיכער, אויב דאָס לעבען איז זיי ליעב...

איך בין אָבער פון דאָרטען ניט אַוועק. מיין מזל איז געווען, וואָס איך האָב שוין געהאַט ארום זיך אַ גרופּע קויהלען־גרעבער, וועלכע זיינען תמיד געווען די אָנפיהרער פון אַלע „ספּאָרט־גיימס" אין געגענט, און צוליעב דעם זיינען זיי געווען ביי אַלעמען. און זיי האָבען עס ניט דערלאָזען, אַז מען זאָל מיך דאָרטען פיינט קריגען. אָבער אַז די מיידעל דינט די בעלי־בתים פון די גרובען, ווי איך פלעג וועלען וועגען איהר פאַרשפּרייטען קלאַנגען — דאָס האָבען אויך זיי, מיינע פריינד, ניט געגלויבט.

איינמאָל איז וועגען דעם פאָרגעקומען אַ שלאַכט מיט אַ שי־סעריי. אַ טייל האָבען געהאַלטען מיט איהר און איהר פאַטער, וועלכער האָט אַמאָל געסטראַשעט מיך צו דערשיסען, און אַ טייל האָבען געהאַלטען מיט מיר. און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ביי אַ „גיים" האָט מען זיך צוזידעלט און צושלאָגען, פון וואָס עס איז אַרויסגעקומען אַ שיסעריי מיט אַ מאָרד־געיעג איינע אויף די אַנדערע. נאָר שפּעטער איז פאָרגעקומען אַן איבערבעטען זיך ביי אַ סעודה אין „סאלון", וואו איך האָב דערווייל געהאַט געלע־

גענהייטען צו מאכען „אפּאינטמענטס“ מיט קויהלען־גרעבער, און ביז שפּעטער טאַקי געווען ביי זיי א גאסט אין דער היים. אָבער אפילו נאָכ'ן „איבערבעטען“ זיך האָט אלץ די „גראָסערי“־מיידעל ניט אויפגעהערט מיך נאָכצופאָלגען און שפּרייטען האס נעגען מיר. זי, און איהר פאָטער, און א גרופּע פריינד זייערע, קויהלען־גרעבער טאַקי, האָבען מיר מיאוס געמאכט דאָס לעבען...

ניט קענענדיג קריגען מיך, האָבען זיי דערוויייל גע'פּטר'ט מיינעם א פריינד, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר, גלייך ווי איך בין אנגעקומען אהין. „שאַרטי“ האָבען מיר איהם גערופען.

„שאַרטי“ איז געווען א היציגער. ער האָט קיינמאָל ניט גע־קענט פאַרליידען אַז עולה, און ביי יעדער געלעגענהייט פּלעגט ער זיך נעהמען קאָכען. די „גראָסערי“־מיידעל האָט אויפגעהעצט און דורכגעפיהרט א מארד אויף איהם.

אין דער נאַכט, ווען מען האָט איהם ערמאָרדעט, האָט מיר דאָס הארץ געזאָגט, אַז עפּעס קומט פאָר אין דעם שטילען, פינסטערען דרויסען. איך האָב יענע נאַכט ניט געקענט שלאָפען. עפּעס האָב איך געשפּירט דעם טויט. איך האָב געוואוסט, אז „שאַרטי“ איז אוועק אויף א „פאַרם“ אונטער איינעם פון די בערג, וועלכע רינגלען ארום קיסטאָן. ער האָט זיך דאַרטען געדאַרפט טרעפען מיט איינעם וועגען אונזער ארבייט אין וועסט ווירדזשיניא געגענט, און זעהן מיך ביי זיין קומען צוריק. ער איז אָבער צו מיר ניט געקומען, און איך האָב דערפיהלט, אז עפּעס קומט פאָר. עס איז געווען א שוואַרץ־פינסטערע נאַכט, און אַרומשפּאַצירענדיג אַרום מיין וואוינונג האָט זיך מיר געדוכט, אז פון הימעל ווינקט אראָפּ טויט. פון וויטען האָב איך געהערט א הונט בילען, און דאָס טאַקי האָט מיר זיכער געמאכט, אז א טויט־שאָטען געהט מיר נאָך. קיין שרעקעדיגער בין איך ניט, האָב איך דאַן צוגעגרייט מיינע רעוואָל־ווערען, און זיך געשטעלט אויפ'ן שוועל פון מיין טהיר. צו מיר איז קיינער ניט געקומען; אָבער אויף מאָרגען האָט מען „שאַר־טי'ן“ און נאָך א קויהלען־גרעבער געפונען ערמאָרדעט. מען האָט זיי געפונען לעבען א ברונעם ביי א דערבייאיגען „פאַרם“.

נו געווים, גענומען נקמה. קויהלען־גרעבער, וואס אין פרייע צייטען ברוינען זיי די פנים׳ער אונטער דער שארפער זון, זיך יאגענדיג אויף פערד דורך וועלדער און דורך טייכען, פארשווייגען ניט קיין ברודער מארד. די „גראסערי“ איז אוועק מיט א פייער, אונטער די קולות און פייפערייען פון א סך ארומשטעהענדע קויהלען־גרעבער און זייערע ווייבער.

— און דער אלטער?

— מ׳האט איהם געלאזט שטארבען אין א גראבען...

— און די מיידעל?...

— זי איז געווארען די „געליבטע“ פון איינעם פון די בעלי־בתים׳שע אויפפאסער איבער די גרובען. און קויהלען־גרעבער רופען איהר „היינטישע נקבה“... — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און מארריי לאכט און דערצעהלט נאך און נאך...

# די קליינע פּעגגי

פון „טייער“ ביז „לאָורעל קריק“ איז צוויי שטונדען גאנג. „טייער“ איז דער נאָמען פון דער קאָלאָניע, וואו קויהלען־גרעבער, ארויסגעטריבענע פון זייערע היימען, האָבען אויפגעשטעלט ליי־ווענטענע ביידלאַך, כדי דאָרטען אויפצוהאַלטען זייערע פאמיליען. די קאָלאָניע געפינט זיך ביים צופוסענס פון א ווילד־בעוואַלדעטען בארג. פאזע בארג שלענגעלט זיך א שמאָלער שטעג, אויף וועל־כען מענשליכע טריט האָבען ביז איצט זעהר זעלטען זיך געווי־זען. ארויסגעטריבען די קויהלען־גרעבער פאמיליעס האָט מען פון „לאורעל קריק“, וואו עס געפינען זיך קויהלען־גרובען, און וואו די קויהלען־גרעבער האָבען געהאַט צוזאַמענגעשטעלט א גאַנצע שטאָדט.

די מענער פון טייער, די פאָטערס און די זיהן פון די פאַר־טריבענע פאמיליען, געהען נאָך אָפט קיין לאָורעל קריק. זיי געהען אהין הערען „וואָס עס קומט פאָר אין דער גרויסער וועלט“. אָבער די ווייבער פון טייער, די מאַמעס פון די פאמיליען האָבען פארשאָלטען דעם וועג, וואָס פיהרט קיין לאָורעל קריק.

— ווייל דאָס איז א וועג, וואָס פיהרט צום גהינום, וואו קינדער בלוט איז ביליג. הינט הערשעוועז דאָרט. די קויהלען־באַראָנען און זייערע באַנדעס מערדער.

אזוי רעדען זיי, די ווייבער.

צו געהן פון טייער ביז לאָורעל קריק, מיינט דורכגעהן א וועג פון שרעק און טויט. פּלוצלונג קען מען הערען א גערויש צווישען די געדיכט־פארפלאָכטענע בוימער מיט די ווילד־צושויבערטע צווייגען־קעפּ, און נאָכ'ן גערויש קומט א שיסעריי, אזוי ווי פייער־

דיגע פויגלען וואלטען זיך פלוצלונג פון דארטען ארויסגעריסען דעם גאנצען געגענט אנצוצינדען. אין די פארוואקסענע בערג האל־טען זיך אויף געדונגענע וואך־לייט פון די קויהלען־באראנען און ווען נאר עס פארוויילט זיך זיי א פייער־ספעקטאקל, א מארד־הור־ליאנקע, פאנגען זיי אן א שיסעריי אויף די דורכגעהענדע קויהלען־גרעבער. זיינען טאקע די ווייבער פון טייער אלע מאל צושראקען, ווען די מענער קלייבען זיך קיין לאורעל־קריק, און די קינדער טוליען זיך אין אונבאוואוסטען שרעק צו די פארטיכער פון די מאמעס.

— דער פאפא געהט אוועק — זאגט די מאמע מיט א שטי־לען קול צום קינד, וואס גראבט דאס קעפעל אין איהר שויס. און בשעת מעשה קוקט זי מיט צושראקענע, פארגליווערטע אויגען אויף די פלינקע באוועגונגען פון „טערי", איהר מאן און ברויט־געבער, וואס דרעהט זיך ארום נערוועז אוןווארט אויף אימיצען צו געהן אין „גהינום אריין".

עס איז אבער דא איין מענש אין טייער, וואס האט קיין מורא ניט פאר'ן גהינום, און לאזט זיך צום וועג פון שרעק און טויט, אזוי ווי צו א שפיעל. דאס איז פעגגי, די „קליינע פעגגי", זי איז באקאנט אין דער גאנצער פארטריבענער קויהלען־גרעבער־קאלאניע.

פעגגי איז די דריטע טאכטער פון טאמע־מאמען, וועלכע האבען אויך זיהנדלאך. פעגגי איז אבער דער מיטעל־פונקט פון דער משפחה. פעגגי האט פלאקסענע האר, גראהע אויגען, מיט העל־בלאנדע ברעמען און א ליכטיגען לאכעדיגען פנימ'ל. פעגגי איז א בראנד. זי איז אינגאנצען א יאהר צעהן, און כאטש שכל, און שארפקייט, און טראצינקייט פארמאגט זי, ווי זי וואלט פיעל על־טער געווען, איז איהר וואוקס פיעל קלענער, ווי עס קומט איהר זייענדיג צעהן יאהר אלט. פעגגי'ן פארדריסט, וואס זי איז קליין געוואקסען. זי איז דאך „שוין א גרויסע", און דא איז זי נאר קליין, אזוי ווי איינער פון איהרע אינגערע ברידערלאך, וואס איז נאך קיין זעקס יאהר ניט אלט... און דערפאר, ווייל פעגגי'ן פאר־דריסט, וואס זי איז קליין געוואקסען, און מען רופט איהר די

„קליינע פעגגי" — איז אין איהר שטארק אנטוויקעלט דער וואונש זיך אויסצוצייכענען. און זי צייכענט זיך טאקע אויס. זי איז א להכעיס'ניצע און א פארביסענע, כאטש דער ליכטיגער פנים'ל איהרער, מיט די גראהע אויגען און העל־בלאנדע ברעמען לאכען שטענדיג, עפעס אזוי ווי דער געלעכטערל מיט'ן אפענעם פנימ'על איז איהר געגעבען געווארען צו פארשטעלען איהר להכעיס'דיגקייט...

ווען אלע אין דער קאלאניע רעדען מיט שרעק וועגען דעם וועג קיין לאורעל־קריק, גנב'עט זיך די קליינע פעגגי גראד אוועק אויף יענעם וועג. און ווען מ'דערהערט אין דער קאלאניע א וויטען אפקלאנג פון א שיסעריי, וואס דאס איז א באוויין, אז עס קומט פאר א שלאכט צווישען די מענער פון טייער און די געדונגענע וואד־הינט פון די קויהלען־באראנען, און מאמעס כאפען די קינדער אין די לייוועג־טענע ביידלאך אריין, און די הערצער זייערע קארטשענען זיך אין שרעק און וועהטאג פאר זייערע מענער, וועלכע זיינען ווער־ווייסט־וואו, כאפט זיך די קליינע פעגגי לויפען צום וועג, וואס פיהרט צו דער שיסעריי, אזוי ווי זי וואלט צו א שפיעל געלאפען.

פעגגי איז דערפאר געווארען די געקרוינטע העלדין פון טייער. זי איז געווארען די פאסט צווישען טייער און לאורעל־קריק. דארף נאר ווער עפעס וויכטיגעס אין לאורעל־קריק, און אין הארצען פאר'גנב'עט זיך א שרעק, אז מ'קען וואס באגעגענען אויפ'ן וועג, אדער טאקע אין לאורעל ־ קריק גופא, ווענדעט מען זיך צו פעגגי'ן. און פעגגי געהט, און איז צופרידען מיט דער שליחות. פעגגי האט פאר קיינעם קיין מורא ניט. מען האט איהר שוין עטליכע מאל פארהאלטען און אפגעשטעלט אויפ'ן וועג — האט זי אבער אין זיך אזעלכע חנ'עוודיגע, שטיפערישע מינעס, אז מען מוז זיך א שפיעל טאן מיט איהר. און אזוי דרעהט זי זיך דורך צווי־שען אלע געפאהרען.

די קליינע פעגגי איז אויף אזא אופן געווארען די גאנצע פאר־מיטלערין צווישען טייער און לאורעל־קריק. זי איז געווארען די גוטע־בשורה־ברייננגערין אין דעם פארוואָרפענעם לעבען פון דער פאר־וואגעלטער קאלאניע. זי איז אויך געווארען די אנזאגעריז,

ווען עס לויערט געפאהר. איידער די טאטעס קלייבען זיך קיין לאָורעל־קריק, קלעטערט זי שטונדען ארום אין די פאר־וואקסענע בערג נאָכצושפּירען, צי עס זיינען וואו ניטאָ די „באַ־האלטענע חברה“, וואָס לאָזען ארויס די „פייערדיגע פויגלען“ פון זייערע פּיסטאָלס...

פּעגגי איז אָבער קראנק געוואָרען. האָט קלעטערענדיג אין די בערג זיך צוברעָכען אַ פיסעל. ליגט זי אַ פּאַרבאַנדאַזשירטע לעבען דער ביידעל פון איהר טאַטע־מאַמע, און דאָס הערצעל איהר'ס קלעמט. ניטאָ מעהר דער שמייכעל אויף איהר ליכטיגען פּנים'ל. זי איז צעוועהטאָגט און קאָרטשעט זיך אין פּיין. און טאטע־מאַמע און אלע פּאַרוואָגעלטע קויהלען־גרעבער־פּאַמיליען שטעהען ארום איהר גאַנ־צע שטונדען. זיי שטעהען צושראָקענע — די מוטיגע פיהרערין פון זייער גרויסען קאמף איז געפאַלען...

# אויף די גאַניקעס פון „ספּראוג הילל"

שטעהען שטיבלאך צוגעטוליעט איינע צו די אנדערע ווי איינ־געוואקסען איינע אין די אנדערע, און ס'לאזט זיך אויף זיי שטיל אראפּ דער פארנאכט. הויך אין הימעל ציהען זיך לאנגזאם ווייסע וואָלקענדלאך, אזוי ווי שעפּסען נאך א טאָג זיך האדעוועז ערגעץ אויף א גרינעם רוקען פון א באגראזטען בארג. פון איין זייט פאלען געלע ליכט־פּאסען פון דער זון, וואָס איז שוין האלב פארשטעקט הינטער א בארג, און פון דער צווייטער זייט טונקעלט זיך א ברייטער שאָטען, וואָס קריכט און פויזעט ארייג־צוציהען אין זיך די דעכער פון די שטיבלאך. אויף די גאניקעס פון די שטיבלאך זיצען פאמיליעס. טאטעס מיט טונקעלע פּנים'ער, און ליולקעס אין די מיילער, און אויסגעמאַגערטע מאמעס, וואָס טו־ליען צו זיך קינדער, און קוקען מיט זאָרג אין די גראָהע אויגען פון די טאטעס אריין.

די סטרייקענדע קויהלען־גרעבער פון ספּראוג־היל האבען א טאָג אוועקגעלאזען.

א שכן זאָל צו א שכן געהן איז פארבאָטען. ס'איז געוועזן אפילו פארבאָטען, אז מען זאָל אויף דעם אייגענעם גאניק קענען ארויסקומען. אז די גאנצע פאמיליע קלייבט זיך צונויף אויפ'ן גאניק איז עס א פארזאמלונג און — „פארזאמלונגען זיינען פאר־באָטען", אבער מען האָט עס אפּגעשריען. דער פארבאָט איז ארונטער. זיצען זיי, די צושראָקענע סטרייקער מיט זייערע טונקעל־גראָהע און געלע פּנים'ער, אזוי ווי עס איז טונקעל־גראָה און געל דער רויך, וואָס וויקעלט זיך פון זייערע ליולקעס ארויס, און זיי שווייגען. און דערביי זיצען די ווייבער זייערע

מיעד און פארזארגט. און עס קלאמערען זיך דערביי די קינדער אן די פיס פון די טאטעס, און ציהען מיט די ליפלאך און שווייגען פארבענקט מיט די בליקען צו די מאמעס.

— ער איז אוועק — זאגט אן א ווייבעל איהר מאן מיט אן איינגעהאלטענער פרייד. זי האט דערביי סודות'דיג אנגעוויזען אויף א ראג גאס, וואו עס האט זיך פארקירעוועט דער נייער „שעריף", וועלכער האט א לאנגע צייט ארומגעשפאצירט הין און צוריק פארביי די גאניקעס, מיט עטליכע פיסטאלס אין א גארטעל אונטער זיין ראק.

— צו הינט זאל ער ארייגפאלען — ענטפערט אפ א שכן פון א צווייטען גאניק.

אויף א דריטען גאניק האט זיך א קינד צעוויינט און גלייך האבען איהם אפגעענטפערט קינדערשע קול'כלאך פון א סך גאניקעס.

— גרויסע העלדען אלע — לאכט בייסיג א יונגע מיידעל, פארקעמט ווי א גרוים שטאדטישע, צו א הויכער ווייבעל מיט א לענגליכען בלאסען פנים און שמאלע מאנדעל־אויגען.

— יא, און אז מ'וועט זיי צושיסען? — פרעגט די ווייבעל.

— וועלען זיי פאלען... — ענטפערט די מיידעל.

— ניטא שוין קיין עסען ביי מיר — קלאגט זיך א מאגערער מענשעל, מיט א הויכען שטערען און די לינקע אויג האלב פארצויגען.

— דזשערי האט אנטליהען מיין גאנצע ברויט — ענטפערט איהם אפ א ברייט־פלייציגער, מיט אונטערגעשארענע האר, און מיט א האלז ווי פון צעטריקענטע קארע.

— ווער געהט אין די „העדקוואַרטערס"? — האט א הייזעריגער קול ארויסגעשריען פון אן אפענעם פענסטער פון אן אלט שטיבעל מיט איין זייט צוהויקערט און לעבערדיג.

— גאר ניטא דארטען — ענטפערט אפ דער ברייט־פלייציגער, וואס האט אנטליהען דזשערי'ן זיין ברויט.

— ס'וועט עפּעס ערשט אָנקומען אין א צוויי טעג אַרום, און איך האָב גאַרניט צו געבען די קינדער — מישט זיך אריין א פרוי, מיט א סך פון איהרע פאַדערשטע האָר שוין גראָה.

אין מיטען גאַס, וואָס פאַלט אריין אזוי ווי א לאַנגע פלאַכע גרוב, האָבען זיך צונויפגעקליבען מענער און ווייבער, קוקענדיג אלע ווײַלע צי עס קומט ווער פלוצלונג ניט אָן, און ארום זיי האָבען זיך געפלאָנטערט קינדער, ווער מיט א פינגער אין מויל און שווייגענדיג, און ווער ארומשפּרינגענדיג אזוי ווי קליינע חיה'לאך.

א רייטער אויף א פערד איז שנעל פאַרבייגעפלויגען. אלע צונויפגעקליבענע אין מיטען גאַס זיינען זיך צולאָפען, כאַפּענדיג די קינדער אויף די הענט.

— „דעוויליש בייבי"! דאָס איז „דעוויליש בייבי" — האָט די מיידעל, פאַרקעמט ווי א גרויס שטאָדטישע, אנגעוויזען אויפ'ן רייטער, וואָס איז שוין געווען ווייט אַוועק מיט זיין ברוינעם פערד.

— איז ער שוין מיט אונז? — פרעגט איינער וועגען „דעוויליש בייבי", וואָס איז באַריהמט אין געגענט פאַר זיין פלינקען פליהען אויף פערד און שנעלען פאַרטיג ווערען מיט א שונא זיינעם...

— ער זאָגט יאָ — ענטפערט אָפּ א צווייטער.

די מיידעל, פאַרקעמט ווי א גרויס שטאָדטישע, איז איבערגעלאָפען די גאַס כּדי צו זעהן, צי זי קען נאָך כאַפּען מיט'ן אויג ווי „דעוויליש בייבי" פליהט אויף זיין פערד.

— ער וואָלט אלע הינט געקענט אַוועקלייגען, ווען ער וויל נאָר — האָט איינער באַמערקט.

— נו, און טורמע? — פרעגט איהם דער מיט די ברייטע פּלייצעס און דעם האַלז פון קאָרע.

— מאַמע, עסען! — האָט זיך א קינד צעוויינט.

אלע האָבען זיך אומגעקוקט.

— מאָרגען — ענטפערט די מאַמע.

הונגעריג, הא? — באמערקט איינער און פארענדיגט מיט איינגעצוימטען כעס — געוועהן זיך צו, קינדעלע, געוועהן זיך צו...

— ניטא שוין באלד קיין ברויט ביי קיינעם — האט זיך א צווייטער אפגערופען.

— די יוניאן וועט צושטעלען, — טרייסט אן אנדערער.

— עס נעמט צו לאנג — קלאגט ווער.

— טא וואס־זשע ווילסטו?

— גארניט!...

און ער האט פארביסען די ליפען.

דער „נייער שעריף“ האט זיך באוויזען, וויגענדיג זיין „קלאב“ אין האנט, און מיט איהם איז געגאנגען עפעס א פרעמדער, איז א ווייכען הוט מיט ברייטע ראנדען, און „שטאדטיש“ אנגעטאן.

אלע זיינען זיך שנעל און שטיל צוגאנגען אויף זייערע גאניקעס. קינדער האבען זיך געפלאנטערט אין די קליידער פון זייערע מאמעס.

שפעטער, אין אוונד, האט מען אין די שטיבלאך געהערט שווערע טריט ארום די גאניקעס פון ספראוג היל...

# די נעכט אין בעקעליי

נעכט פול מיט סודות. א שווערער הימעל. די שווערקייט האט אזש די שטערען פארשטיקט. איין שטיק פינסטערניש. דער הימעל, די לופט, די בערג ארום, די שטיבלאך — איין שווערע שטיק צוזאמענגעגאסענע און פארגליווערטע שווארצקייט.

אין בעקעליי זיינען די קויהלען־גרעבער סטרייקער א גאנצען טאג אויפ'ן גאס. קיינער זיצט ניט אין שטוב. אפילו די ווייבער און די קינדער שטעהען א גאנצען טאג אין דער ברייטער, בלאטיגער גאס, וואס פאנגט זיך אן מיט אן אריינפאהר־הויז און די שטיבעל פון שעריף, און ענדיגט זיך מיט א „סעמעטערי" און א „טשוירטש". מ'עסט אפילו אין גאס. מ'עסט און מען רעדט. און ס'איז דא פון וואס צו רעדען. קומט אבער אן די נאכט, ווערען אלע פארשוואונדען אין זייערע שטיבלאך, און מען הערט ניט קיין מענשליך קול, ביז אויף מארגען, און מ'זעהט ניט אין ערגעץ קיין ליכט, ביז דער טאג באווייזט זיך.

א שטומע, פינסטערע שווערקייט. קיין געלעכטער, קיין געוויין. מענשען האלטען איין די אטעמס.

ווייל זייט דער סטרייק איז ארוים, ווארט מען אין בעקעליי אז אין די נעכט זאל עפעס געשעהן...

יעדען טאג באווייזט זיך א „נייער מענש" ביים אריינפאהר־הויז: איז ער מסתמא א „שליח" פון וועמען, ניט אויף צום גר־טען... אימיצער האט געזעהן, אז די פענסטער ביים שעריף אין שטיבעל זיינען פארהאנגען געווארען: טהוט זיך מסתמא דארטען עפעס „געהיימעס"... דער גלח שטעהט ביים טהיר פון „טשוירטש" פארזארגט, און ארום די גרויסע, קלאהרע אויגען זיי־

נע וויקעלט זיך אן אומעט: ווייסט ער מסתמא, אז עפעס שלעכטעס וועט געשעהן... איז, ווי נאר עס דערהערט זיך דאס אומעטיגע קלינגען פון גלאק אין „טשווירטש", וואס זאגט אן, אז די נאכט קומט אן, אזוי צוגעהען זיך די „קראודס" פון גאס, און מ'קלייבט זיך אין די שטיבלאך אריין.

— האט עפעס פאסירט אין די נעכט אין בעקעליי?

— איינמאל האט זיך געהערט א גערודער.

א ווייטער, פארדומפענער קול האט זיך געטראגען פון בארג, ביי וועמענס צופוסענס עס איז די „סעמעטערי", און אויף מארגען האט מען געזעהן דעם שעריף מיט צוויי „נייע מענשען" עטליכע מאל געהן צו דער „סעמעטערי".

מ'האט זיך אנגעקוקט, מ'האט זיך איבערגעצעהלט, מ'האט די נעמען פון אלעמען אויסגערעכענט, קיינער פון די בעקעלייער קויהלען־גרעבער האט ניט געפעהלט. אבער דער שעריף האט פיעלע טעג נאכדעם אפט בייסיג געשמייכעלט און דער גלח, „פאדהער ראוער", איז זייט דאן מעהרער פארזארגט געווארען.

— האט דאך מסתמא וואס פאסירט! און דאס ניט וויסען וואס, האט אין אלעמענס הערצער אריינגעווארפען א פארגליווערטען שרעק.

עס האט ווער געזאלט קומען פון טשארלסטאון. די יוניאן האט געזאלט שיקען וועמען מיט שליחות. אפשר איז ווער טאקי געקומען, און מ'האט „פארברענגט די ערד אונטער זיינע פיס"... אפשר... אפשר איז ער שוין ערגעץ אין בארג אריינגעגראבען... מ'ווייס ניט... פון דער יוניאן האט מען ניט געפרעגט צי דער און דער איז געווען... מ'האט אנגעפרעגט אין דער יוניאן, איז קיין ענט־פער ניט געקומען...

זיינען די נעכט אין בעקעליי זייט דאן נאך שווערער געווארען. די שווערקייט פארשטיקט אזש די שטערען, און עס איז איין שטיק פארגליווערטע שווארצקייט.

מענשען האלטען איין די אטעמס...

# נעהענטער צו גאָט...

1.

טויטער וואלד. הויכע גראָהע קלעצער. פּוסט. קיין צווייג, קיין בלאַט. און קומט אַ ווינט, יאָגט עס באלד צוריק. און פליהט אַ פויגעל דורך, פּאַטשט עס אין דער לופט און ברומט אַ טויטען־ליעד. טויטער וואלד.

ווילדער וואלד. בוימער, ברייט און שווער. גרין. בלאַט אין בלאַט באַהעפט. און צווייג אין צווייג אריין. און קומט אַ ווינט, טרייבט עס טיעף און טיעף. און פויגלען שרייען הויך און ווילד. ווילדער וואלד.

טהורעם־בערג. מיילען ווייט. מיילען־ברייט און מיילען־הויך. טהורעם־בערג. הויך צום הימעל צו. צופוסענס שפּיגעל־טייך און גרינער גראָז. אין הארצען, ברוינער שטיין און בלאָהע בלום. ביים קאָפּ, אַ ברייטע ווייסע ווינטער־פעלד. און פויגלען ברייגגען סודות דאָרט. און ווינטען זינגען דאָרט ארום. טהורעם־בערג.

---

מיר געפינען זיך אין די ווילדערנישען פון אמעריקא, אין הארצען פון די „ראָקי מאָונטענס", ביי די טויערען פון דעם קאָלאָ־ראדער „גאָרטען פון די געטער". מיר קלייבען זיך צום „פּאַיקס פּיק", אויף די הויכע הויכען פון אמעריקא'ס וואונדער־באַרג. מיר ווילען צו זיין שפּיץ דערגרייכען. אַ'האַרא זאָגט אונז, אז דאָרטען זעהט מען גאָט...

צוליעב אַ'האַראַן האָבען מיר די גאנצע רייזע געמאכט. אַ'האַ־רא איז ערשט ארויס פון טורמע. גערעכענט, אז ער וועט שוין

קיינמאָהל מעהר קיין הימעל ניט אָנזעהן. און פריינד אויך ניט. האָט זיך איבער זיין שטערן א גרויסער ברייטער קנייטש צוליינט, אַז עדות פון א שטיק פארגליווערט טראכטען... אָבער, אַז ער איז ארויס פון טורמע, יאָגט ער זיך צו קריגען וואָס מעהר וועלט און וואָס מעהר זון אין הארצען. ער וויל אָניאָגען דאָס פארלאָרענע צעהנדליג יאָהר, וואָס ער איז אין קליין־טונקעלען חדר'ל געווען; און מעהר ווי גראָהע וועגט און זיין אייגען געשטאלט, וואָס איז איהם מיאוס געוואָרען, ניט געפיהלט. זיינען מיר געפאָהרען מיט איהם אויף א לוסט־שפאציער.

אין דער געזעלשאפט פון אָ'הארא'ס פריינד זיינען אויך געווען „קוועיקערס", א מאַן מיט א פרוי. דער „קוועיקער"־מאַן, א הויכער, מיט אַן אויסגעצעהרט בלאַס פנים, און גרויסע גראָהע קינדערשע אויגען; און די „קוועיקער"־פרוי א רונדע, א שטילע, מיט ליפען, וועלכע האָבען שוין א סך מאָהל גאָט'ס נאָמען דער־מאָנט, און גוטסקייט אין מענשען געוועקט. ווען אָ'הארא האָט א זאָג געטאָן, אַז אויף „פאיקס פיק" זעהט מען גאָט, האָט די גאָטס־פאָרכטיגע פרוי מיט דעם שווארצען הויב, און אויגעלאַך ווי קליינע פארעלטערטע פענסטערלאַך פון א באהאלטען שטיבעל, פרום גע־שמייכעלט. און דער מאַן מיט דעם אויסגעצעהרטען פנים האָט א זאָג געטאָן:

— זוכט ניט גאָט אין די בערג; זוכט גאָט אין די מענשען...

אָ'הארא האָט אונז א וואונק געטאָן זיך ניט ארייננצולאָזען אין א דיסקוסיע מיט די „קוועיקערס".

נאָר די צונג האָט סאי־ווי געשוויגען, האָבען מיר שטום צוגע־שטימט:

„ניט אין די בערג זוכען גאָט, נאָר אין די מענשען..."

און שטומערהייד איז ביי אונז אויך געוואָרען איינגעשטימט, אַז מיר פאָהרען ניט אויף די באטראָטענע וועגען. מיר פאָהרען, וואו די רעדער פון אונזער אויטאָמאָביל וועלען זיך נאָר קענען גליטשען. אונזער אויטאָמאָביל־אָנטרייבער איז געווען אַן אייגע־נער און געוואוסט די געגענט. שמעט האָט אונזער אויטאָמאָביל־

אַנטרייבער פיינט. גלאַטע וועגען אויך. אין די ווילדערנישען! טריי־בען זיין אויטאָמאָביל, וואו עס איז אונבאקאנט, וואו א מענשליך אויג האָט נאָך ניט דערבליקט,—דאָס איז דער גאָט, צו וועלכען עס דיענט זיין מוטיגע ברוסט. זיינען מיר אריינגעפאָהרען אין דעם „גאַרטען פון די געטער" דורך א ניט באַטראָטענעם וועג, און געזעהן די היילען פון די קריעגס־העלדען פון די אינדיאנער שבטים, אין זייערע באהאלטענסטע פלעצער.

אָ'הארא איז אבער געוואָרען רעדעוודיג. ער איז שוין דאָס צוויי־טע מאָל אין געגענט. דאָס ערשטע מאָל, לאַנג פריהער, ווי ער איז אוועק אין טורמע. האָט זיך איהם איצט געדאכט, אז דער „ברווי־נער שטיינערנער ריעז", וואָס ליגט אין דער לענג אויפ'ן רוקען פון א גראָהען שטיינערנעם באַרג, און אין וועמען לופט און ווינט האבען אויגען אויסגעשניטען, און א גאנצען מענשען פאַרמירט, און פיס און הענד און א פולען מענשליכען גוף אויסגערידעלט, אז אָט דער שטיינערנער גבור איז אין די יאָהרען נאָך גרעסער געוואָ־רען...

— נאַטור־סודות אין דעם ריעז!...

אָ'הארא האָט עס אויסגעשריען, און עס האָט זיך געדאכט, אז דער „שטיינערנער ריעז" האָט עס דערהערט. און אָט וועגדעט ער אָפּ זיינע ברוינע שטיינערנע אויגען פון די ווייסע זיידען־וואָלקענס וועלכע שיפען זיך לאַנגזאם איבער'ן טיעף־בלאָהען הימעל, און וועט אונז מיט זיין אייביגען שטיינערנעם בליק צו זיך אין זיינע סודות אריינציהען...

מיר זיינען פארבייגעפאָהרען די שארף ־ רויטע טהורעם־וואנט, וואָס האָט מיט דורות צוריק באשיצט די אינדיאנער פון זיי־ערע ווייסע באצווינגער, און איצט האלטען אויף איהם פויגלען מיט שארף־רויטע פליגלען און ווייסע זילבער־העלזלאך זייערע נעסטען. דאָ האָבען אינדיאנער ביי א פייער געהאט א תפילה־טאַנץ צו זייע־רע געטער, האָט א ווייסער גענעראל זיי פלוצלונג מיט זיין ארמיי באפאלען, און די בלאַנק־שווארצע קעפּ פון די אינדיאנער פרויען אין זיינע ביקסען איינגעפלאָכטען און אלט און יונג פארטיליגט... דאָ

איז דער גראָהער שטיין, מיט'ן ים־פיש פון נאַטור אליין אויסגעאַר־מירט. און אויך די חיה מיט'ן לייבען־קאָפּ פון ווינטען אויסגע־האַקט. קוקט דער שטיינערנער לייבען־קאָפּ אויפ'ן שטיינערנעם ים־פיש, ווי זיי וואָלטען זיך פּלוצלונג באַגעגענט, נאָך אַ פאַרלאָ־רען ווערען פון זייערע היימען, דער פון וואַלד און דער פון די וואַ־סערען, און זיי זיינען ביידע דערפאַר חברים געוואָרען. דאַ איז אויך דער ריעזיגער בוים פון בלאָהען שטיין, און אויף זיינע שטיי־נערנע צווייגען זיצען צוויי חיה'לאַך איינע אנטקעגען די אנדערע און סוד'ענען זיך אין דער שטיל...

— און דאָס אַלץ האָט נאַטור געמאַכט, — האָט זיך אַ'האַראַ אָפּגערופען — לופט, ווינט, רעגען, שניי, גראָז־געוויקס, בלומען־דופט— אַלץ האָט מיטגעהאָלפען צו באַשאַפען אַזעלכע פיגורען און גע־שטאַלטען, כדי די אינדיאַנער זאָלען געטער האָבען...

— מ'מוז דאָך האָבען אַ גאָט...—האָט אימיצער אָפּגעענט־פערט.

גליטשט זיך אונזער אויטאָמאָביל דורך דעם „גאָרטען פון די געטער", און עס פיהלט זיך, אַז אין דער לופטען, צווישען הימעל און פּיראַמידען וועבט זיך אַ ווילדער יום־טוב, מיט אַ פאַרשפּרעכען, אַז מיר וועלען אַז נאָך מעהר סודות'דיגעם זיך אָנשלאָגען.

ווייל פון ווייטען ווינקט שוין צו אונז דער „פּאַיקס פּיק", מיט דעם ווייסען ווינטער־פעלד אויף זיין קאָפּ. און אויף זיין רוקען גליווערט זיך רעכטס אַ טויטער וואַלד, און לינקס אַ ווילדער וואַלד. און אַרום די וואָרצלען זיינע שפּיגלען זיך אונצעהליגע טייכלאַך, אין אַלערליי קאָלירען, ווי טויזענד רעגענבויגענס וואָלטען ביי זיין ריזיגען פונדאַמענט זיך צוליגט.

— מיר זיינען ביי דעם מורא'דיגען אריינפאַל! — האָט אַ'האַראַ אויסגערופען, מיט אַ האַלב־פאַרשטיקטען קול. — דאַ האָט מען אַ מאָל אַ סך פון אונזערע מענשען אומגעבראַכט...

אַ'האַראַ'ס אויגען, וועלכע זיינען פון די טורמע יאָהרען געוועזען טיעפער אין קאָפּ אריינגעגאַנגען, האָבען זיך ברייט צועפענט. ער האָט אַראָפּגעכאַפּט זיין ברייטען פאַנאַמאַ־הוט, און זיך געבויגען

איבער׳ן אויטאָמאָביל צום אַפּגרונד, וועלכען מיר האָבען באַגעגענט זיך שאַרף שניידענדיג צווישען צוויי מיילען־הויכע בערג מיט ווילד־צושויבערטע בוימער אויף זייערע ברוסטען.

אונזער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט. מיר זיינען ארויס נעהענטער באַטראַכטען דעם גאַנצען אויסגוס פון נאַטור־ווילדער פּראַכט.

---

עס איז געווען א הייס־זומערדיגער נאָכמיטאָג. מיר האָבען אָנגעהויבען די רייזע פון „קאָלאָראַדאָ ספּרינגס“. מיר האָבען אָנגעהויבען גאַנץ פריה. פריהער האָבען מיר זיך געגליטשט מיט׳ן אויטאָמאָביל צו פּועבלאָ צו, און פאַר א ווײַלע זיך אויך פאַרקירעוועט אויף די וועגען, וועלכע פיהרען קיין דענווער. האָבען מיר אַזוי דורכגעשניטען דאָס „בוימערלאַנד“ פון גאָלד־באַשטראַהלטע פּיראַמידען מיט באַזילבערטע קעפּ; די שטיינערנע און וואַלדיגע בערג, וועלכע כישוף׳ן מיט זייער הויך און בלענדען מיט זייערע געלע פּונדאַמענטען, גרינע און בלאָהע בייכער, און רויטע און ווייסע שפּיצען. און געווען אויך אין דעם חלום־לאַנד, פון שבת׳דיגע גערטנער, ווייך־שאָטענדיגע וועלדער און שטיל־זינגענדיגע טייכלאַך, וועלכע שלענגלען זיך און טוען תפילה צווישען ברייטע קאָרן־פעלדער און ווייטע שטרעקעס מיט דופט פון געשניטענעם היי.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען צו די אַפּגרונטען, אין האַרצען פון דעם „גאָרטען פון די געטער“, איז שוין געווען מיטען־טאָג. די זון האָט געגליהט מיט שאַרפע שפּיזען...

2.

אַ׳האַרא האָט זיך צושמועסט מיט דזשעק קלעיטאָן, זיין נאָהענטסטער חבר אין אונזער רייזע־געזעלשאַפט, און וועלכער האָט די גאַנצע רייזע אראַנזשירט, און איז די גאַנצע צייט געזעסען לעבען דעם אויטאָמאָביל־אַנטרייבער.

דזשעק קלעיטאָן, א פלינקער מיטעל־וויקסיגער בחור, מיט א לענגליכען פּנים און העל־בלאָנדע האָר, און קליינע גראָהע שמייכ־

לענדע אויגעלאך, מיט א סך געלבע זומער־שפרינקלאך אויפ׳ן שטערן און ארום נאז, איז מיט א׳הארא׳ן „ברידער" פון איין אר־בייט. ווען א׳הארא איז אוועק אין טורמע, האט „דזשעק" איבער־גענומען זיינע פליכטען, און איז געווען די פאסט, דורך וועלכע א׳הארא פלעגט זיך פון צייט צו צייט דורכשמועסען מיט חברים. זייער איצטיגער שמועס איז געווען איבער דער „אייביגער מלחמה", וואס געהט אן אין געגענד צווישען זייער יוניאן און די, וועלכע האבען דא פאנאנדערגעריסען א בארג, אוועקצושטעלען א פאבריק. — די מלחמה, וואס האט געפיהרט צו א׳הארא׳ס ארעסט, און זיין זיצען אין טורמע. דער שמועס איז באלד געווארען אן אלגעמיי־נער. און אזוי שמועסענדיג האט מען אויך אריינגעפלאכטען די לעגענדען פון געגענט...

---

די איינוואהנער פון געגענט, די מענער מיט הויכע שטיוועל און לאנגע בערד, און די ווייבער אין ברייטע געבלימטע טיכער, דערצעהלען זיך אזוי:

...יעדען פריהמארגען פאר זונען־אויפגאנג, ווען די נאכט האלט זיך ביים צושפאלטען אויף די העכסטע הויכען פון די „ראקי מאונ־טיינס", און דער ערשטער זונען־שטראהל האט נאך קיין צייט נים אפצוזילבערען מיט זיין וויים־בלאנקען זון־ליכט דעם שניי אויף די שפיצען פון די „ראקי מאונטיינס", שטעלט זיך דאן גאט אויפ׳ן העכסטען בארג, „מאונט עוואנס", און פון דארטעןווארפט ער פארבען אויף די ארומיגע בערג; און אין די טהאלען ווארפט ער בלומען. אזוי א גאנצען פריהלינג און א גאנצען זומער, ביז דער ווינטער שלעפט אראפ דעם שניי פון די שפיצען פון די „ראקי מאונטיינס" און פארבט אפ וויים די גאנצע ערד ארום זיי. שפעטער קומט ארויס די זון און גיסט ליכט. גאר אן אנדער סארט זון־ליכט, ווי פאר די קינדער פון די שטעט. דערפאר צויבערען זיך די בערג אין אלערליי פארבען; און דערפאר שלאגען פון די פעלדער און טהאלען אלערליי דופטען. א טהאל און א פעלד מיט ווילדע רויי־טע רויזען, מיליאנען אזעלכע — איז דאס א בלוט־רויט פעלד,

און ווען א ווינטעל שפּאַצירט איבער די ווילד־רויטע רויזן, איז דאָס ווי בלוטיגע כוואַליעס וואָלטען זיך געוויגט... און א טהאָל און א פעלד אין בלאָה, אין גאַנצען בלאָה — בלאָהע פעלד־בלימלאַך — מיליאָנען אַזעלכע, וועלכע טרוימען בלאָהע חלומות... און נאָכ־דעם, ווען גאָט שמייכעלט זיך אָן מיט זיין אייגענעם פאַרבען־און ריחות־שפּיעל, פאַרשטעקט ער זיך צוריק הינטער'ן „מאונט־עוואַנס", צו באַשאַפען נייע פאַרבען מיט נייע געוויקסען און ריחות, פאַר דעם צווייטען פאַרטאָג, ווען די נאַכט האַלט זיך ביים צושפּאַל־טען... און אַזוי כסדר... און אַזוי כסדר...

און די איינוואָהנער פון געגענט, די מענער מיט הויכע שטי־וועל און לאַנגע בערד, און די ווייבער אין ברייטע געבלימטע טי־כער זאָגען דערפאַר, אז מען פאַרשוועכט גאָט, ווען מען מייסטער־וועט פאַבריקען אונטער'ן הימעל איבער די „ראַקי מאונטיינס"... און די, וועלכע פאַרשוועכען גאָט, ווערען שטאַרק און שטאַרק באַ־שטראָפט...

און זיי דערצעהלען זיך אַזוי:

...ניט אלע מאָהל איז דער „טויטער וואַלד", וואָס שטיינערט זיך ביים צופוסענס פון „פּאַיקס פּיק" טויט געווען. אַמאָל האָט ער נעגרינט און געשאָטענט. די בוימער זיינע האָבען זאַפטיגע צווייגען געהאַט, און טיף־גרינע בלעטער, מיט א ניט אָפּגעשטעלד־טע בליהונג, און קיינמאָהל ניט קיין פאַרטריקענטען טהוי אויף זיי. האָט זיך אָבער אריינגעטאָן א קללה אין וואַלד. ניט ווייט פון איהם האָט זיך אויפגעהאַלטען א שבט, וואָס האָט ניט געגלויבט אין דעם גאָט פון א צווייטען שבט. האָט דער צווייטער שבט גע־שיקט שלוחים צו באַקעהרין די שכנים צו זיין גאָט. האָבען אבער די שלוחים ניט פאַרשטאַנען זייער שליחות. אנשטאָט צו געהן לעבען אין זייערע שטיבלאַך, און אריינקומען אין זייערע טעמפּ־לען מיט גרויס רעספּעקט און יראת הכבוד, האָבען זיי זיך פאַרקליבען אין דערבייאיגען וואַלד, און פון הינטער די געדיכט־צוזאַמענגע בוימער האָבען זיי דעם געגנערישען שבט מיט אלערליי מיתות געסטראַשעט. ניט באַקומענדיג קיין אָפּרוף, ווייל יענער שבט

האָט זיך פון די געסטראשעטע מיתות ניט וויסענדיג געמאכט, און געדינט זיין אייגען גאָט, האָבען זיך די שלוחים פון נייעם גאָט דערשפּירט איינזאם. געהן צוריק מיט לעדיגען, איז זיי ניט אָנגעשטאַנען. מ'וועט אין זייער שבט זאָגען, אז זיי זיינען ניט די פּאַסענדע שלוחים; אז גאָט'ס וואָרט איז אויף זייערע ליפּען פארגליווערט געוואָרען, נאָך איידער זיי זיינען ווי געהעריג צו־געקומען צו די שכנים. האָבען זיי זיך אלים איינזאמקייט, ווי פּאר־לאָרענע, אלץ טיפער און טיפער אין וואלד פארקליבען. און אנ־שטאט זיך צו ווארימען מיט גאָט אין הארצען, האָבען זיי זיך מיט זינד פארשפּילט. האָבען זיך וואקכאנאליעס אָנגעהויבען. א שוועס־טער האָט גע'שכור'ט אויף איהר ברודער'ס שויס; א מאמע האָט נאקעט געטאנצט פאר'ן חתן פון איהר טאָכטער; און חתנים האָ־בען געזינדיגט מיט פרעמדע כלות אפילו אין זייערע חופּה־נעכט. זינד האָט זיך געפּרוכפּערט אין וואלד. אז זיי זיינען שלוחים פון א גאָט, האָבען זיי שוין לאַנג געהאַט פארגעסען. צווייג, און בלאט, און אויך דער הימעל, סאי אין זון־ליכט און סאי אין נאכט־שאָטען האָבען נאָר איינס געהערט: קראנקע ווילדע ליבע, מיט רייב און מאָרד באגלייט. האָט דער גאָט פון אלע געטער שטארק געצאָרענט. אָבער פארטרייבען זיי איינציגווייז האָט ער ניט גע־קענט. זיי האָבען זיך צווישען די געדיכטע און ווילד־צוגעוואק־סענע צווייגען באהאלטען. האָט גאָט דעם גאנצען וואלד פאר־שאָלטען. די צווייגען האָבען אָנגעהויבען דארען, די בלעטער פא־לען, עס איז געוואָרען פּוסט ארום, פארגליווערט און פארשטיי־נערט, און די זינדיגע זיינען אומגעקומען. דער טויטער פארשטיי־נערטער וואלד פון דער שטרעקע אויסגעשטעלטע פּוסטע קלעצער קען שוין זייט דאן ניט קומען צו זיך. דער וואלד איז פארשאָלטען געוואָרען צו בלייבען טויט אויף אייביג און אייביג...

---

אַ'הארא און דזשעק קלעיטאַן האָבען אונזער רייזע־געזעלשאפט איבערגעגעבען, ווי די דערצעהלונגען פון די מענער מיט הויכע שטיוועל און לאַנגע בערד, און די ווייבער אין ברייטע געבלימטע

טיכער, האָבען געשפּילט א ראָלע אין דער מלחמה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען צווישען זייער יוניאָן און א קאָמפּאני, וועלכע האָט געזאָלט ארומשניידען א בארג פאר פאבריק־צוועקען. מ׳איז געווען די געבראַכטע ארבייטער דם־שונאים, פארוואָס זיי זיינען געקומען פארשוועכען גאָט, און מייסטרעווען מיט מאַשינען דאָרטען, וואו גאָט וואַרפט פארבען און בלומען. און ווען די יוניאָן האָט געשיקט מענשען אָפּצושטעלען די ארבייט פאר א סך אורזאַכען, האָט מען זיי גאָר אָנגענומען פאר קינדער פון די זינדיגע גאָט׳ס שלוחים, וועלכע ווילען אויף וועמען ארויפצווינגען א נייעם גלויבען דורך סטראַשענען מיט אלערליי מיתות...

— אָבער קיין וועג האָבען די „הינט״ דאָ נאָך אלץ ניט אויס־געלייגט, — האָט דזשעק קלעיטאָן מיט נצחון זיך אומגעקעהרט צו אונז אלעמען.

— און זייט זיכער, מ׳וועט דאָ קיין וועג ניט אויסלייגען; ניט אזוי גיך, יעדענפאלס, — האָט ער געזאָגט מיט באַטאָנונג.

מיר האָבען זיך געשטעלט נאָהענט צום אָפּגרונד, וואָס האָט פּחד׳יג ארויפגעקוקט צו זיינע בערג־ווענט. די מיטרייזענדע „קוועי־קערס״ איז ניט געווען געפעלען, פארוואָס אַ׳האַרא און דזשעק קלעיטאָן האָבען זיך צושמועסט וועגען יוניאָן־ענינים.

דערווייל האָט די זון געוואָרפען הייסע פיילען, אפילו צווי־שען די בערג אריין. און די דערבייאיגע זיבען וואַסער־פאַלען פון די בערג אראָפּ, האָבען אויסגעקוקט ווי פליסענדער גאָלד...

— מיר פאָהרען ווייטער, — האָט אַ׳האַרא באַמערקט. — דער אָרט דערמאָהנט מיר צופיעל אונהיימליכע זאַכען...

— וואָס האָט דען פּאַסירט? — האָב איך געפרעגט.

און אַ׳האַרא האָט זיך אָפּגערופען:

— מ׳האָט דאָ געוואָלט לעכערען א בארג און אויסברייטען דעם אָפּגרונד, פון ערגעץ א באהן אריינצופיהרען, און פאבריקען אוועקשטעלען. עס האָבען דאָ געארבייט אונזערע מענשען. זיי האָבען געצאַמט די בערג־ווענט מיט אייזען. איז אָבער געוואָרען טראָבעל. די בעלי־בתים האָבען דערהערט, אז אין די אָווענדען

דרעהט זיך וועך ארום אין די שטיבלאך, אין דעם דערבייאיגען שטעטעל „מאניטאו“ און העצט אלעמען געגען זיי. די ארבייט ווידער איז אויך ניט ריכטיג געגאנגען. געה, צאהם אזעלכע בערג! האבען זיי עס פארענדיגט מיט א געוואלד־אקט. עטליכע צעהנד־ליג אונזערע מענשען זיינען פלוצלונג פארשלונגען געווארען אין אפגרונד...

— ווי אזוי?

— פרעגט די צושויבערטע בוימער אונטען אין אפגרונד אראפ!...

— ה י נ ט! — האט פעסט צוגעלייגט דזשעק קלעיטאן. — זיי וועלען דא קיין וועג ניט אויסלייגען. מיר'ן ניט לאזען... הינט! זיי וועלען דא קיינעם ניט קריגען. און אויב יא, איז מלחמה...

— האט מען געפרואווט דא נאכאמאל ארבייטען? — האב איך געפרעגט.

— א סך מאל — האט דזשעק געענטפערט. — און נאך לע־בענס זיינען אומגעקומען. א סך לעבענס... הינט... ווען נאר, די ארבייט געהט ניט ווי געהעריג איז, און די קאנטראקטארען פיה־לען, אז זיי וועלען פארלירען געלד, פאראורזאכט מען א קאטא־סטראפע ביים אפגרונט, כדי עס זאל הייסען, אז זיי מוזען אויפ־געבען די ארבייט... און דערווייל ברענגט מען אום מענשען... און ביי אונטערזוכונגען זאגט מען, אז מיר, די יוניאן־מענשען פאראורזאכען די קאטאסטראפען... אלץ זאגט מען אויף אונז!... האבען אפילו געשוואוירען, אז א'הארא איז א מערדער געוועזן!...

די „קוועיקערס“ האבען זיך אפגעקעהרט...

— זוכט גאט אין מענשען, הא? — האט דזשעק קלעיטאן סארקאסטיש זיך הויך צולאכט. — זוכט גאט אין מענשען!...

און זיין געלעכטער איז אין אפגרונד אריינגעפאלען.

— כא, כא, כא! העי, פרום־פארכטיגע לייט, זוכט גאט אין מענשען! אין מ־ע־נ־ש־ע־ן... כא, כא, כא...

מיר האבען פארטגעזעצט אונזער רייזע. מיר זיינען ארויף אויף די געשלענגעלטע וועגן צום „פאיקס פיק“.

3

עס איז שוין געווען שפעט נאכמיטאג. דער הימעל איבער די מיילען־לאנגע און מיילען־הויכע טהורעם־בערג, פון צווישען וועלכע „פאיקס פיק" דערהויבט זיך מיט זיין שניי'איגען קאפ העכער און העכער, איז געווען צוקנייטשט. און אין יעדען קנייטש אן אנדער ים קאלירען. און די קאלירען זיינען אומגעלאפען און געוויקעלט איין פארב אין צווייטען. אט האבען זיך צונויפגעגאסען אלע רויטע פארבען אין איין קנויל, און עס האט זיך געדאכט, אז פייערדיגע כוואליעס שפרינגען אויפ'ן הימעל, און די גאנצע וועלט וועט באלד א שטיק פלאקער זיין. און אט האבען זיך צונויפגעזאמעלט אין איין הימעל־קנייטש אלע בלאהע קאלירען, און בארג און וואלד און טייך איז געווען איין שטיק בלאה. איז אבער גלייך אריינגעשפרונגען אין דעם בלאהען קנויל א קופער־ברוינער שטראם, באגלייט מיט ווייס־בלאנקע בליצען, ווי זילבערנע שפיזען וואלטען פון הימעל געפאלען. די „זעקס און פערציג" טייבלאך ביים צופוסענס פון „פאיקס פיק" האבען דערפון אויסגעזעהן, ווי טויזענד־פארביגע שפיגלען.

דאס האט זיך די ווילדערניש געגרייט צו א זונען־אונטערגאנג. פון צווישען די פוסטע גראהע קלעצער פון טויט־פארגליווערטען וואלד האבען זיך ארויסגעריסען צוויי שווארצע פויגעל, און מיט לופט־רייסענדע קולות זיך אריינגעלאזען צווישען די צושויבערטע בלעטער אין ווילדען וואלד אריין. די פויגעל האבען געפאטשט די לופט מיט זייערע פליגלען און זיך געטראגען מיט אימפעט, ווי זיי וואלטען מורא געהאט, אז די פארגליווערטקייט פון טויטען וואלד זאל אויך זיי אריינגעהמען אין איהר טויטען־געוועב.

— ביז מיר'ן קומען צו זיין שנייאיגען קאפ, וועט אונז דער „פאיקס פיק" נאך באגעגענען מיט א האגעל, — האט דער אויטאמאביל־אנטרייבער איבערגעריסען אונזער אלעמענס שטילשווייגען, און איז געווען שטארק צופרידען, וואס ער קען דאס אונז אנזאגען פאראויס...

א כוואליע קאלטע לופט האט זיך טאקע באלד איבער אונז אריבערגעגאסען. מיר זיינען שוין געווען מיילען־ווייט הויך, און וואס העכער, זיינען מיר ווייטער פון זומערדיגען נאטור־פראכט אוועק. ארום די רעדער פון אונזער אויטאמאביל האט זיך שוין געוויקעלט שניי.

— געטליך, ערשט איז א זומער־וועלט געווען; און שוין אין א ווינטער־לאנד!

די באמערקונג איז אראפגעפאלען פון די ליפען פון א׳הארא׳ס א פריינדין, וואס האט זיך די גאנצע צייט געטוליעט אין איהר אייגענער ליעבעס־בענקשאפט, און כמעט ווי געשוויגען.

— זוכט ניט גאט דא, אין די ווילדערנישען; זוכט עס אין דעם מ־ע־נ־ש־ע־ן..., — האט דזשעק קלעיטאן זיך אומגעקוקט נאך אלע מיט א שטעכיגען בליק.

א ווינט האט צוטריבען אלע פארבען אין די קנייטשען פון הימעל. צוויי שטיקער פארב האבען זיך געוואלט ראטעווען, האבען זיי זיך אפגעריסען פון זייערע שוועסטער פארבען און זיך א לאז געטאן לויפען איבער׳ן גאנצען הימעל־אויסשפרייט. איז זיי אבער אנטקעגען געקומען א וואלקען, אונטערגעשיקט פון ווינט, און זיי אריינגעכאפט אין זיך. איז דער הימעל געווארען אין גאנצען טונקעל גראה, און נאך א ווייל רוהען פון דעם פריהעריגען פארבען־שפיל, האט עס עטליכע בליצען ארויסגעווארפען און א דונער האט זיך צוקייקעלט איבער די בערג...

מיר האבען זיך געמוזט אפשטעלען. אונזער אויטאמאביל האט זיך ניט געקענט דורכרייסען דורך דעם שווערען האגעל, וואס איז באלד נאך דעם געפאלען. און ווען דער האגעל איז שוין געווען פאראיבער, און די דונער־קנאלען זיינען פון די בערג אונטען אין די ווייטע שטעט אוועק, און די טונקעלע גראהקייט אויפ׳ן הימעל האט זיך צושיפט, איז ווידער ארויס די זון, און נאך מיט מעהר בלאנקעדיגקייט ווי פריהער, און האט דעם הימעל פאר א גרוי־סען ווייסען שפיגעל־גלאז געמאכט. און עס האט אונז פון דער הוי־כער הויכקייט אויסגעוויזען, אז די זון איז נידעריגער פון אונז; אז

מיר האָבען זיך דורכגעריסען דורך די וואָלקענס, ארויף העכער אין רוים, און די זון איז אונטען, ביי די נידעריגערע בערג. און נאָך ני־דעריגער זיינען די וואָלקענס, וועלכע האָבען זיך צולייגט אויף די גאָר אונטערשטע בערג, אזוי ווי ווייסע דורכזיכטיגע שלייערען.

— זיינען מיר דאָך אין הימעל! — האָט אויסגערופען אָ׳הארא.

— אין הימעל, אין הימעל! — האָבען מיר אלע, אויסער די „קוועיקער"־לייט, מיטגעשטימט.

דער „קוועיקער"־מאַן און די „קוועיקער"־פרוי האָבען זיך נאָ־איוו איבערגעקוקט.

— אונטען איז שוין קענטיג גוט פינסטער, — האָט די שטיל־פארביינקטע אָ׳הארא׳ס פריינדין א זאָג געטהאָן. — שוין נאַכט דאָרטען: דאָ איז נאָך א פולע ליכטיגקייט.

אויף דער קאַנאַדישער זייט פון די בערג איז דער הימעל אין דער צייט נאָך שפּיגעלדיגער, — האָט אָ׳הארא געענטפערט און צוגעלייגט: — כ׳בין דאָרט געווען פאר מיין אוועקגעהן אין טורמע...

— „העפּי דזשאו" איז דאָרטען דערשאָסען געוואָרען, — האָט זיך אָפּגערופען דזשעק קלעיטאָן און אריינגעקוקט אָ׳הארא׳ן אין די אויגען. — מען האָט איהם פארנארט אויף די בערג, בעת׳ן סטרייק ביי די „הארמאנס", און איהם געשאָסען...

דער שווערער קנייטש אויף אָ׳הארא׳ס שטערן האָט א ציטער געטאָן.

— „העפּי דזשאו" איז טויט? האָסט דאָך מיר גאָר ניט דער־צעהלט פון דעם!... — האָט אָ׳הארא אויפגעהויבען א שווערע טענה צו זיין פריינד דזשעק קלעיטאָן.

— א סך זאַכען האָב איך דיר נאָך ניט דערצעהלט — האָט דזשעק געענטפערט.

— ווי אזוי איז עס געווען? — האָט אָ׳הארא געפרעגט.

— ניט איהם אליין; נאָך קרבנות געווען, — האָט דזשעק קלעיטאָן געענטפערט, און צוגעלייגט — די הינט!...

— די הארמאנס האָבען זיך אונטערגענומען דורכצושניידען א

גאנצען געגענט, וואו מען האָט געזאָלט לייגען רעלסען, און דורכ־פיהרען דארטען א נייע באהן,—האָט דזשעק וויטער גערעדט צו אַ'האראַ'ן. — איז געוואָרען טראבעל גלייך אין די ערשטע טעג. „העפּי דזשאָו" איז געקומען אהין אויסצוגלייכען דעם טראָבעל. קיינעם איז ניט געווען אין זינען צו פארטשעפּענען מיט די האָר־מאנס א סטרייק, אבער דערזעהן „העפּי דזשאָו", האָבען די האר־מאַן־משרתים גלייך גענומען וועבען א פּראָוואָקאציע. פריהער האָ־בען זיי איהם געוואָרענט ער זאָל זיך אָפּטראָגען; אבער, ווייסט דאך, „העפּי דזשאָו" איז ניט פון די מענשען, וועלכע מען קען סטראשען... האָט ער עס אָנגענומען פאר א כלומר'שטען אָנשטעל, און איז ערשט געוואָרען עקשנ'דיג, „ניט אויסגלייכען מיט גוטען, נאָר א סטרייק"... — האָט ער געלאָזט אלעמען וויסען. אָבער, איידער וואָס, ווען, האָבען זיי איהם פארנאָרט, און גע'פּטר'ט... אי איהם געשאָ־סען, אי איהם פון בארג אראָפּגעשטויסען... מ'האָט איהם גע־פונען מיט א צושמעטערטען שארבען הענגען אויף א שפּיציגען שטיין ביי אן אראָפּפאל פון א העכערען אויף א נידעריגערען בארג... נעפּעהרליכע חברה די האָרמאנס — האָט דזשעק גע־רערט מיט א פארהאָרטעוועטער גלייכגילטיגקייט. — א באריכט איז אויך געווען, אז זיי האָבען דעם קאָנטראקט צו שניידען דעם נייעם וועג אָט דאָ ניט ווייט, פון „מאַניטאָו" ביז „קריפּל קריק". וועט געווים זיין טראָבעל מיט זיי. און מוזט זיך אלע מאָל רעכענען אויף קרבנות, ווען דו פאנגסט זיך אָן מיט זיי. זיי האָבען אלעמאָל גאָנצע באנדעס מיט זיך... אין יעדען טראָבעל מיט זיי פאלען קעפּ...

די „קוועיקער"־פרוי האָט א פרעפעל געטאָן מיט די ליפּען.

מיר האָבען דערגרייכט דעם בארג־שפּיץ, מיט'ן ווייסען ווינ־טער־פעלד אויף איהם. ס'איז געווען קאלט. פול שניי. פון די זייטען האָט ארויסגעקוקט א דיקע פינסטערקייט. מיר האָבען אראָפּ־געשטיגען א ווײַלע פון אויטאָמאָביל. מיר זיינען געווען אין אן אמת'ען ווינטער־געגענט.

— ווען דער ווייסער גענעראל פּאיקס האָט דאָ דעם שפּיץ דער־

גרייכט, אלס דער באצווינגער פון די אינדיאנער שבטים, האָט ער הינטער זיך געווים איבערגעלאָזן סטעזשקעס באשפריצט מיט מענשליך בלוט — האָט אַ'הארא'ס פריינדין באמערקט.

— און די סטעזשקעס ווערען געווייקט מיט אלץ נייע בלוט — האָט דער מאן־„קוועיקער" געענטפערט מיט אַ שטילען קרעכץ. — סטרייקס, שיסערייען, מאָרדען, ניטאָ קיין גאָט אין די מענשען... אָט וואָס עס איז שולדיג...

— מ י ר האָבען אַ גאָט... — האָט דזשעק קלעיטאָן אויסגע־רופען.

אַ'הארא'ס פריינדין האָט איהם פון איהרע שטילע ברוינע אוי־גען צוגעשיקט אַ בליק פון פארעהרונג...

---

מיר האָבען זיך גענומען פארקירעווען אויף צוריק אראָפּ פון „פּאיקס פּיק". דזשעק קלעיטאָן האָט זיך פארפּלוידערט מיט אַ'האָ־ראַ'ס פריינדין. ס'האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען דזשעק'ס געלע זומער־שפּריינקלאַך אויפ'ן שטערן און אַרום נאָז, און דאָס צאַרט־עדעל פּנים פון אַ־הארא'ס פריינדין. עפּעס האָט זי אויס־געזעהן לעבען דזשעק'ען, ווי אַ שטאָטיש־ערצויגען מיידעל זוכט „אַנצוציהען" אַ דאָרפס־יונג. דזשעק איז געווען אַ פלינקער און אַ וויציגער. אָבער אין איהר נאָהענטקייט האָט ער זיך געפיהלט פארלאָרען, און זיך אָנגעשטרענגט איהר אַרויסצואווייזען אַ באַ־זונדערע העפליכקייט. אַ'האראָ האָט דערצעהלט דעם מאן „קוועי־קער" און די פרוי־„קוועיקער" ווער „העפּי דזשאָו" איז געווען. אַז אייבינער שמייכעל איז אויף איהם שטענדיג געהאָנגען. מיר האָ־בען דאַן צוריק פארנומען אונזערע פּלעצער אין אויטאָמאָביל. עס האָט זיך גענומען וויקלען נאַכט אַרום אונז. איבער דעם פארגלי־ווערטען טויטען וואַלד האָבען זיך אַ סך שטערען צוזאַמענגעקליבען, ווי זיי וואָלטען געקומען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט וועקען די פארגליווערטע קלעצער צום לעבען...

יעדער פון אונז איז געווען פארזונקען אין זיך.

— מיר זיינען ווירקליך געווען נאָהענט צו גאָט — האָט אַ'האָ־

רא׳ם פריינדזין באמערקט מיט א לייכטען שמייכעל, ווען מיר זיינען שוין געווען אויף די געשלענגעלטע בארג־וועגען צו קומען צוריק אין דער נידער — מיר זיינען געווען העכער פון די הימלען...

— זוכט ניט גאט אין די הימלען; זוכט עס אין די מ־ע־נ־ש־ע־ן

— האט דזשעק קלעיטאן סארקאסטיש אויסגעזונגען אין א נגון.

די פרוי־„קוועיקער" האט א פרעפעל געטאן מיט די ליפען.

א׳הארא האט גערעדט ווי צו זיך אליין מיט אפגעריסענע ווערטער:

— „העפי דזשאו" שוין אויך געפאלען... נאך צושאסען און צושמעטערט...

ער האט זיך א טאפ געטאן ביים פארהארטעוועטען קנייטש אויף זיין פנים.

— איכ׳ל אמאל נאך ווידער געהן אין טורמע... — האט ער אויסגערופען מיט א האלב־צואוועהטאגטען געלעכטער...

מיר זיינען געפאהרען אלץ טיפער אין דער נאכט אריין...

## קענטאַקי׳ר הינט

אַז דער זייט פון אַ בריק, אין קאַווינגטאָן, וואָס שליסט צו־זאַמען אַהייאָ מיט קענטאַקי, איז געשטאַנען אַ פאַבריק, וואו מען האָט געגאָסען שטאָהל און געשמידט פאַרשידענע סאָרטען מאַשי־נען. די פאַבריק איז געשטאַנען אין אַ „יארד״ מיט אַנדערע גע־ביידען און אָפיסעס. דער „יארד״ האָט זיך אויך פאַרנומען אונ־טער׳ן בריק, וואו עס זיינען אימער געלעגען גרויסע קופעס צוזאַ־מענגעשלעפטע שטיקער מעטאַל און איבערגעבערענטע קויהלען. אין דער פאַבריק, וואָס איז געווען די העכסטע געביידע פון אַלע אנדערע און וואָס האָט זיך אריבערגעטהורעמט מיט איהרע הויכע קוימענס און מאָסען קליינע געל־פאַרפאָרבענע פענסטער־לאַך, האָבען געארבייט „פּראָסטע״ ארבייטער פון אַלערליי נאַ־ציאָנען. אין די אַנדערע געביידען האָט מען געשניטען מאַשין־רעדער און דאָרטען האָבען געארבייט „געלעהרנטע״ ארבייטער — אינזשענירען, ארכיטעקטען, מאַשיניסטען, שלאָסארעס — כמעט דורכאויס אמעריקאַנער...

איז די ארבייט געגאַנגען יאָהרען, און ארום דעם „יארד״ האָט שטענדיג גערוישט און געקאָכט מיט אָנגעשטרענגטען לע־בען. יעדע ווייל האָט אַ גרילצענדער פייף פון די פאַבריק־קוימענס אָנגעזאָגט דער וועלט, אַז אונטער׳ן דאַך, פון וואַנען זיי הויבען זיך ארויס, און צווישען די פיר ווענט, וואָס קוקען מיט אַזאַ גדלות, יאָגען זיך ארום טויזענט שטורעמס פון מענשליכער ענערגיע, אָנגעטריבען פון גרויסע פייערדיגע צונגען, און עס קלאַפּט דאָרטען מיט טויזענדער קולות. און מענש און שטאָל און פייער זיינען צוזאַמענגעגאָסען אין איין גערדערה, אין איין שטיק שרייענדיגעס און גרילצענדיגעס, וואָס באַוועגט זיך און

ווארפט זיך, נעהמט זיך פאנאנדער און גיסט זיך ווידער צו־נויף...

ארום די אנדערע געביידען זיינען כסדר צוגעקומען און אפגע־פאהרען גרויסע שווערע „טראקס“. און מענשען, ווינטער פאר־וויקעלטע אין שאלען און שווערע היטלען, און זומער מיט נאקעטע ארעמס, וואס האבען אויסגעקוקט ווי שטאהל, זיינען געשפרונגען פון די „טראקס“ און געקלעטערט אויף די הויכע אטאמאבילס, ווי ווינטען וואלטען זיי געטראגען. אין די פריהמארגענס זיינען צו דער גרויסער פאבריק און די קלענערע געביידען צוגעקומען טויזענדער ארבייטער. זיי זיינען געקומען אין קליינע גרופען, צו צוויי און צו דריי, און זיינען אריין אין די טהירען פון די געביידען, ווי עפעס אן אומבאוואוסטע, א געהיימע קראפט וואלט זיי אריינגעצויגען. אין די פארנאכטען, האבען די טהירען פון דער גרויסער פאבריק און די קלענערע געביידען זיי צוריק ארויסגע־ווארפען, אזוי ווי ארויסגעשפיגען זיי אין גאנצע הויפענס. די קוימענס האבען זיך צוגרילצט; די טירען אויפגעבראזגעט, און מענשליכע פנים'ער מיט'ן קאליער פון אש און שטויב האבען זיך געקייקעלט אין דער לופט אריין.

און ווען עס איז געקומען די נאכט, און די מענשען, וועלכע זיינען א גאנצען טאג אין דעם פייער פון ארבייט געווען, האבען אויף זייערע געלעגערס אין די שטיבלאך אויף די ארימע געסלאך גע־שפונען זייערע ווייטערע האפענונגען, איז די פאבריק אלץ ניט שטיל געווען. די פאבריק האט גערעדט איהר שטאהלענע שפראך אויך אין די נעכט. אנדערע ארבייטער זיינען געקומען און האבען פון דער נאכט געמאכט טאג. אין סאבריק איז דיזעלבע בלאס־געלע עלעקטרישע ליכט געווען אויסגעגאסען, און עס איז דארטען אויך געווען דערזעלבער געדרעה און צאפעל וואס בייטאג. מיט דעם איינציגען אונטערשייד, וואס ביינאכט זיינען פון די קוימענס אנ־שטאט פייפערייען, גרויסע פונקען פייער ארויסגעשפרונגען, און זיך געקייקעלט אין דעם שווערען רויך, וואס האט א גאנצע נאכט פון זיי געשלאגען.

אַז אײביגע באַוועגלעכקייט, אַן אומאויפהערלעכער רעש'דיגער געפּילדער.

אַפילו זונטאָג, וואָס איז געווען דער איינציגער טאָג, ווען די שמעלץ־קעסלען און די פייער־ציינגער אין פאַבריק האָבן גערוהט, און די קוימענס זיינען אויך שטיל־שבת'דיג געווען, און אויפ'ן „יאַרד" האָבן זיך בלויז אַרומגעשאַרט עטלעכע „וואַטשלייט" מיט אויסגעלאָשענע אויגען און שטיל רויכערענדע ליולקעס — האָט זיך אויך געפּיהלט לעבן אַרום דער פאַבריק און די אַנדערע געביידען האַרט לעבן דער פאַבריק. די ווייבער מיט די קינדער פון די פאַבריק־געסלאַך, וועמעס מענער און טאַטעס זיינען אַזוי ווי דער שטויב פון שטאָהל געלעגען, מיעד און אָהן כחות גערוהט, האָבן דעם "יאַרד„ פון פאַבריק פאַר זייער שפּיעל און שפּאַציער־פּלאַץ געמאַכט. האָבן דאָרטען פּוילישע און אַלערליי סלאַווישע און איטאַליענישע מאַמעס זיך איינגעטהיילט אין באַזונדערע גרופּ־קעס און געשמועסט צווישען זיך. און לעבען זיי האָבן זיך גע־טוליעט די קינדער זייערע. און אַלערליי שפּראַכען און אַלערליי געלעכטערס האָבען פאַרקלונגען דעם „יאַרד" .

און פאַרנאַכט, אין די זונטאַגס, האָבען זיך אַרום דער פאַבריק פאַרקליבען אַמעריקאַניזירטע איטאַליענישע און פּוילישע יונגען און אײרישע יונגען, און אין כאָהר האָבען זיי געזונגען, צוגעפּייפט, און אונטערגעטאַנצט דעם אַמעריקאַניש־נעגערשען „דזשיג" — און ווידער איז לעבען געווען אַרום דעם פאַבריק.

איז אָבער געקומען אַ סטרייק, און אַלץ איז איבערגעקערט געוואָרען.

דער סטרייק האָט זיך אָנגעהויבען אין דער גרויסער פאַבריק, וואו מען שמעלצט דעם שטאָהל. די אַרבייטער פון די אַנדערע געביידען, די „געלערענטע" אַרבייטער, די אינזשיניערען און אַר־ביטעקטען האָבען ניט געוואָלט סטרייקען.

— עס איז אַנדערע אַרבייט — האָבען זיי געזאָגט — מיר גע־הערען זיך ווייניג וואָס אַן מיט „סלאַווען" ביי די אויווענס, און מיר האָבען ניט וואָס צו פאָדערען פון די בעלי־בתים.

איז בלויז די שטאָהל פאבריק געווען אין סטרייק, און די „סלאווען" געשטיצט פון איינער פון די יוניאָנס אין דער שטאָהל־וועלט האָבען זיך פארהארטעוועט אין זייער קאמף, און ביי זיך ענטשלאָסען ניט צו געהן צוריק, ביז מען וועט זיי געבען וואָס זיי ווילען.

דער סטרייק האָט זיך פארצויגען. צוערשט האָט די קאָמפּאניע פּרובירט קריגען סטרייק־ברעכער, אבער דאָ האָבען זיך שוין אויך ארייגעמישט די „געלעהרענטע" ארבייטער, פון די אנדערע געביי־דען אין „יארד". עס זיינען מיט די סטרייק־ברעכערס אנגעקומען „שעריפס", און רייטענדע פּאָליציי, באוואפענט מיט געוועהר. און דאָס האָבען די אינזשינירען און די אנדערע שוין ניט געקענט פארטראָגען. האָט די קאָמפּאניע אויפגעגעבען איהרע פּלענער צו געפינען סטרייק־ברעכער, און באשלאָסען ארויסצופיהרען די אוי־ווענס און די מאשינערי פון דער שטאָהל פאבריק און זיך מיט דער גאנצער שטאָהל גיסעריי אריבערקלייבען אין אן אנדער געגענט.

עס איז געוואָרען א חורבן אין די געסלאך ארום דער פאבריק. אבער פארהארטעוועט אין קאמף, האָבען „די סלאווען" געזאָגט:

— ניין, מיר גיבען זיך ניט אונטער.

האָבען זיי נאָר מיט הונגעריגע אויגען נאָכגעקוקט ווי מען פיהרט ארויס די אויווענס פון דער פאבריק און פארקלעמטע זיך געשטיקט מיט דער שווערער משא, וואָס האָט זיך צולעגט אין הארצען.

נאָר עס וואָלט זיי שוין אייגענטליך גאָר ניט געהאָלפען. אָפּ־געמאכט „צו מופען די פאבריק", איז שוין געווען פארפאַלען.

אין די געסלאך איז געוואָרען אומעטיג, א פארגליווערטער שרעק איז געשטאנען אין דער לופט.

די גרויסע געביידע, וואו עס איז פריהער געווען די פאבריק איז געבליבען פוסט.

די סטרייקער האָבען אָנגעפאנגען זיך פאנאנדערצופאָהרען,—זיך ארויסגעקליבען מיט זייערע ווייבער און קינדער; און מיט פּעקלאך אויף די פּלייצעס זיינען זיי אוועק פון די געסלאך ערגעץ אין אנ־דערע שטעט.

עס איז פוסט געוואָרען אויך אין די געסלאַך.

די אינזשינירען און אַרכיטעקטען און אַנדערע, וואָס האָבען מיט זיי מיטגעארבייט אין די אַנדערע געביידען, ארום דער פוסטער פאַבריק, לעבען די פוסטע געסלאַך, האָבען זיך אָנגעהויבען פיהלען אונהיימליך.

— אַן אָפּגעשטאָרבענער געגענט.

— א פאַרשאָלטענער פּלאַץ.

— פוסט... אומעטום פוסט...

אַזעלכע באַמערקונגען האָבען זיי אַליין און אויך אַנדערע דורכגעהער געמאַכט וועגען די לעדיג־געוואָרענע געסלאַך און דער פאַרקלאַפּטער פאַבריק.

אויף די פוסטע געסלאַך האָבען זיך אַזוי אָנגעהויבען קלייבען קעץ און נאָכדעם הינט. אין דער לעדיג געוואָרענער געביידע, אויף די געזימסען פון דער געביידע, און אויף די פענסטער—אַלערליי קעץ; און אונטען אין „יארד“, א גאַנצע סטאַדע הינט.

די קעץ האָבען שפּעטער אָנגעהויבען פאַרשווינדען; אבער די הינט — מיט יעדען טאָג זיינען זיי געוואָרען אַלץ מעהר.

דער „מעיאר“ פון דער שטאָט האָט פּרובירט אנווענדען פאַרשיידענע מיטלען זיי צו פאַרטרייבען. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. מ'האָט צוערשט פּרובירט ארעסטירען די הינט. מען האָט אָנגעשטעלט הינט־כאַפּער מיט וועגעלאַך, און מען האָט א גרויסע צאָהל צוגענומען. עס האָבען זיך אָבער גלייך באַוויזען אַנדערע.

און זיי פלעגען זיך ציהען גאַנצע שורות־ווייז און זיך אויך האַלטען אין רעדלאַך. און אָפט האָבען זיך אַלע הינט צוזאַמען פאַרנאַנדערגעבילט, אָדער אין א שטילערן קול זיך אַזוי ווי צו־וויינט, צוויאָמערט. אַלס אַן ענטפער זיינען קעץ אין אַלע ארומיגע ווינקלען זיך פאַרגאַנגען אין א „מיאַקען“, און דער גאַנצער געגענט ארום, די פוסטע געביידע און די פוסטע געסלאַך, איז געווען אַזוי ווי צוזאַמענגעגאָסען אין איין שטיק יאָמערדיגען קרעכץ.

די געבליבענע ארבייטער אויפ'ן פאַבריק־„יארד“ האָבען זיך אָנגעפאַנגען שרעקען און גענומען פאַרלאָזען זייערע שעפער אין די

געביידען ארום דער פוסטער פאבריק. פלעגען נאר די הינט זיך צוזאמערען, אזוי פלעגט א גרויל זיי ארומכאפען. האבען זיי גע־געבען דער קאמפאניע א ווארנונג מיט פארשיעדענע תירוצים, און איינציגווייז און גרופענווייז זיינען זיי אוועק זוכען אנדערע „דזשאבס".

אויך די אנדערע געביידען ארום דער פוסטער פאבריק זיינען אויף אזא אופן געווארען פוסט. און דער פריהערדיגער קאכיגער שטאהל „יארד" האט ביי די איינוואוינער פון קענטאקי און אהייא געקראגען א גאנץ באזונדערען נאמען:

— „דאג'ס קענעל" — א נעסט פאר הינט.

# דער „פארברעכער“

א משרת, ער נעהמט אראפ די מאנטלען און נעהמט צו די העטס פון די, וועלכע קומען אהין. ס׳איז א קלוב, וואו עס קלייבען זיך אפט צוזאמען אמעריקאנער ליבעראלען און אמעריקאנער אר־בייטער־פיהרער, און ער איז דארטען דער טהיר־שטעהער.

ער איז הויך, נאר אלט. זיין מאגער־אויסגעצויגען געזיכט האט שוין א סך געלבע קנייטשען, און זיין קאפ איז אינגאנצען וויס, גרא־וויס, ווי שניי אין א גראען פארנאכט. אבער זיינע אויגען און זיינע באוועגונגען זיינען נאך גאר יונגע.

די אויגען זיינען בלאה און לייכטען, ווי זיי וואלטען אט ערשט די וועלט דערזעהן, און זיינען פון א ליבער מאמען געוואר־רען אויסגעקושט; אדער, ווי זיי וואלטען פלוצלונג א וועלט מיט גליק דערבליקט, און זיינען פון א געליעבטער׳ס א שמייכעל באַ־גענענט געווארען...

די באוועגונגען זיינע — פלינק, געשיקט און עלעגאנט, ארים־טאקראטיש.

שטעהט ער ביי דעם אריינגאנג פון קלוב מיט א ביסעל א פאר׳־חלום׳טען שמייכעל, און ווען אימיצער באווייזט זיך, איז ער גלייך לעבען איהם מיט אויסגעשטרעקטע הענד און א צערטליכע ריה־רעוודיגקייט, ווי ער וואלט געזאגט:

— איך בין דיר גרייט צו דיענען, ניט ווייל איך בין דא א משרת, נאר ווייל איך האב אכטונג פאר דיר און האב דיר ליעב“...

און ער האט אמת ליעב די געסט, וועלכע קומען אין דעם קלוב. ער ווייסט ווער זיי זיינען.

דערצעהלט מיר א פריינד, איינער פון די טעג־און־נעכט געסט פון קלוב:

...האט דער „דען“ — אזוי רופען מיר איהם, צי זיין נאמען איז ווירקליך אזוי, ווייס איך ניט, קײנער ווייסט ניט — אט דער „דען“ איז געווען א היבש ביסעל יאהרען אין טורמע...

— א פארברעכער? — פרעג איך.

— פאר א סטרייק.

— א היבש ביסעל יאהרען, וויפיעל?

— פופצעהן יאהר... פופצעהן יאהר... — ווידערהאלט ער.

און ער פארטרויט מיר דעם סוד:

— ער איז אן אינזשיניר, אן אייזענבאהן־אינזשיניר. געווען מיט יאהרען צוריק אין וויטען וועסט א סטרייק אויף אייזענבאהנען. האט ער געמאכט אזוי, אז א צוג איז אראפ פון די רעלסען. איהר פארשטעהט?... מענשען זיינען אומגעקומען. איהר פארשטעהט... נו, איהר ווייסט דאך, ער איז ארויס פון פריי־זאן מיט א פארברעכער־שטעמפעל אויף זיך, האט ער אין ערגעץ קיין פלאץ ניט געפונען. נאך א פאר יאהר וואנדערען און וואל־גערען זיך, איז ער אהער אין קלוב ארייגעפאלען און — דיענט דא אלס משרת...

— איז ער א פארברעכער סאי־ווי־סאי... וואס הייסט ארונ־טערפיהרען א לויפענדען צוג פון די רעלסען?... און מענשען זיי־נען דארטען געווען?...

— גלויב ווי דו ווילסט... — זאגט מען מיר.

און איין מאל, ווען אין קלוב איז קיינער אויסער איך און מיין פריינד ניט געווען, האט „דען“ אליין מיט אונז זיך צושמועסט און דערצעהלט ווי אלץ איז מיט איהם פארגעקומען, און אז פאר א פארברעכער דארף מען איהם ניט האלטען. עס איז ארום איהם געווען א פראוואקאציע...

און ווען „דען“ איז ניט פארנומען מיט קיינעם, און ער שטעהט ביים טהיר מיט א פארגליווערטען שמייכעל, טראכט איך, אז ער טראכט פון זיינע אמאהליגע טעג. ער זעהט זיך אלס אינזשיניר אויף אן אייזענבאהן, וואס טראגט איהם מיט גאלאפ פארביי וועל־דער, טייכען און בערג; יאגט זיך אויף זיין לאקאמאטיוו, וואס צורייסט די לופט און טרייבט פאנאנדער ווינטען און פויגלען.

ער שטרייט מיט רעגענס און שנייען, וועלכע באפאלען זיין וועג און ער האט הנאה פון דער שלאכט, וואס ער פיהרט מיט זיי. און אט שפיעלט ער זיך גאר מיט דער זון־ליכט, וואס גיסט זיך פון א בלאהען הימעל אויף ווייטע שטרעקעס. און ווען ער גאלאפירט מיט זיין לאקאמאטיוו, פליהט ער דאס כאפען די זון.

און ער קומט מיט זיין לאקאמאטיוו אין קליינע שטעדטלאך אריין, און ער פיהלט זיך ווי א זיעגרייכער מלחמה־גענעראל. און ער קוקט ארויס פון די לאקאמאטיוו־טירלאך אין זיין געשטרייפ־טען ארבייטס־אנצוג, אוןווארפט זיך איבער מיט שמייכלען מיט יונגע שעהמעוודיגע מיידלאך, וועלכע זיינען געקומען פון דעם קליי־נעם שטעטעל צו דער באהן־סטאנציע ארויס. און עס לויפען פאר איהם בילדער פון טעג און יאהרען. און ער זעהט זיך אין טורמע, מיט די גראהע ווענטלאך פון זיין חדר'ל. און דעם ריכטער, ווען ער האט איהם זיין שטראף, לעבענס־לאנג אין טורמע, ארויסגעשריי־ען. און ער געדענקט דעם קרעכץ פון זיין פרוי, וועלכע איז לעבען איהם אין געריכט געזעסען. און ער קען זיך ניט דערגרונטעווען אין די געדאנקען, וועלכע האבען איהם באהערשט, ווען ער האט באשלאסען זיין „טהאט" דורכצופיהרען. און דאן זעהט ער זיינע וואנדערונגס־טעג, נאך די טורמע יאהרען, זיין ארומשלעפען זיך צו פוס פון שטעטעל צו שטעטעל, און פון דארף צו דארף...

ווארום, ווען „דען" שטעהט ביים טהיר מיט א פארגליווערטען שמייכעל, איז ער ניט ער... איהר פארשטעהט?...

ביי דער טהיר פון קלוב שטעהט דאן אן אנדערער... עפעס א געוועזענער „פארברעכער"..., וועלכער איז דאנקבאר די גוטע מענשען, וואס קומען אהער אריין, און לאזען איהם דא האבען א שטיקעל רוה — איהר פארשטעהט?...

# די „גרענד אָלד לײדי"

מרס. מעק׳גאָווין איז די גרענד דאַמע פֿון אַלע אײרישע יוניאָן עקספּרעסלײט פֿון ברוקלין. מרס. מעק׳גאָווין פֿאַרפֿעהלט ניט קײן אײן פֿאַרזאַמלונג פֿון דער יוניאָן. זי איז די אײנציגע פֿרוי, װעלכע מען זעהט בײ עקספּרעסלײט פֿאַרזאַמלונגען. מרס. מעק־גאָװינ׳ס גאַנצער לעבען איז צונױפֿגעבונדען מיט דער ברוקלינער עקספּרעסלײט־יוניאָן. זאָל זי זײן איצט געצװאונגען זיך צו שײדען מיט דער יוניאָן, װעט עס הײסען, אַז מען רײסט איהר אָפּ מיט געװאַלד פֿון דעם אַנדענק פֿון איהר אײנציגען זוהן.

קומט זי יעדע װאָך צו דער פֿאַרזאַמלונג, היט אָפּ איהר זוהנ׳ס אָרט, און שטראַהלט פֿון נחת.

װאַרים איהר זוהן, איהר „בילל" װעט שפּעטער מיט יאָהרען קומען צוריק. אין דעם איז מרס. מעק׳גאָווין זיכער. און ער װעט קומען אַ געזונטער, אַ פֿרעהליכער, װי ער איז דאָס געװען אַלעמאָל. מרס. מעק׳גאָווין איז אין דעם זיכער. היט זי דעם זוהנ׳ס אָרט...

מרס. מעק׳גאָווינ׳ס זוהן איז אין טורמע. ס׳איז געװען אַ סטרײק, אַ גרױסער און אַ שאַרפֿער. די בעלי־בתים האָבען סטרײק־ברעכער געדונגען. איז געקומען צו געשלעגען, און אין אײן געשלעג איז אַ סטרײק־ברעכער אַוועק טױט געפֿאַלען. האָט מען אין זײן טױט־שלאָג „בילל" מעק׳גאָווינ׳ען באַשולדיגט. מען האָט ניט געקאָנט באַװײזען, אַז ער איז װירקליך געװען דער דירעקטער שולדיגער. מען האָט איהם אָבער אױף 20 יאָהר טורמע פֿאַרט פֿאַרשיקט. זיצט ער דאָרטען אין טורמע און די מאַמע, אַ דערשלאָגענע אַלטע אַלמנה, װעלכע אַרבײט שװער זיך צו ערנעהרען, קומט יעדע װאָך צו דער פֿאַרזאַמלונג פֿון איהר זוהנ׳ס יוניאָן זיך אַ ביסעל צו צו־

שטרייען. זי זיצט ביי דער פארזאמלונג און טראכט פון איהר „ביללץ". זי האט א באזונדערען נחת טראכטענדיג פון איהם. עס צושפיעלט זיך דאן איהר האפנונג, אז אט, אט, און איהר „בילל" וועט אהיים קומען...

ביל מעק'נאווין איז געווען א יונג א כוואט, מיט א שטענ־דיג פרעהליכען צאפעל אין זיינע ליכטיג־גראהע אויגען, און א דרייסטער, פול מיט קוראזש און ענערגיע. ווען ער איז ארעסטירט געווארען, און שפעטער, ווען עס איז פארגעקומען דער פראצעס, האט די מוטער געוויינט און געקלאגט. אבער דאס האט זי געטאן אין דער שטיל, ער, „בילל", זאל ניט באמערקען. פאר איהם פלעגט זי ערשיינען אימער מונטער. „בילל" איז ביי זיין פראצעס געשטיצט געווארען פון דער יוניאן, און אזוי איז די מאמע זיינע גלייך פאר־פולער געווארען צווישען אלע יוניאן לייט. און ווען „בילל" איז נאך אלע פראצעסען אוועק זיצען זיין טערמין, האט זי אנגעפאנגען קומען צו די פארזאמלונגען פון דער יוניאן, פיהלענדיג, אז מיט איהר געהן אהין, האלט זי אן א נאהענטע פארבינדונג מיט איהר איינציגען זוהן...

זי איז שוין אלט, די מאמע פון דעם עקספרעסמאנ'ישען יו־ניאן מארטירער. מרס. מעק'גאווין איז שוין גראה. דאס אוועק־נעהמען דעם זוהן פון איהר, האט איהר נאך גראהער געמאכט. און עפעס איז זי אויך אזוי ווי נידעריגער געווארען אין וואוקס. זי ארבייט אבער, ארבייט אין א „לאונדרי", פיהרט אן איינזאמען לע־בען, אוןווארט אויף דעם אהיים־קומען פון איהר זוהן.

צו די פארזאמלונגען קומט מרס. מעק'גאווין אימער אנגעטאן זונטאגדיג. עפעס אזא טונקעלע פאלערינע אנן א טונקעלע קליינע העט. פון איהר העט שפארען זיך ארויס ביי די זייטען זילבערנע גראהע פאסען פון איהרע גראהע האר, און זי לאזט איבער אן איינדרוק פון א ליכטיגער, סימפאטישער אלטינקער. ווען זי קומט אריין צו דער פארזאמלונג, קריגט זי פון די איירישע הארעפאש־ניקעס אן אויפנאהמע, ווי גוטע איינקלאך נעהמען אויף א גוטע, ליעבע באבען. יעדער איז גרייט איהר אנצובאטען זיין פלאץ.

אָבער זי האָט נאָר איין ווינקעל — דעם ווינקעל, וואו איהר זוהן פלעגט ביי די פארזאמלונגען זיצען. דאָרטען טוליעט זי זיך איין, פאָלגט נאָך די פארהאנדלונגען, און שיקט פון איהרע אַלטע אויגען א גוטמוטיגען שמייכעל צו אלעמען.

ס'איז שוין היבשע עטליכע יאָהר, זייט איהר „ביל“ איז היינטער אייזערנע גראטעס און ס'איז שוין היבשע עטליכע יאָהר, זייט זי קומט צו די פארזאמלונגען. אוים רעספּעקט צו איהר און אוים חבר'שאפט צו איהר זוהן, רופען איהר די ברוקלינער איירישע עקספּרעסלייט „גרענד אָלד לײדי“. זי איז צופריעדען פון דעם. דאָס איז א טרייסט פאר איהר מאמעשע הארץ, וואָס צאפּעלט זיך און ווארפט זיך פאר איהר איינציגען זוהן, וועלכער איז אזוי ווייט פון איהר, און דאָך אזוי נאָהענט...

## „טערדי דער לעקטשורער“

ניט רעגירונגען ברייננען מלחמות און ניט דער קאפיטאליזם. ברייננען, ברייננט מלחמות אויף דער וועלט א שווארצער ים־פויגעל, וועמענס כריפעדיג ליעד עס ווערט פלוצלונג איבערגעריסען...

און טאמער וועט איהר צו מיר האבען טענות:

— סטייטש ?...

וועל איך אייך אפשיקען צו „טעררי דעם לעקטשורער“...

---

אין א זייטיגער געסעל, לעבען דער „באטערי“, ניט ווייט פון „סאוטה פעררי“, איז דא א מאטראזען־קלוב, וואס דיענט אויך פאר אן אפיס פון דער מאטראזען־ יוניאן פון ניו יארקער פארט. די מאטראזען קלייבען זיך דארטען צוזאמען צו פארברייננען אין קארטען־שפיעל, פארהאנדלען „יוניאן־ביזנעס“, און צו הערען „לעקטשורס“ פון „טעררי דעם לעקטשורער“.

„טעררי“ איז דער רבי פון אלע מאטראזען. און ווען עס ווערט זיי איבערדריסיג צו שפיעלען אין קארטען, אדער עס ווערט א קריגעריי אין א „געים“, און מען דארף די „צוקאכטע“ איינשטילען, באווייזט זיך אויף דער קליינער פלאטפארמע פון קלוב „טעררי דער לעקטשורער“, און ווען טעררי רעדט נאר ארויס די ווערטער; „עי חברה“! — אזוי ווייסען שוין אלע אין קלוב, אז מען דארף ווערען שטיל און ערנסט, ווייל טעררי וויל עפעס זאגען, און „דורך טעררי׳ס ליפען רעדט גאט, וועלכער איז דער איינציגער פריינד פון די „באים“, וועמענס שיקזאל עס איז פארבונדען מיט אלע געפעהרליכע ימים“.

טעררי איז שוין ווייט אריבער די פופציגער. דער פּנים זיינער קוקט נאָך אפילו אוים יונג, אין די באַקען שפּיעלט נאָך א רויט־ליכע פארב, אָבער זיין גוף האַלט שוין אזוי, ווי ביים צוזאמענ־ברעכען. ער איז א נידעריגער און א מאָגערער, און ווען ניט די גראָהע האָר, וואָלט מען איהם געקענט אָננעהמען פאר א קרענקלי־כען אינגעל, און די רויטליכע פאַרב אויפ׳ן פּנים וואָלט עס גע־ווען דער סמן, אז ער איז א קרענקליכער אינגעל... טעררי אר־בייט שוין מעהר ניט. קען ניט מעהר... דרעהט ער זיך ארום אין אלטע, ברייטע מאטראָזען ־ הויזען און אין א שמאָל אנגעצווי־גענעם מאטראָזען־יאקעל, און צווישען די יונגע חברים זיינע כאפּט ער ביי וועמען א הלואה, און ביי וועמען א „טריט“... און קיינער ענטזאגט איהם קיינמאָל ניט.

ער איז זייער רבי, און „לעקטשורט“ פאר זיי, ווען נאר עס ווילט זיך זיי עפּעס הערען...

מאטראָזען האָבען זיך זייערע אייגענע „סמנים“, פון וועלכע זיי דערקענען צי עס רוקט זיך אָן אן אונגליק. „פארבלאָנדזשעטע שיפען, וועלכע וואָגלען ארום אויפ׳ן ים“, האַלטען כסדר זייער גע־דאנק איינגעשמידט אין עפּעס אונהיימליכעס, און זיי קומען אָפּט פרעגען וועגען דעם טעררי׳ן. און טעררי „קלעהרט זיי אויף“. און וואָס ער זאָל זיי ניט ערקלעהרען, באגלייט ער זיינע „לעקציעס“ מיט עפּעס אן ערפאהרונג, וואָס ער אליין האָט געהאט דורכרייזענ־דיג „אלע ימים פון דער וועלט“...

האָט טעררי געלעקטשורט איבער מלחמות און דערצעהלט זיין ערפאהרונג:

...מיר זיינען דאָן געווען ארום די גרענעצען פון אפריקא. עס איז געווען א ליכטיגע לבנה־נאכט און א שטילע. קיין ווינט אין דער לופט און קיין שטורעם אויף די וואַסערען. עס איז שוין געווען גאָר שפּעט. אונזער מאנשאפט, אלע אונזערע „באָיעס“, זיינען שוין געווען אין די בעטלאָך. עס איז אבער געווען מיין וואך־נאכט, בין איך ארומגעגאנגען אויפ׳ן אויבערשטען דעק און עפּעס געמייסט־רעוועט. פּלוצלונג דערזעה איך לעבען זיך דעם שיף־הייצער

דזשאהן, א נעגער מיט גרויסע רונדע און פארגלאָצטע ווייסלען אין די אויגען, וועלכער פלעגט צוליעב זיין גרויסער אידיאָטסטווע כאַפּען אָפּט פון אונז א סך קלעפּ, און גראד די קלעפּ האָבען איהם דוקא געמאכט ארומצוקריכען ארום אונז אזוי ווי א שלאַנג...

— זעהסט, טעררי, — האָט מיך דער „שווארצער" אָנגעכאַפּט פאר'ן האנד און אָנגעוויזען צום הימעל צו. — זעהסט, אָט דראַ־פּעט זיך א שווארצער פויגעל אין דער לופט. ער וועט באלד זיך פאַנאַנדערשרייען מיט א הייזעריגען קול. דאָס זינגט ער אזוי, און מען טאָר איהם ניט שטערען: ווען מען שטערט איהם, ווערט ער אין כעס, ער ווערט איינגאנצען אנטשוויגען און פאנגט אָן אלעמען צו שילטען, און די קללות זיינע ווערען מקוים...

טראָג זיך אָפּ, דו שווארצער אידיאָט — האָב איך איהם אָפּ־געשטופּט פון זיך — ווער קען איהם דען שטערען?... איך האָב אָבער שוין אליין אויך אָנגעפאנגען צו ציטערען, און מיינע אויגען פון פליהענדען שווארצען פויגעל ניט אראָפּגענומען...

דער „שווארצער דזשאהן" האָט מיך אָבער ניט אָפּגעלאָזען, און גענומען זיך קלאמערען אָן מיר. און א ווייל שפּעטער האָט דער פויגעל טאקע גענומען שרייען מיט אזא כריפּעדיגען קול, אז עס איז מיר פארגאנגען אין אלע אברים...

— הייסט עס, דער שווארצער אידיאָט איז טאקע גערעכט גע־ווען. דער כריפּעדיגער געזאנג פון שווארצען פויגעל איז מיט יע־דער ווייל געוואָרען אלץ שרייענדיגער און כריפּענדיגער. די גאנצע מאַנשאַפט אונזערע איז פון די בעטלאך אראָפּ און אויפ'ן דעק ארויפגעקומען...

— ס'וועט זיין א מלחמה אויף דער וועלט... — האָט איינער פון די קאַפּיטאַנען שטילערהייד, אזוי ווי צו זיך אליין באמערקט.

מיר זיינען אלע געשטאַנען שטומע און צוציטערטע, אזוי ווי דער לשון וואָלט ביי אלעמען אָפּגענומען.

פּלוצלונג האָט דער פויגעל זיך געגעבען א קעהר איבער אין דער לופט, ארויסגעלאָזען נאָך א שטארקערען כריפּעדיגען קול, און — אנטשוויגען געוואָרען. דער „שווארצער דזשאהן" האָט געגעבען

א מורא'דיגען קוויטש, און דער קאפּיטאן, וועלכער איז געשטאנען לעבען אונז, איז שטילערהייד אוועק צו זיין פּאָסטען...

דער פויגעל האָט גענומען פארשווינדען, און פארשווינדען האָט אויך גענומען די לבנה. לאנגזאם האָט זיך די לבנה גענומען אויסלעשען. שווערע וואָלקענס זיינען אָנגעקומען, און איהר לאנג־זאם דערשטיקט. א ווייל שפּעטער איז דער הימעל באדעקט גע־וואָרען מיט א דיקען חשך, און עס האָבען ארום אונז זיך גענומען טראָגען ווילדע, לאכעדיגע קולות, עפּעס אזוי ווי דער ים וואָלט זיך צולאכט מיט א טייוועלשען געלעכטער.

אין עטליכע טעג ארום, ווען מיר האָבען ערגעץ נאָהענט צו א ברעג געאנקערט אונזער שיף, האָבען מיר טאקע דערהערט, אז מען שיקט ארויס ארמייען צו א מלחמה... דער שווארצער פויגעל האָט מיט זיין איבערנעריסענעם כריפּענדיגען ליעד די מלחמה גע־בראכט... — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען טעררי האָט געענדיגט, זיינען די צוהערער זיינע געשטאנען א ווייל ווי פאראליזירטע, און עס האָט זיך געדאכט, אז אפילו דאָס בילד אויפ'ן וואנט פון קלוב, מיט דער האלב נאקעטער מיי־דעל, וועלכע גלעט א יונגען בלאָנדען מאטראָזעל, איז זיך אויך אין שרעק פארגאנגען...

א ווייל שפּעטער האָבען צוויי מאטראָזען זיך ברידערליך ארומ־גענומען און פארלאָזען דעם קלוב פייפענדיג א פארשייט ליעדעל.

אין דרויסען האָבען זיי זיך צושלאָגען...

# געלע פייערלאַך

מיר זיינען געזעסען אין דעם „לאָנגשאָרמען־קלאָב“, אין איינעם פון די פאָרוואָרפענע געסלאַך ביי די ברעגען פון ניו יאָרק. א ברו־דער האָט מיר דערצעהלט ווי אזוי ער האָט פארלאָרען אן אויג אין א סטרייק.

— ...פארשטעהסט, מיט א שפּיזעל האָבען זיי א שטאָך געטאָן... כ'האָב געפיהלט עפּעס גיסט זיך אין מיר... עפּעס וואָס בריהט, און קלעפּט זיך, און צינדט מיך אָן... און דאָס אלעס...

עס איז געווען שפּעט ביינאַכט. בלויז איך און דער בלינדער ברודער זיינען אין קלוב געווען. פון אונטער'ן באַלקען האָט אראָפּ־געצאַנקט א שוואַך לעמפּעל אויף א צודרעהטער געז־רעהר. אויף די קרומע ווענט האָבען זיך געדרעהט שאָטענס.

דער ברודער „אויף איין אויג“ האָט גערעדט, און איך האָב געקוקט אויף די שאָטענס, וועלכע זיינען געווען אין א ווילדען שפּיל אויף די קרומע ווענט.

פון וואַנען האָבען זיך גענומען די שאָטענס? דאַכט זיך גאָר־נישט האָט זיך באַוועגט אין דעם האלב־טונקעלען קלוב־צימערעל, אויסער דעם צאַנקענדען געז־פלעמעל... און אזעלכע גרויסע אומ־געלומפּערטע שאָטענס... כ'האָב אָנגעקוקט דעם ברודער „אויף איין אויג“... איז דאָס זיין שאָטען?... ניין... מיינער? — אויך ניט...

אן אומהיימליכער סוד...

מיין בליק האָט זיך איינגעגעסען אין דעם שוואַכען געז־ליכט.

פּלוצלונג האָט זיך געעפענט די טיר און עס האָט זיך אריינ־געשלייכט א געשטאַלט פון א מאַן.

הויך, מיט ברייטע פּלייצעס, דער קאָפּ אראָפּגעזונקען.

ער האט זיך שטיל פארקליבען אין א ווינקעל.

אין דעם אומהיימליכען שאטען־שפיל אויף די ווענט איז צו־געקומען נאך א שאטען.

ווער ער איז, האב איך דעם ברודער „אויף איין אויג" ניט געפרעגט. איך האב נאר געזוכט זיין שאטען צווישען די אנדערע שאטענס, און געוואלט זיי אונטערשיידען. אבער ניט געקאנט. בלויז נאך אן אומגעלומפערטער שאטען און וויטער ניט...

— העי, ברודער, וואס וועהטאגט דיר?

דער ברודער „אויף איין אויג" האט עס א פרעג געטאן די הויכע שטילע געשטאלט אין ווינקעל.

שטום. דער געלער גאז־פלעמעל האט נאר זיך האסטיג א צאפעל געטאן, און איין שאטען איז פון וואנט פארשוואונדען...

— קום אהער, דו, הינטישער זוהן!

האט דער ברודער „אויף איין אויג" שוין הויך גערופען די שטילע געשטאלט.

ער איז צוגעקומען מיט א צוקרימטען שמייכעל אויף זיינע גראבע ליפען, וועלכע זיינען געהאנגען ווי שטיקער אויסגעקוועטשטע געלע שמאליץ...

—זעץ זיך, הינטישער זוהן... זוכסט א דזשאב, הא?... זיי האבען אנגעגרייט פאר דיר... דעם מלאך המות, האבען זיי אנגעגרייט...

דער ברודער „אויף איין אויג" האט א שפיי געטאן אויפ'ן וואנט.

איך האב אנגעקוקט די הויכע שטילע געשטאלט. מיט'ן צוקרימטען שמייכעל אויף די גראבע חלב'נע ליפען. אין די אויגען ביי איהם זיינען געווען מאדנע פייערלאך. געלע. ווי דער געלער פלעמעל פון גאז־ליכט... ווי געלע ווערימלאך וואלטען זיך לאנגזאם געדרעהט ארום זיי...

— דאס ווייב זיינס האט זיך ס'לעבען גענומען און א קינד אויך מיטגענומען... א לאנגע צייט אהן א דזשאב... ניט געקאנט אויסשטעהן דעם הונגער... האט זי זיך, און דאס קינד מיט גאז

דערשטיקט... און ער גערהט נאך איצט אויף ארום אהן א דזשאב... חדשים... עסט פון מיסט־„בארעלס“ — און שווייגט... דרעהט זיך ארום פארטאג דא ביים ברעג — און שווייגט...

ווען איך בין ארויס פונ׳ם לאנג־שארמען קלוב האט מיך באַגעגענט א קאלטע שטילקייט. נאכט. אויף די גאסען האבען געטאנצט פייערלאך פון עלעקטרישע לעמפלאך. געלע פייערלאך, געלע ווערימלאך ארום די אויגען פון טאטעס, וועמענס ווייבער און קינדער עס האבען זיך דערשטיקט אויס הונגער...

# אַן אַרמײ

אַן אַלטער „סאַלון", וואָס בײנקט נאָך דעם אַמאָליגען רויך, די אַמאָליגע קאָסטאָמער און די אַמאָליגע „גוטע ליבע זאַכען", וועלכע מען מוז איצט זוכען „אין גערהיים".

עס איז דאָ די „באַר," און די גלאַנציג־אָפּגעשײערטע פאַרענצע פון מעש. עס זײנען דאָ די קײלעכדיגע שפּײ־קעסטלאַך פאַר די, וואָס זױגען „טשו־טאָבעקא". עס זײנען דאָ די שפּיגלען, ארום וועלכע עס שטעהען אויסגעשטעלט אַלערלײ גלעזער און פלעשער. אויף די ווענט הײנגען בילדער פון האַלב־שיכור'ע מאַטראָזען מיט פרעהליכע „כלות" בײ דער זײט; אפילו א „באַרטענדער" מיט א װײסען שירץ און ארויפגעקאַשערטע אַרבעל איז דאָ. אבער אויף אַלץ איז אויסגעגאָסען א לאַנגװײליגקײט. עס פעהלט די „נשמה" פון סאַלון. די „נשמה" ליגט ערגעץ באַהאַלטען... פרומע לײט האָבען איהר פאַרטריבען...

איך האָב זיך געשטעלט בײ דער „באַר" און געבעטען א גלאָז סאָדאַ, וואָס דער „באַרטענדער" האָט מיר דערלאַנגט מיט א מינע:

— זעהסט צו וואָס מיר האָבען זיך דאָ דערלעבט?... סאָדאַ... זיסע סאָדאַ...

און ער האָט געקוקט אויף מיר מיט כמעט שעהמעװדיגע בליקען, וואָס ער פאַרנעהמט זיך מיט אזא אונװירדיגער באַשעפטיגונג...

בײ אײן טישעל האָבען דרײ איטאַליענער געשפּילט אין קאָרטען און אַן דער זײט אין א ווינקעלע איז געזעסען אַן אײרישמאַן מיט א פאַנאַנדערגעשפּילטער שוירט, די אַרבעל פאַרקאַשערט, און קײענדיג „טשו טאָבעקא" האָט ער געקוקט אויף א וואַנט, וואָס איז געװעזען פוסט סאַי פון פאַליצעס מיט פלעשלאַך און סאַי פון

בילדער. אין טרינק־צימער איז געווען שטיל. ווען ניט ווען בלויז האָט אימיצער פון די שפּילער עפּעס געזאָגט, און דאַן פלעגט ווע־רען א גערודער אויף א ווײַלע, וואָס פלעגט אויפוועקען א גרויסע גראָהע קאַץ, וועלכע איז געלעגען רוהיג אויסגעצויגען און זיך געזשמורעט אויף א לאַנגען טיש. די קאַץ פלעגט אָבער באַלד ווי־דער זיך אײַנזשמורען, אזוי ווי זי וואָלט פאַרשטאַנען וואָס עס איז פאָרגעקומען, און געזעהן, אז עס איז קיין געפאַהר ניטאָ...

אין א פאַרשטעלטען ווינקעל פון סאַלון האָט זיך געטוליעט אײַנער אן אָפּגעריסענער, ווי ער וואָלט געזוכט אין וואַנט דעם ריח פון די אמאָליגע „גוטע זאַכען". ווען איך בין איהם פאַרביי־געגאַנגען און זיך פאַרנומען צו דער טהיר פון א צווייטען צימער, האָט ער מיר נאָכגעקוקט מיט הונגעריגע אויגען.

— קלאַפּ אָן אין טהיר דריי מאָל — האָט דער „באַרטענדער" מיר נאָכגעשריען.

עס איז מיר געוואָרען הייס ארום די אויגען.

אָבער איידער איך האָב נאָך באוויזען דורכצופיהרען דעם „באַרטענדער'ס" באפעהל, האָט זיך די טיר געעפענט און א האַלב־פאַרוואַקסענער פּנים מיט א צוריסענע העט אויפ'ן קאָפּ האָט מיר א שלעפּ געטאָן:

— קריך ניט, קום!

איך בין ארײַן.

דער צימער איז געווען געפּאַקט. מ'איז געזעסען אויף שטוהלען, טישלאַך, און אויף דר'ערד. איך האָב זיך ארײַנגעטוליעט אין א ווינקעל.

אימיצער האָט עפּעס געלעזען פאַר אלעמען און דערביי גע־מאַכט הייזעריגע און שפּייענדיגע באַמערקונגען. ווער דער „אימי־צער" איז, ווי ער זעהט אויס, האָב איך גלייך ניט געקענט באַמער־קען. דער געפּאַקטער צימער און די האַלבע טונקעלקייט האָט איהם פאַרשטעלט.

— געה, געדענק אַלץ, וואָס ער זאָגט דיר אָן — האָט אײַנער לעבען מיר געמאַכט א באַמערקונג.

ס'איז ארום געווארען א באוועגונג. דער עולם האט זיך אבי־סעל פארנאנדערגערוקט און ס'האט זיך צו מיר צוגעשארט א מענ־שעל אהן א ראק, אין א זיידענעם העמד מיט א סך שטרייפען פון אלערליי קאלירען, און א פאפיר און בלייפעדער אין האנד.

— דיין נאמען ?

איך זאג איהם.

— האסט אן אדרעס ?

איך זאג איהם אן אדרעס.

— מ'וועט דיך שיקען אין א „פארטי". וועסט פאהרען...

אט מיט דער פארטי — זאגט ער מיר און ווייזט אן אויפ'ן עולם שטילערהייט, אזוי ווי ער וואלט ניט געוואלט שטערען דעם, וואס האט געלעזען פון א פאפיער ווי זיך צו האלטען ביים ארויס־פארען פון שטאט, און די גאנצע צייט, פון דער „הייליגער דיענסט פאר'ן לאנד".

איך האב שוין געקענט זעהן, דעם, וואס האט געלעזען דאס פאפיער, א קיילעכדיגע באשעפעניש, מיט א פנים, וואס איז אין גאנצען שמאלציגע מארדע, וואס האט ענדיגענדיג יעדען זאץ זיך ארומגעקוקט. געקוקט אויף דער איינענער וועסט־קעשענע, און גע־קוקט אויפ'ן פינגער אויף וועלכען עס האט געבליצט א רינג.

דער עולם איז געזעסען און געשטאנען מיט אראפגעלאזענע קעפ. מ'האט אזוי ווי מורא געהאט צו קוקען איינער אויפ'ן צווייטען. אויסגעלאשענע אויגען ? — דאס זאגט נאך גאר ניט. פנים'ער געל ווי וואקס ? — ניין, זיי האבען גאר קיין קאליר ניט. גיכער איז דאס געווען אז עולם פון צודרעהטע העמדס, צוריסענע רעק, און שיך, וואס זיינען קיין שיך ניט, און אלץ צוזאמען איז דאס געווען א שטיק פארגליווערטע שלעכטע לופט...

דער אינסטרוקטאר זאגט אן:

„מ'וועט אייך פיהרען ביינאכט צו א צוג; פרעגט ניט וואו — געהט !"

„איהר'ט לעבען צוג באגעגענען מענשען, וואס וועלען אייך אנווייזען אין וועלכע וואגאנען אריינצוגעהן — פאלגט זיי !"

„אויפ׳ן צוג וועלען פארביי אייך פארביישפאצירען אויפ־זעהערס און אייך בעטען ווייזען די „נומערען״, וועלכע איהר׳ט קריגען — גיט זיי דאס!״

„אראפקומענדיג פון צוג וועלען אייך נאכגעהן סאלדאטען; אויפ׳ן וועג צו דער קווארטיר, וואו מען וועט אייך פיהרען, וועט איהר באגעגענען נאך סאלדאטען; פון קווארטיר צו דער „מאין״ וועלען אייך אויך באגלייטען סאלדאטען — האט רעספעקט פאר זיי!״

„רעדט ניט מיט קיין זייטיגע; רעדט אויך וואס וועניגער צווישען זיך — רעדט גאר ניט!״

דער אינסטרוקטאר האט געהאלטען זיין לעקציע און דער בארג צודרעהטע העטס און צוריסענע רעק, וואס איז געווען א שטיק פאר־גליווערטער שלעכטער ריח, האט געהערט און געשוויגען. פונ׳ם אינסטרוקטאר׳ס הייזעריגער שטים, וואס ריפעט און זעגט — זיינען די ווערטער זיינע געפאלען אין דער שטיקענדיגער לופט אריין ווי שטיקלאך לעהמענע שערבלאך.

ווען דער אינסטרוקטאר איז פארטיג געווארען מיט זיין לעק־ציע, האט מען אנגעהויבען איבערקלייבען דעם עולם פון דאס ניי. יעדער האט געדארפט אריינגעהן איינציגווייז אין א צימעריל פון דער זייט, וואו דערזעלבער אינסטרוקטאר און נאך איינער מיט געלע וואנצען און א הויכען בלאסען פארשוויצטען שטערען זיינען געזעסען און אויפגענומען יעדען באזונדער, און ווידער אויסגע־פרעגט און געגעבען אינסטרוקציעס.

צווישען עולם האט זיך באוויזען א ביסעל לעבען, ווען דער אינסטראקטאר איז ארויס פון גרויסען צימער און אריין אין קלע־נערען. דער בארג צוקרימטע העטס און צוריסענע רעק האט זיך א ריהר געטאן.

— די הינט זיינען צורייצט; זיי קענען נאך...

א צווייטער האט דעם, וואס האט אזוי אנגעפאנגען ריידען, ניט געלאזען ענדיגען:

— האסט מורא, צאצקעדיגער העלד? מיר׳ן די סטרייקערס,

די הינט, ווייזען, אז מיר זיינען אויך מענשען ! מיר דארפען אויך עסען !

— זעה נאר דעם „מאינער“, — האט איינער, מיט א פנים, וואס האט שוין לאנג אויף זיך קיין וואסער גיט געהאט, אויסגעשריען, דערביי אויסשטעלענדיג א פינגער, וואס האט אויסגעזעהן ווי א שטיקעל בליי.

אלע האבען זיך אומגעקוקט.

צווישען עולם איז געווען איינער מיט לאנגע האר, ווייט אריבער דער פלייצע, און מיט א בארד היבשלאך לאנג. די מענשען פון די פינסטערע געסלאך קענען איהם. ער איז דער מלסר זאגער. קיין זאך אויף דער וועלט געפעלט איהם ניט. מען רופט איהם „מאק רייקער“ (איינער וואס ראיעט זיך אין מיסט). און אויף איהם האט עס אנגעוויזען דער אויסגעשטעלטער פינגער, וואס האט אויסגעזעהן ווי א שטיקעל בליי.

— איכ׳ל אייך ווייזען, ווי איך קען גראבען — האט ער געענטפערט האלב באליידיגט, וואס מ׳האט ניט קיין צוטרויען צו איהם...

— יא, וועסט גראבען; וועסט גראבען דיין אייגענעם קבר, אלטער מיסטגרעבער וואס דו ביזט — האט אן אנדערער אריינגעשריען.

— זעה נאר דעם „מאינער“ ! — האט דער ערשטער ווידער אויסגעשריען.

— ביזט א הינטישער זוהן, — האט דער מיט די לאנגע האר זיך גענומען בייזערען, און זיך צוהוסט.

— שאראפ ! — איז געקומען א קול פון דער זייט.

— די ווערים האבען זיך שוין צוראיעט — האט איינער באמערקט צו מיר שטילערהייד.

— העי, דו קרעציגע הויט, דו פארדאמטער טייוועלשער ניגער, וואס קריכסטו אויף די פים? — האט זיך פלוצלונג פון דעם ערב רב דערהערט א קול, און א הילכיגער פראסק מיט א קוויטש האט אפגעקלונגען. דאס האט געמאכט אלעמען אנטשוויגען ווערען און

וועגדען זייערע בליקען צו א ווינקעל, וואו עס איז געוואָרען פּלוצ־לונג א געשלעג.

די שטילקייט איז אָבער באַלד איבערגעריסען געוואָרען פון א געשריי „סטאָפּ איט" פון איינעם, וועלכער האָט געטראָגען א וויי־כע, גראָהע העט מיט ברייטע, צודרעהטע ראַנדען און א ברייטען לעדערנעם גאַרטעל איבער די לענדען, פון וואַנען עס האָט ארויס־געקוקט די הענטעל פון א רעוואָלווער... עס איז באַלד ווידער געוואָרען טומעלדיג, אַזוי ווי מען וואָלט געוואָלט ווייזען דעם „שומר", אַז אַלעס איז ווי ס'דאַרף צו זיין. דער טומעל האָט אָבער ניט געקענט פאַרטויבען די קוויטשיגע קולות פון דעם געשלאָגענעם און צובלוטיגטען נעגער, וועלכע האָבען געריסען די צופּאַרעטע לופט אין צימער.

עס האָט זיך געעפענט די טיר פון'ם דערבייאיגען צימערל, וואו מען האָט געגעבען די באַזונדערע אינסטרוקציעס, און דער פריהעריגער אינסטרוקטאָר איז ארוים מיט א שמייכעל אויף זיין שמאַלציגען פּנים.

— העי חברה, וועט איהר קענען געבען אין מאָרדע, אַז מען וועט דאַרפען? — האָט ער הייזעריג אויסגעשריען און זיך צולאַכט.

— קענען, קענען! — האָבען עטליכע געענטפערט, און זיך ווי־דער צונויפגערוקט איינער צום צווייטען.

— וועסט אונז געבען רעוואָלווערען?—האָט איינער געפרעגט מיט א מינע פון א העלד.

— שאַראַפּ! — האָט דער אינסטרוקטאָר געענטפערט מיט א באַפעהל, און נאָך אַלץ לאַכענדיג.

— מיאום'ע בריאה, אַזעלכע זאַכען פרעגט מען ניט — האָט איינער זיך אָפּגערופען.

— איך פרעג ניט דיר — האָט דער העלד, וואָס האָט געוואָלט א רעוואָלווער, געזאָגט מיט כעס.

— ביזט אָבער א גרויסער אידיאָט.

— איכ'ל דיר באַלד א זעץ טאָן אין מאָרדע, דו, אונערצויגע־נער נפש.

— דו וועסט זעצן אנדערע אין מאַרדע — האָט דער אינס־טרוקטאָר זיך ארייגעמישט — זאָל זיין שטיל!

עס האָבן זיך באוויזן צוויי יונגע לייט, מיט גלאָט ראַזירטע, אָבער פאַרהאַרטעוועטע פּנים'ער און קליינע אויגעלאך. איינער האָט אָנגעהייבן צונויפשטעלן קליינע גרופּעס, דריי־פיער אין א גרופּע, און דער צווייטער האָט פאַרשריבן נומערן אויף קאַרטלאך. מ'האָט זיך געריכט אויף דער נאַכט.

---

לעבן יעדער גרופּע איז געווען א שומר. מיר זיינע גע־גאַנגען צו דער „פעררי" לעבן ליבערטי סטריט, וואָס האָט אונז געדאַרפט ברענגען צו א צוג ביז „מאַנהעטען דזשאַנקשאַן", און פון דאַרטן אונז אוועקשיקן ערגעץ אין פענסילווייניא, אדער אָהייאָ, אדער גאָר וועסט ווירדזשיניא.

עס איז שוין געווען גאָר שפּעט, ווען מיר האָבן זיך פריהער צוזאַמענגעקליבן אין א שטאַל, און פון דאַרט, מיט קליינע פּעקלאך אין די הענד און „נומערן" אין די קעשענעס אוועק צו דער פעררי. די ניו יאָרקער ברעגען זיינען געווען איינגעוויקעלט אין שווערע שאָטענס. פון איין זייט זיינען געשטאַנען די הויכע שטיינערנע געביידען ווי ריזיגע בערג פון שאָטענס, אויסגעהאַקט און אויסגעמאָדעלירט פון שווערע הענד. און פון דער צווייטער זייט האָט זיך געוויקעלט א טיעף־שוואַרצע פינסטערקייט פון דעם האַדסאָן, איבער וועלכען די פעררים האָבן זיך פויל און פאַרשלאָ־פען געשאַרט.

דער שומר פון אונזער גרופּע איז געווען אָנגעטאָן אין אן אויס־געריבענעם ראָק, מיט איין פאָלע אָפּגעריסען, און איז געגאַנגען מיט א פאַנאַנדערגעשפּילטע האָריץ, פון וואַנען עס האָט ארויס־געקוקט א שטיק האָריגע ברוסט.

איך האָב עפּעס געהאַט א צוטרויען צו איהם און זיך געפּיהלט זיכער לעבן זיין אָפּגעריסענער פאָלע. איך בין געגאַנגען מיט נאָך דריי „ברידער" און זיך מעהרער צוגעהערט צו דער לייכטער קלאַפּעריי פון אונזערע טריט ווי צו עפּעס אנדערש. עס האָט זיך

מיר אלץ געדאכט, אז די קלאפעריי פון אונזערע טריט איז געווען הויך, אז מענשען זאלען זיך צונויפקומען קוקען אויף אונז...

ביי דער פעררי זיינען מיר געווען איבער הונדערט מאן. קיי־נער האט מיט קיינעם ניט גערעדט. מ'איז געשטאנען און זיך ארומגעדרעהט שטיל. שאטענס מיט אויסגעקרימטע פנים'ער.

אין דעם ווייטען אפהילכענדען פייף פון אנקומענדע פעררים אויף דעם ביינאכטיגען האדסאן האט זיך געהערט אימיצענס א יאמער...

אויף דער פעררי האב איך אנגעבאטען דעם שומר פון מיין גרופע א פאפיראס. מיינע „חברים" האבען אויך גענומען. עס זיי־נען צוגעקומען שומרים פון אנדערע גרופעס. מיין שאכטעל פאפי־ראסען איז געווארען אלעמענס. און ווען די שומרים האבען זיך צווישען זיך פארנאנדערגערעדט האב איך פארפיהרט א שטילען שמועס מיט מיינע „חברים".

— שוין לאנג אהן ארבייט?

— געדענק שוין באלד ניט, ווען כ'האב געארבייט.

דער וואס האט מיר געענטפערט איז געווען מיט אן איבער־געצויגענע אויג און אונטער'ן מארדע איז ביי איהם געווען א שראם, אזוי ווי א לאנגער צוגענעהטער שניט.

— אודאי א ווייב צו ערנעהרען, און קינדער?

ער האט מיך א ווײלע אנגעקוקט מיט חשד, געווארפען א בליק אויף די שומרים, צווישען וועלכע עס איז אויך געשטאנען אונזער שומר, און דאן שטיל געזאגט:

— בעסער זיך דא ארפצולאזען...

ער האט אנגעוויזען אויפ'ן האדסאן און ווידערהאלט:

— בעסער זיך ארפלאזען דא, ווי זיך ארפלאזען דארטען, אין א „מאין"...

די אנדערע צוויי „חברים" פון אונזער גרופע האבען צווישען זיך געהאט א שטילען שטרייט צי מען קען בויען א בריק איבער'ן האדסאן... און ווען מען וואלט געקענט און געבויט, וואלט אודאי געווען א סך ארבייט...

איינער פון א דערבייאיגער גרופע האט געוויקעלט זיין פע־קעלע ארויסצונעהמען א קעז־סענדוויטש, וואס מ'האט יעדען גע־געבען. עטליכע האבען איהם גענומען נאכטאן. עס איז געווארען א געמורמעל און פלוצלונג אויך א הויכע שמועסעריי. עס איז אנטקעגען געקומען א פעררי מיט געשרייען פון עטליכע טרובעס. אונזער פעררי האט גענגטפערט מיט א ברום און ווידער איז שטיל געווארען. עס האט זיך געהערט דאס וואַרפען פון וואסער, וואס אונזער פעררי האט געשניטען.

אויפ'ן הימעל האט זיך געטראגען א שטיק רויכיגער וואלקען. די שטאדט — פון איין זייט ווינקענדיגע פייערלאך צווישען שווע־רע שאטענס. פון דער צווייטער זייט, ברייטע פוסטע געביידען ווי שלאפענדע חיות. אויפ'ן האדסאן גופא ווייטע אנגעצונדענע לעמפ־לאך אויף פעררים, ווי די פינסטערקייט וואלט געל־גלאנציגע אויגען אויסגעשטעלט...

אויף דער אנדערער זייט האט מען אונז אריינגעפאקט אין וואגאנען אויף א צוג. עס איז געווארען א שטויסעריי. מ'האט געוואלט פארכאפען פלעצער זיך אויסצוציהען אביסעל. עס איז גע־ווארען א הייסע דומפע לופט.

— טפוי, הינטישע זיהן! — האט איינער אויף אן ארט צו זיך אליין גערעדט.

— פארפוילטע מייז — האט א צווייטער אפגעענטפערט און אויך צו זיך גערעדט.

— פאר א טרונק וואסער וואלט איך אוועקגעגעבען מיינע שיך — באמערקט ווער.

— און וואס וואלסטו געטאן מיט דיינע ווערימדיגע פיס? — פרעגט איהם א „חבר“ פון זיין גרופע.

— ביזט אליין ווערימדיג, דו קרעציגע קאץ — ענטפערט איהם דער דורשטיגער.

— „שאראפ דהער!“ — שרייט איינער פון א ווינקעל.

איך האב זיך איינגעטוליעט אויף מיין פלאץ, וואס איז געוועזן געגענאיבער א פלאץ פון א כינעזער. דער כינעזער האט געפרע־

פעלט מיט די ליפּען. יעדע ווײַלע פאַרמאַכט די אויגען און געעפענט, און געקוקט אויף מיר מיט אַן אויסגעקרימטען שמייכעלע. מיר איז געוואָרען אונהיימליך.

אין וואַגאָן האָבען זיך פּלוצלונג באַוויזען צוויי חברה מיט עמערס „לעמאָנאַדע", צו פאַרקויפען צוויי סענט אַ גלאָז. עס איז שוין געווען אין מיטען נאַכט. די „געשעפטס־לייט" זײַנען געווען פאַרשלאָפען און שווייסיג. די „לעמאָנאַדע" איז געווען וואַסער מיט שטיקער לימאָנע אַרײַנגעוואָרפען. עס האָט אויסגעזעהן ווי עפּעס, אין וואָס מען האָט ערשט געוואַשען ניט קיין ריינע זאַכען. אָבער מ'האָט עס באַלד צוכאַפּט. עס איז געוואָרען אַ גע־דרענג און אַ געשריי. איינער ביים צווייטען האָט געכאַפּט די עטליכע גלעזער, וואָס די „געשעפטס־לייט" האָבען געבראַכט מיט זיך, און זיי האָבען דערפאַר פאַרזעהן ווער עס נעהמט און ווער ניט. זיי האָבען געשריען און געשאָלטען און מען האָט זיי געענט־פערט אויף צוריק...

איך בין אַרונטער פון צוג אין מיטען נאַכט און זיך געפונען אין איינעם פון די קליינע שטעטלאַך נעבען דזשוירזי סיטי. די שטעטעל האָט געשלאָפען פאַרוויגט, רוהיג און צופרידען. איך האָב אָפּגע־זוכט מיין וועג צוריק נאָך ניו יאָרק. ביים ניו יאָרקער ברעג האָט זיך שוין די נאַכט געבראָכען, און דער פריה־מאָרגען האָט זיך געריסען אויפ'ן האָדסאָן אַרויף. אימיצער האָט פון הימעל געשאָ־טען זילבער אויפ'ן האָדסאָן. אַ שיף האָט זיך צושריען. עס האָט עפּעס שטום געמאָהנט...

## „עדי“

פאַרוואָס עדוואַרד מעקלאַרי איז באַליבט ביי זיינע קויהלען־גרעבער איז זיך ניט צו חידוש'ן. עדוואַרד מעקלאַרי'ן מוז מען ליעב האָבען. ס'איז עפּעס דאָ אין זיין אויסזעהן, וואָס ציהט צו מענשען. און ניט דוקא קויהלען - גרעבער זיינען זיינע פּאַטריאָטען. עדוואַרד מעקלאַרי'ן האָט מען ליעב וואו נאָר ער באַווייזט זיך. עס איז גענוג אז מען זאָל אין פיהרער־קרייזען דערמאָנען דעם נאָמען „עדי“, ווייסט מען גלייך, אז מען מיינט דעם הויך־געוויקסיגען פיהרער פון די קויהלען־גרעבער, דעם שלאַנקען, בלאָנדען יענקי, מיט דעם שטאָלצען קאָפּ און די ליבטיג בלויע שמייכלענדיגע אויגען.

פאַרבייגעהן עדי'ן גלייכגילטיג, קען מען זיך כמעט ווי גאָר ניט פאָרשטעלען. קוים זייט איהר נאָר באַקאַנט מיט איהם, מוזט איהר ווען איהר טרעפט זיך מיט איהם, אויסשרייען הויך אויפ'ן קול:

— העללאָ, עדי!

טאָמער טהוט איהר דאָס ניט, פאַרדריסט דאָס אייך נאָכדעם. איהר פיהלט דאַן, אז איהר האָט געהאַט אַ געלעגענהייט אריינצוקוקען אין אַ פּאָר מילדע אויגען, וואָס וואָלטען דערוואַרימט אייער האַרץ, און איהר האָט זיך מיט דעם ניט באַנוצט.

קיין רעגעלער אמת'ער קויהלען־גרעבער איז עדוואַרד מעקלאַרי כמעט ניט געוועזען. ער איז אַריין ארבייטען אין אַ קויהלען גרוב; און ווערענדיג באַלד באַליעבט און פּאָפּולער, איז ער גלייך ערוועהלט געוואָרען אַלס אַ באַאַמטער אין דער יוניאָן; און זייט דאַן איז ער אַ „באַוועגונגס מענש“.

אונטער דער צייט האָט ער שוין אפילו געהאט אויפגעגעבען די יוניאָן־ארבייט און זיך צוריק אװעקגעלאָזען װאַנדערען איבערן לאַנד, אַזוי ווי ער האָט דאָס געטאָן, איידער ער איז אריין ארביי־טען אין קוילען גרוב. אָבער דאָס מאָל האָט זיין װאַנדערען לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. אין אינערליכע שטים האָט איהם גערופען צו־ריק אין שטאָט.

ווי לאַנג ער װעט בלייבען אין שטאָט, ווייסט ער אליין ניט. כאָטש ער איז שוין אַלט א יאָהר עטליכע און פערציג און האָט א פרוי מיט קינדער, און איז א געזעצטער מענש מיט א רעפּוטאַציע, כאַפּט איהם נאָך פונדעסטװעגען אָן א װאַנדערונגס לוסט. פּלוצ־לונג װערט איהם די שטאָט און דער אומרוה פון יוניאָן־לעבען א שװערע לאַסט, עס װילט זיך איהם אַלעס אויפגעבען, אראָפּװאַר־פען פון זיך אַלע פליכטען, און אַזוי ווי אין די יונגע יאָהרען זיך ווידער אװעקלאָזען איבער די ברייטע פּריירים, הויכע בערג, טיפע װעלדער און שטילע זינגענדיגע טייכלאַך. ער איז טאַקי געקומען צוריק, אָבער ער׳ט נאָך ווידער אװעק.

— איך װעל עס נאָך זיכער טאָן — זאָגט ער אָפט צו פריינד.— עפּעס איז מאָדנע אומעטיג אומעטום...

מיין באַגעגעניש מיט איהם איז געװען ביי די „ניאגרא פאַללס“. עס איז געװען אין א װינטער פריהמאָרגען. איך האָב איהם גע־טראָפען איינגעוויקעלט אין א גרויסען לאַנגען מאַנטעל, זיך צוהע־רענדיג צו דעם געזאַנג פון די פאַלענדע װאַסערען.

מיר זיינען אװעק אויף א שפּאַציר.

— עפּעס דאַכט מיר, אז מיר טומלען זיך גלאַט אין דער װעלט אריין... װיעדער א סטרייק, װייטער א סטרייק, װאָס קומט ארויס פון דעם?...

מיר האָבען שפּאַצירט ביי די ברעגען פון די „פאַללס“. די פריהמאָרגען לופט איז געװען קאַלט און שאַרף. קיין װינטעל. דער הימעל איבער אונז איז געװען טיעף־בלאָה. פון איין זייט האָבען זיך פאַר אונז געשפּרייט װייס־פאַרשנייטע פעלדער מיט װאו־ניט־װאו א הייזקע, װאָס האָט מיט דעם שניי אויף איהר אויסגעקוקט

ווי זי וואלט אין א ווייסען קיטעל געווען אנגעטאן. און פון דער צווייטער זייט זיינען געשפרונגען די גרינגע וואסערען, איבער די שטיקער אייז, וועלכע האבען זיך געדרעהט אין די וואסערען, און אין דער פריהמארגען לופט אויסגעזעהען ווי שטיקער שפיגעל־גלאז...

עדי איז וואס ווייטער געווארען מעהר רעדעוודיג:

...נאך אלס קינד האב איך אנגעפאנגען וואנדערען. מיין טאטע־מאמען געדענק איך קוים. זיי זיינען געשטארבען, ווען איך בין אלט געווען א יאהר זעקס־זיעבען. איך בין געווען א בן־יחיד ביי זיי. ווען איך בין אלט געווען א יאהר צעהן, בין איך אוועק ארביי־טען. אבער לאנג בין איך ביי דער ארבייט ניט פארבליבען. איך האב אן אומרוהיגע נאטור. ניט קענענדיג איינלעבען זיך און צו־געוועהנען זיך צו א וועלכער עס איז ארבייט, בין איך אוועק וואנ־דערן איבערן לאנד. איך וויים ניט אויב עס איז דא א ווינקעל, וואו איך בין ניט געווען. אבער זיך אויפהאלטען אין די גרויסע שטעט האב איך קיינמאל ניט געקענט. עס האט מיר אלע מאל מעהר געצויגען צו די בערג און צום וואלד. אין איין וואלד, אין „מוירסער טרעים", ערגעץ אין קאליפארניא, בין איך אבגעווען עטליכע חדשים צייט. איך האב זיך דארטען באגעגענט מיט נאך וואנדערער. מיר האבען פון צווייגען פון בוימער אויסגעפלאכטען א הייזקע. איך זאג אייך עס איז געווען א גאנצער פאלאץ. מיר האבען דארטען געהאט אונזערע סעודות, אן אינטערעסאנטע צייט געווען...

...אז מיר פלעגען באשליסען צו האבען אן אמת'ע סעודה, פלעגען מיר זיך א לאז טאן צו א „פארם" גנב'נען „טשיקענס". און ווייסט איהר ווי מיר פלעגען עס טאן? מיר פלעגען אויף א ברעג פון א שפולקע „קאטען" אנבינדען א סארט „קרוטשאק". אויפן „קרוטשאק" פלעגען מיר אנטשעפענען עפעס אן עסענווארג, וואס „טשיקענס" לויפען נאך דעם נאך. די שפולקע „קאטען" פלעגען מיר האלטען אין קעשענע, און דעם „קרוטשאק" מיט די עסענ־ווארג אויפן ברעג „קאטען", פלעגען מיר ארויסווארפען לעבען א

„פארם", וואו עס שפאצירען ארום „טשיקענס". א „טשיקען" פלעגט צולויפען כאפען דאס עסענוואַרג, און ארײנכאפענדיג דאס עסענוואַרג פלעגט זי מוזען אויך ארײנכאפען אין מײלכעל דעם „קרוטשאַק", וואס שטעכט, אויב מען ציהט עס: האט זי שוין גע־מוזט ווערען אונזער קרבן... ווארים, אין דער זעלבער צייט פלעגען מיר זיך געהן אונזער גאנג, און געהענדיג האט זיך די „קאַטען" אונזערע נאכגעשלעפט פון דער קעשענע ארויס, און די „טשיקען" האט געמוזט מיטגעהן, ווייל זיך רייסען פון „קאַטען" האט זי ניט געקענט צוליעב דעם ווייטאג, וואס דער „קרוטשאַק" וואלט איהר פארשאפט. אזוי פלעגען מיר אוועקפיהרען די „טשיקען" ווייטער פון „פארם", דאן כאפען איהר, און אוועק מיט איהר אין אונזער „פאלאַץ" אין וואלד אריין, און זייט זיכער, מיר האבען שוין דאן געהאט אן אמת'ע „טשיקען פאדי"...

...איך וועל קיינמאל ניט פארגעסען די שטילע נעכט אין יענעם טיעפען וואלד. ארום דעם וואלד „מוירסער" שלענגעלט זיך דער „מאדעסטא ריווער". פלעגען מיר ליגען ביים ריווער פאזע וואלד, און זיך צוהערען צו די מעשה'לאך, וואס עס פלעגט אונז דערצעהלען דער „אלטער מאטראָז", וואס איז געווען צווישען אונז. ער פלעגט אונז דערצעהלען מעשה'לאך פון ים, און ער פלעגט אונז מיט דעם האלטען פאר'בישופ'ט. איך בין דאן געווען אין א צויבער־וועלט. איך בין אבער שפעטער פארקראָכען אין א „מאי־נינג קעמפ". האב זיך פארליעבט אין א מיידעל, אין א טאָכטער פון קויהלען־גרעבער. איך בין שוין דאן געווען אלט א יאָהר צוואנ־ציג. איך בין געווען הויך, און זי, די געליבטע מיינע איז געווען א קליינינקע, א צאַרטינקע, נאר מיט גרויסע אויגען, וואס האבען גע־לויכטען ווי טויזענד זונען. און זי, די קליינינקע, האט אויף מיר געהאט מעהר ווירקונג ווי ווער עס איז אויף דער וועלט. צוליעב איהר בין איך אריין ארבייטען אין קוילען גרוב, פון וואנען איך בין ארויסגעקומען א — יוניאָן־פיהרער.

...און איצט ווילט זיך צוריק אין וואלד. עס ציהט מיך אהין, וואו מען לעבט אָהן טעאַריעס און אָהן בעשטימטע אויפגאבען, אזוי ווי דער פויגעל, וואס טראָגט זיך מיט'ן ווינד, אזוי ווי די

ענטלאף, וואס שווימען ארום אין די טייכען ארום די „ווילע־דזשעס"... און איך וועל זיכער געהן צוריק אהין...

עדי האט בעת׳ן ריידען געלאכט. זיין געלעכטער האט זיך וויילע־ווייז צוקייקעלט איבער די ווייסע פעלדער ארום, און געשניטען שארף די שארפע לופט.

מיר האבען זיך אפגעשטעלט ביי דער וואנט פון די „פאללס", וואו דער וואסער פאלט אראפ פון הויכען ברעג אין טייך־גרוב אריין. דער פאל פון די וואסערען האט געקלונגען אין דער לופט אריין, און עס האט זיך געדאכט, אז פונקט אזא קלאנג קומט אויך פון דערבייאיגען וואלד, וואס איז געשטאנען אנגעטאן אין ווייסען פון דעם געפאלענעם שניי, און די צווייגען אויף די ביימער האבען דערפאר אויסגעקוקט אזוי ווי הערנער פון גרויסע ווייסע חיות.

פארביי אונז איז פארבייגעפלויגען א בלאהער פויגעל, וואס האט זיך געטראגען מיט דעם לויפענדען וואסער ערגעץ אין דער ווייטקייט אריין.

עדי האט א ציטער געטאן...